פון זעלבן מחבר

דער קוואַל פון אונדזער אייביקייט

מעלבורן ה׳תשכ״ד

אויב מיר ווילן האָבן אַ הייליק לאַנד —

מוזן מיר צוערשט דאָרט הייליקע אַרבעט אַריינלייגן.

גערדרוקט אין אויסטראַליע

אין דער דרוקעריי פון א. און ה. באַכראַך

הרב ד״ר יצחק ראַפּאַפּאָרט

# מיין שטאַרקייט
# און
# מיין געזאַנג

אָפּהאַנדלונגען וועגן קיום און המשך

פון יידישן פאָלק

מעלבורן היתשכ״ו

היל זיך איין אין די הייליקייטן פון דיין יידישן קיום —
און אַ פאַרהייליקטער יידישער המשך וועט דיך אויף
אייביק אַרומרינגלען.

In honour of

Mr. Max Shiff, J.P., and Mrs. Shiff

**לכבוד**

ר׳ משה בן ר׳ אברהם

וזוג׳ מרת פייגע בת ר׳ יעקב

יחיו

# אינהאַלט

In memory of

Master Sydney Revelman

G. R. H. D. S.

לזכר

הילד שלמה בן ר׳ מרדכי

ע״ה

## דער צוועק פון דעם בוך

אַריינפיר־וואָרט

מיט די דאָזיקע שורות מאַך איך איצט פערטיק מיין צווייטן באַנד אָפּהאַנדלונגען וועלכע עס איז מיר אויסגעקומען צו פאַר־פאַסן אין די לעצטע פאַר יאָר. און די ערשטע זאַך וואָס איך וויל דאָ טאָן איז אויסצודריקן מיין טיפן לויב און דאַנק צום הימל פאַרן גרויסן זכות וואָס איז מיר היינט געגעבן געוואָרן. דאָס איז דער זכות פון צוקוקן זיך ווי אַזוי דאָס קינד פון מיינע מחשבות דאַרף באַלד אָננעמען די געשטאַלט פון אַ גאַנץ באַ־שיידענעם בוך.

זאָל מיר טאַקע באַשערט זיין צו זען אויך דעם טאָג ווען אָט דאָס בוך מיינס וועט זיך ענדלעך באַווייזן אין דרוק, און ווען עס וועט האָפנטלעך — מיט מזל און ברכה — פאַרשפּרייט ווערן וואו נאָר אַ יידיש וואָרט ווערט נאָך געלייענט.*)



---

*) מיין ערשטער באַנד אָפּהאַנדלונגען — **דער קוואַל פון אונדזער אייביקייט** — איז דערשינען אין מעלבורן אין 1964. איך האָב דאָרט באַהאַנדלט פאַרשידענע יידישע פּראָבלעמען, און אַלע מאָל האָב איך אין זיי אַרויסגעהויבן דעם מאָטיוו פון דער ריינער יידישער אמונה. איך האַלט אַז די יידישע אמונה — דער רעליגיעזער גלויבן אונדזערער — איז דער העכסטער סך־הכל פונעם גאַנצן לעבן אונדזערן, אַלע מאָל און אומעטום. און דאָ קאָן איך נאָר זאָגן, אַז עס וואָלט זייער כדאי געווען אַז דער חשובער לייענער זאָל זיך באַקענען מיט דעם וואָס **דער קוואַל פון אונדזער אייביקייט** קאָן אים געבן.

יצחק ראַפּאַפּאָרט

וואָס וויל איך באַצוועקן מיט די אָפּהאַנדלונגען וואָס זענען דאָ פאַרעפנטלעכט ?

וואָס איז דער ציל פון די געשיכטלעכע איבערבליקן און די יום־טוב מעדיטאַציעס און די ביאָגראַפישע פּאָרטרעטן און די פּאָלעמישע אַרטיקלען און די מערערע אַנדערע עסייען מיינע וועלכע איך האָב דאָ צונויפגעקליבן ?

באַלד פון אָנהויב וויל איך אונטערשטרייכן, אַז דער לייע־נער וועט דאָ נישט געפינען נישט קיין שרייבערישע אויפטו־עכצער און אויך נישט קיין וויסנשאַפטלעכע אויספאָרשונגען, ווייל גאַנץ פשוט, איך בין נישט קיין שרייבער אינעם אָנגענו־מענעם זין פון וואָרט און איך בין אויך נישט קיין וויסנשאַפט־לער.

נאָר וואָס בין איך אויסן געווען אין אָט דער זאַמלונג מיינער ?

אויפן שער־בלאַט איז דאָס בוך באַצייכנט אַלס אָפּהאַנד־לונגען וועגן קיום און המשך פון יידישן פאָלק, און אין די וויטערדיקע זייטלעך באַמי איך זיך דעם גאַנצן ענין אַ סך ברייטער אַרומצורעדן. דערווייל זאָל מיר דערלויבט זיין צו באַמערקן אָט וואָס.

אין מיין טאָג־טעגלעכער אַרבעט בין איך אַריינגעטאָן די גאַנצע צייט אין אָנגעלעגנהייטן וואָס האָבן אַ שייכות מיט די וויכטיקסטע פּראָבלעמען פון אונדזער יידישער עקזיסטענץ.

דאָ אין מעלבורן אַליין בין איך שוין רב העכער דרייצן יאָר. און העכער דרייצן יאָר בין איך שוין דאָ אויך אב בית־דין פונעם מעלבורנער בית־דין. און אַלס אַזעלכער בין איך אינער־לעך פאַרבונדן מיט די אינטימסטע פּאַזן פון אונדזער יידישן לעבן — אַ לעבן וואָס איז ביי אונדז נישט אַנדערש ווי עס איז אין צענדליקער אַנדערע יידישע קהילות. סדנא דארעא חד הוא. און אַזוי ווי אַ סך פון די דאָזיקע פּאַזן זענען אויסערגעוויינלעך צערודערט אינעם היינטיקן דור, האָב איך זיך אָפטמאָל געפילט געצוואונגען צו נעמען — אַזוי צו זאָגן — אַ וואָרט אין דעם גרויסן ווירוואר וואָס הערשט איצט אַזוי פיל געביטן פון אונ־דזער עקזיסטענץ.

איך האָב אַזאַ וואָרט גענומען — און אויך ־וויפיל איך האָב

געקענט, האָב איך עס אויסגעדריקט דאָ אין מײַנע אָפּהאַנדלונ־
גען. דאָס איז די כוונה פון מײַן איצטיקן בוך.

*

פון אומעטום אין דער ייִדישער וועלט הערן זיך הײַנט
שטימען פון שוואַכקייט און פון שטופּנווייזער צעפאַלונג. צוויי
אַזעלכע שטימען זענען לעצטנס געהערט געוואָרן אין צענטערס
פון די גרעסטע ייִדישע ישובים — און נישט סתם זיך אַזוי
אין אַ פּראָוויציעלער שטאָט ווי מעלבורן — און איך וויל זיי
דאָ ציטירן ווייל זיי האָבן געהאַט אַ שווערן אָפּקלאַנג אין אַלע
אונדזערע ישובים.

זיצט זיך אַ באַקאַנטער ייִדישער געלערנטער אין זײַן אַר־
בעט־צימער — ער איז אַ פּראָפעסאָר אין איינעם פון די
אוניווערזיטעטן אין ניו־יאָרק — און ער שרײַבט אַ סאָציאָלאָ־
גישע אָפּהאַנדלונג אין צוזאַמענהאַנג מיטן הײַנטיקן ייִדישן ישוב
אין אַמעריקע. איך קאָן דיר אָנגעבן דעם נאָמען פונעם פּראָ־
פעסאָר און אויך פונעם זשורנאַל אין וועלכן ער האָט זײַן אָפּ־
האַנדלונג דאָ נישט לאַנג צוריק פאַרעפנטלעכט.

אַ שטימונג פון אַן אויסערגעוויינלעכן פּעסימיזם —
שרײַבט דער דערמאָנטער געלערנטער — באַהערשט הײַנט־
צו־טאָג ברייטע קרייזן פונעם אַמעריקאַנער ייִדנטום און
זיינע פירער. אונדזער ייִדישער ישוב דאָ לעבט איצט אין
באַדינגונגען פון גרויסן וואוילשטאַנד — כמעט אין גאַנצן
פריי פון יעדער אַנטי־ייִדישער דיסקרימינאַציע און כמעט
פריי פון יעדער אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע — און
דאָך זענען אַ סך אַמעריקאַנער ייִדן באַאומרואיקט וועגן
דער צוקונפט פון זייער פאָלק סיי אין אַמעריקע און סיי
אין אַנדערע לענדער.

דאָס איז די שטימע פון ניו־יאָרק — שטימע נומער איינס.
שטימע נומער צוויי לאָזט זיך הערן פון ערגעץ אַנדערש און איז
נישט ווייניקער וואָגיק.

שטייט אַ פּרעזידענט פון אַ ייִדישער וועלט־אָרגאַניזאַציע
אויף דער בינע פון אַ גרויסן זאַל אין ירושלים, און ער רעדט
— מיט אַ פײַערדיקן פּאַטאָס — צו אַ פיל־טויזנט־קעפּיקן עולם
וועלכער איז זיך צוזאַמענגעקומען פון דער גאַנצער ייִדישער

וועלט. איך קאָן דיר אָנגעבן דעם נאָמען פון אַט דעם פּרעזי־דענט און אויך די דאַטע פון דער געלעגנהייט ווען ער האָט זיין וויכטיקע רעדע דאָ נישט לאַנג צוריק געהאַלטן.

די לאַגע פון דעם וועלט־יידנטום — האָט דערקלערט דער דערמאָנטער פּרעזידענט און מנהיג — זעט אויס צו זיין היינט־צו־טאָג בעסער ווי ווען עס איז געווען פריער אין די גלות־לענדער. מיר האָבן געוואונען דעם קאַמף פאַר פּאָליטישער עמאַנציפּאַציע, אַנטיסעמיטיזם באַדראָט אונדזער עקזיסטענץ נישט מער, דאָס רוב ישובים אונ־דזערע לעבן אין וואוילשטאַנד, און אַפילו אין מזרח־אייראָפּע לעבן די יידן נישט מער אין הונגער און נויט ווי דאָס איז געווען ביז מיט אַ דור צוריק. און דאָך איז אַ גרויסער טייל פון אונדזער פאָלק — און באַזונדערס פון אונדזער יוגנט — באַדראָט פון אַן אַנאָנימען פּראָצעס פון יידישער אויסטרוקעניש און צעפאַלונג.

דאָס איז די שטימע פון ירושלים — פון דער הייליקער שטאָט ירושלים — און דער פּרעזידענט פון דער יידישער וועלט־אָרגאַניזאַציע האָט געוואָרנט דעם פּיל־טויזנט־קעפּיקן עולם אַז זיי זאָלן נישט גלויבן, אַז די אַנטשטייאונג פון דער יידישער מדינה האָט שוין געלייזט דעם יידישן פּראָבלעם אין דער וועלט.

ער האָט זיי געוואָרנט אַז עס איז אַ געפערלעכע אילוזיע אָנצונעמען, אַז ווייל מיר האָבן אַ מדינת־ישראל איז דער יידי־שער המשך שוין מער נישט אין סכנה.

ערנסטע שטימען און גאונישע דיאַגנאָזעס — די פונעם פּראָפעסאָר אין ניו־יאָרק און די פונעם פּרעזידענט אין ירושלים.

אָבער אַ דיאַגנאָזע איז איין זאַך און אַ רפואה איז אַן אַנדערע זאַך. און קיין רפואה האָבן זיי ביידע נישט אָנגעבאָטן — לכל הפחות נישט אַזאַ רפואה וואָס זאָל זיך לייגן אויפן שכל — אַזאַ רפואה וואָס זאָל שטילן אונדזער באַאומרואיקט געמיט.

*

דו, מייך חשובער לייענער, האָסט מסתמא די דאָזיקע צוויי שטימען אויך געהערט. בעצם הער איך אַזעלכע שטימען יעדע

פאַר וואָכן — אין משך פון מיין גייסטיק־רעליגיעזער אַרבעט. איך ווייס אַז זיי זענען אמת, זיי באַשרייבן געטרוי די תקופה פון יידישער צעמישונג אין וועלכער מיר לעבן היינט, און פון צייט צו צייט רוף איך זיך אויף זיי אָפּ, ווייל זיי האָבן אין זיך די טיפסטע נויטווענדיקייט.

אייגנטלעך איז דער דאָ־פאָרעפנטלעכטער מאַטעריאַל אַן אויסדרוק פון דעם אָפּרוף מיינעם — אין איין פאָרם אָדער אין אַן אַנדערער — און פון טיפן האַרצן טו איך איצט תפילה, אַז מיינע מחשבות דאָ זאָלן צוהעלפן דעם יידישן מענטש צו געפינען זיין פאַסיקן און זיכערן אָרט אין דער מאָדערנער וועלט.

*

ניין, דאָס איז נישט קיין ליטעראַרישע שאַפונג וואָס איך גיב איצט איבער צו דער יידישער עפנטלעכקייט. איך האָב נישט קיין פּרעטענזיעס צו זיין אַ ליטעראַט, פּונקט אַזוי ווי איך האָב זיי נישט געהאַט מיט העכער אַ יאָר צוריק ווען מיין ערשטער באַנד אָפּהאַנדלונגען איז אַרויסגעקומען.

איך בין אַ שמש אין דער שול פון דעם יידישן פאָלק. דער אָוונט פון אַ גייסטיקער פינצטערניש — דאַכט זיך אונדז — פאַלט צו, און אַזוי, ווי דער שמש פון פאַרצייטנס, האָב איך זיך היינט דערנענטערט צו דער מנורה אונדזערער און געוואָלט אָנצינדן אַ מין ליכטל פאַר דעם יידישן מענטש — אַ ליכטל אין דער צייט ווען מיר זענען אַרומגערינגלט מיט אַזוי פיל שוואַרצקייט פון אַלע זייטן.

אָדער אין אַנדערע ווערטער:

סיי אין מיין פריערדיקן בוך אונטערן נאָמען דער קוואַל פון אונדזער אייביקייט און סיי אין מיין איצטיקן בוך אונטערן נאָמען מיין שטאַרקייט און מיין געזאַנג האָב איך צוגעטראָגן צו מיין פאָלק אַ באַזונדערס דרינגענדע אויפקלערונג. איןביידע ספרימלעך מיינע האָב איך פּרובירט זיך אינטים מיט זיי צונויפצורעדן וועגן פראַגן וועלכע רירן אָן די סאַמע וועזנטלעכסטע פונדאַמענטן פון אונדזער יידישן לעבן.

אַ דיאַלאָג האָב איך מיט זיי געפירט. אַ נשמהדיקן דיאַלאָג. נאָך אַמאָל און ווידער אַמאָל האָב איך צו מיין מיט־ייד

גערופן אַז מיר זאָלן זיך דרינגענד פאַרנעמען מיט אונדזער קיום און המשך. און נאָך אַמאָל און ווידער אַמאָל האָב איך אָנגעוויזן אויף אונדזער אויפגאַבע צו פאַרפעסטיקן די דערמאָנטע פונדאַמענטן — און נישט נאָר מיט אונדזערע ליפּן נאָר אויך מיט אונדזערע הערצער.

אַזוי אַרום האָט דאָס בוך מיינס אַ דורכאויס פּראַקטישן צוועק. ווי פאַרשידן די אָפּהאַנדלונגען זאָלן נישט זיין אין זייער טעמאַטיק — האָבן זיי דאָך כמעט אַלע איין און דעם זעלבן ציל —

— דאָס איז דאָס יידישע לעבן... — זאָג איך צו מיין לייענער — לאָמיר גיין און זיך פירן לויט אים.

*

דערוויל — אַזוי ווי די לאַגע איז איצט — זענען מיר גאָר שטאַרק דערווייטערט פון יידישער אמתדיקייט. און עס איז בפירוש נישט גוט — און שוין גאָרנישט בכבודיק.

בעצם האָב איך מער ווי איין מאָל געוואָלט זיך צוריקהאַלטן פון אויסדריקן אַזעלכע געדאַנקען, אָבער דאָס האַרץ וויל נישט שווייגן. עס איז טיף באַזאָרגט אַז מיר זאָלן אין אונדזער דערווייטערונג נישט דערגיין ביז צו אַ פּונקט פון וועלכן עס איז חס וחלילה קיין צוריקקער מער נישטאָ.

— איז וואָס וועט זיין בנוגע אונדזער המשך?... — פרעג איך זיך אַליין. און איך הער אָט אַזאַ ענטפער —

— מאַך זיכער אַז דיין היינט איז אָנגעפילט מיט געטלעכקייט, און אַ געטלעכער מאָרגן וועט פאַר דיר פון זיך אַליין זיין פאַרזיכערט...

דאָס איז אַ גוטער ענטפער. איך זע איצט אַ ליכטל וואָס שיינט צו מיר פון דער אַנדערער זייט פונעם טונעל, און איך ווייס אַז אויב איך וועל נאָך אים נאָכגיין, וועל איך אָפּגעראַטעוועט ווערן. און איך ווייס אויך אַז אַנשטאַט זאָרגן וועט מיין האַרץ דעמאָלט אויפלעבן — אויפלעבן מיט אַ סך פרייד און האָפענונג.

יצחק ראַפּאָפּאָרט

מעלבורן, יו״ד שבט, ה׳תשכ״ו.

In honour of

Kalman & Freda Rogers

and

Eric & Poppy Rogers

יחיו

# דער יידישער ישוב אין ענגלאַנד

## אַ סאָציאַל־געשיכטלעכער איבערבליק

דאָס ענגלישע יידנטום גרייט זיך אין גיכן צו פייערן אַ גרויסן און וויכטיקן יובילײ. אין 1955 וועט ווערן דריי־הונדערט יאָר זינט עס איז דערלויבט געוואָרן יידן צו וואוינען אין ענג־לאַנד. אָט די דאַטע האָפן די ענגלישע יידן פייערלעך אָפּצו־האַלטן אין לאָנדאָן און אַנדערע מקומות אינעם קומענדיקן יאָר*).

היינט, ווי מיר ווייסן, זענען פאַראַן יידישע קהילות אין אַ סך גרעסערע און קלענערע שטעט אין ענגלאַנד, און די יידן נעמען אַ פולן אָנטייל אינעם געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן לעבן פון לאַנד. זיי געניסן פון פולקאָמער פרייהייט אין יעדן זין פון וואָרט. זיי זענען אָרגאַניזירט אין קהילות, זיי האָבן די זעלבע רעכט ווי אַלע אַנדערע איינוואוינער אינעם לאַנד, און אין מערערע פאַלן פאַרנעמען זיי חשובע פּאָסטנס אין דעם אַלגע־מיינעם לעבן פון דער באַפעלקערונג.

אינעם איצטיקן יאָר אַליין, למשל, איז דאָ אַ ייד וואָס פאַרנעמט דעם פּאָסטן פון אונטער־סעקרעטאַר פאַר אויסערלעכע ענינים אין דער ענגלישער רעגירונג. אַ צווייטער ייד איז לעצטנס אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פאָרזיצער פון דעם שטאָט־ראַט אין לאָנדאָן גופא. אַ דריטער ייד — אַ באַקאַנטער סקולפּטאָר — איז באַשאָנקען געוואָרן מיטן אַדל־טיטול סער דורך דער ענגלישער קעניגין. אַ פערטער ייד איז אָקאָרשט באַשטימט געוואָרן אַלס ריכטער אין איינעם פון די העכסטע געריכטס־אינסטאַנצן...

---

*) די אָפּהאַנדלונג איז דאָ פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דע־צעמבער 1954, לכבוד דעם פאַרקומענדיקן יובילײ.

אַזוי אַז ווען מען אָבסערווירט די אַלגעמיינע לאַגע פון אונדזערע ברידער אין ענגלאַנד, קומט מען צום באַשלוס, אַז זיי זענען באמת אַן אינטעגראַלער טייל פון דעם גאַנצן ענגלישן פאָלק. זיי האָבן די זעלבע פליכטן וואָס אַלע אַנדערע בירגער האָבן, און אויך די זעלבע רעכט ווי אַלע אַנדערע בירגער.

וועט דער לייענער מסתמא זיך וואונדערן, אַז אויב די לאַגע פון די יידן אין ענגלאַנד איז אַזאַ, טאָ וואָס־זשע איז די שמחה? אַז אַלץ איז נאָרמאַל, אַז די יידן האָבן נישט קיין ספּעציעלע גליקן, נאָר זיי זענען סיטואירט מיט אַלעמען צוגלייך, טאָ פאַר־וואָס דאַרף מען זיך גרייטן צו פייערן עפּעס אַ ספּעציעלן יובילײ.

דער ענטפער איז אָבער קלאָר. טאַקע די דאָזיקע נאָרמאַל־קייט איז אַ גרויסע דערגרייכונג. ווייל ווער עס קאָן די גע־שיכטע פון די יידן אין ענגלאַנד וועט צוגעבן, אַז זייער הייננטיקער מצב איז אַ גאָר גרויסער נצחון.

עס זענען געווען צייטן, ווען דער ייד האָט אין יענעם לאַנד קיין שום רעכט נישט געהאַט; ער איז בכלל אַלס בירגער נישט אָנערקענט געווען. עס איז אויך געווען אַ צייט, אַ גאָר לאַנגע צייט, ווען ער האָט אפילו נישט געטאָרט וואוינען אין ענגלאַנד.

און היינט, אַז נישט נאָר אין ענגלאַנד, נאָר אויך אין אַלע ענגליש־רעדנדיקע לענדער, פילט זיך דער ייד פריי און ער קאָן זיך נאָרמאַל אויסלעבן, איז עס אַ דערשיינונג מיט וועלכער דער ענגלישער ייד פרייט זיך באמת טיף אין זיין האַרצן.

פאַר זיין איצטיקן מצב אין לאַנד האָט דער ענגלישער ייד שווער געקעמפט און אויך אַ סך געליטן. און אויף וויפיל עס איז מעגלעך פאַר אַ ייד צו האָבן אַ מזלדיקע שעה אין גלות, גרייט זיך דער ענגלישער ייד צו דערציילן וועגן זיין קאַמף און זיינע יסורים — טאַקע אין אַזאַ מזלדיקער שעה.



מיר האָבן דערמאָנט פריער, אַז דעם קומענדיקן יאָר וועט ווערן דריי־הונדערט יאָר זינט עס איז די יידן דערלויבט גע־וואָרן צו וואוינען אין ענגלאַנד.

אייגנטלעך וואָלט געווען ריכטיקער צו זאָגן אַז דעמאָלט האָבן די יידן באַקומען דאָס רעכט זיך נאָך אַמאָל אין יענעם לאַנד צו באַזעצן. ווייל דער אמת איז אַז אונדזער קאָנטאַקט מיט ענגלאַנד איז אַ סך עלטער. און מיר ווילן טאַקע אָנהויבן אונ־

דזער איבערבליק דאָ מיט די געשעענישן אין דער עלטערער תקופה פון יידישן ישוב אין ענגלאַנד.

*

ווען געגוי דער ייד איז צום ערשטן מאָל אָנגעקומען קיין ענגלאַנד איז נישט לייכט פעסטצושטעלן. עס זענען פאַראַן טראַדיציעס וואָס זאָגן אַז נאָך אין די צייטן פון שלמה המלך האָבן יידן געוואוינט אין ענגלאנד. דאָס זענען געווען די ישראלישע סוחרים, וועלכע זענען געפאָרן מיט די שיפן פון שלמה המלך און געפירט האַנדל מיט די ווייטע מדינות.

איין לעגענדע זאָגט אפילו, אַז די יידן פון די פאַרלוירענע צען שבטים האָבן זיך מיט דער צייט פאַרוואַלגערט קיין ענגלאַנד. און כאָטש עס מעג קלינגען אַביסל פאַנטאַסטיש, זענען נאָך עד־היום דאָ ענגלענדער וואָס גלויבן אַז זיי שטאַמען טאַקע פון די עשרת השבטים.

אַן אַנדערע לעגענדע איז פאַרבונדן מיט אַן אַזוי גערופענעם קרוינונגס־שטיין — אַ שטיין וואָס געפינט זיך אין דער וועסטמינסטער הויפּט־קאַטעדרע אין לאָנדאָן, און וועגן וועלכן מען זאָגט אַז ער שטאַמט גאָר פון אונדזער אַמאָליקן בית־המקדש אין ירושלים.

אַזוי ווערט דערציילט, אַז ווען דאָס בית־המקדש איז חרוב געמאַכט געוואָרן דורך טיטוסן, און דאָס יידישע פאָלק איז געגאַנגען אין גלות אַרייַן, האָט אַ יידישע פרינצעסין מיטגענומען מיט זיך אַ שטיין פון בית־המקדש אַלס אָנדענק. מיט דער צייט איז זי פאַרוואָגלט געוואָרן קיין ענגלאַנד און דאָרט חתונה געהאַט מיט אַ גויאישן פרינץ. דער שטיין איז אַזוי אַרום אַריבערגעגאַנגען אין די הענט פון אַן ענגליש־אַריסטאָקראַטישער משפּחה.

ווען מיט יאָרן שפּעטער איז פון אָט דער משפּחה אויסגעקליבן געוואָרן אַ קעניג איבערן לאַנד, האָט ער באַנוצט דעם שטיין פון ירושלים אַלס אַ טראָן, אויף וועלכן ער איז געקרוינט געוואָרן. דער שטיין איז דעמאָלט אָנגערופן געוואָרן דער קרוינונגס־שטיין. און ביזן היינטיקן טאָג איז אָנגענומען אַז ווען מען קרוינט אַ מלך אָדער אַ מלכה אין ענגלאַנד, באַנוצט מען דעם זעלבן שטיין. מען לייגט אים אַוועק אונטער דעם גאָלדענעם טראָן, אויף וועלכן די קרוינונג קומט פאָר, און מען האָט די

געגוגטואונג צו וויסן אַז ער — דער שטיין — איז פאַרבונדן מיט אַ גרויסער פאַרגאַנגענהייט; ער שטאַמט פון הייליקן בית־המקדש אין אַמאָליקן יידישן ירושלים.

צי די אַלע דערציילונגען זענען אמת אָדער לעגענדאַריש איז, ווי געזאָגט, שווער צו דערגיין. עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז אין יענע ווייטע צייטן זענען אין ענגלאַנד געווען איינצלנע יידן; אָבער קיין גענויע ידיעות וועגן זיי האָבן מיר נישט.

*

אַזעלכע גענויע ידיעות הויבן מיר אָן באַקומען ערשט אין דעם עלפטן יאָרהונדערט פון דער געוויינלעכער צייט־רעכענונג. אין יענעם יאָרהונדערט איז פאָרגעקומען אַ מיליטערישע אינוואַזיע קעגן ענגלאַנד. אַ געוויסער פּרינץ וויליאַם פון איירראָפּע האָט מיט איר אָנגעפירט, און ער האָט איינגענומען דאָס לאַנד אין יאָר 1066. מיט אַ צייט שפּעטער הויבן מיר אָן צו הערן וועגן יידישע קהילות אין אַזעלכע באַקאַנטע שטעט אין ענגלאַנד ווי אָקספאָרד און קעמברידזש און לאָנדאָן.

עס זעט אויס, אַז דער זעלבער וויליאַם דער באַזיגער, וועלכער איז געווען צוערשט אַ פראַנצויזישער פּרינץ און נאָך דעם געוואָרן ענגלישער קעניג, האָט אַליין דערמוטיקט יידן פון פראַנקרייך אריבערצוקומען קיין ענגלאַנד און דאָרט זיך צו באַזעצן. ער האָט דאָס געטאָן צוליב געוויסע טעמים, וועלכע האָבן געדאַרפט דינען דער טובה פון זיין נייער מדינה.

אין יענע צייטן איז ענגלאַנד געווען אַ פעאָדאַליש לאַנד. די באַפעלקערונג איז געווען צעטיילט אויף אַריסטאָקראַטן און פויערים. דער קעניג איז געווען דער בעל־הבית פון גאַנצן לאַנד, און דעם באָדן האָט ער פאַנאַנדערגעטיילט צווישן די אַריסטאָקראַטן, וועלכע האָבן פון זייער זייט אַלס אָפּצאָל געדאַרפט דעם קעניג צושטעלן אַ געוויסע צאָל סאָלדאַטן, ווי אויך אַ טייל פון זייער לאַנד־פּראָדוקציע.

די מאַכט פונעם קעניג איז געווען אַן אַבסאָלוטע. דאָס פּשוטע פאָלק איז געווען פּרימיטיוו, און איז געשטאַנען אונטערן איינפלוס פון אַ שטרענג פאַנאַטישער קאַטוילישער קירכע. אין די שטעט האָבן געוואוינט אַ ביסל פּריצים, און אויך די בעלי־

מלאכות וועלכע זענען געווען אָרגאַניזירט אין אַרבעטס־פאַר־באַנדן.

אין אַלגעמיין איז דיווירטשאַפט געווען — אפילו פאַר יענע יאָרן — אַ צוריקגעשטאַנענע. דער האַנדל האָט זיך באַזירט אויף אויסטויש, און דאָס געלט — אַלס אַ סיסטעם פון קויפן און צאָלן — איז נאָך זייער ווייניק געווען באַקאַנט.

דער נייער קעניג האָט אָבער געהאַט איירָאָפּעאישע באַגריפן וועגן מסחר, און די אידייען האָט ער אויך געוואָלט איינפירן אין ענגלאַנד. צוליב דעם טאַקע האָט ער זיך גינסטיק צוגעקוקט ווי די יידן פון דעם איירָאָפּעאישן קאָנטינענט זענען אַריינגעקומען אין לאַנד, ווייל די יידן האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך קאַפּיטאַל ווי אויך פעאיקייטן צו אַנטוויקלען דאָס עקאָנאָמישע לעבן.

אויף אַזאַ אופן האָבן די ערשטע יידן אין ענגלאַנד געבילדעט דעם מיטלשטאַנד. צוערשט האָבן זיי מצליח געווען. דאָס לאַנד האָט אויפגעלעבט. די אַריסטאָקראַטן האָבן זיך אָנגעבאָרגט יידיש געלט, און פאַר דעם געלט האָבן זיי זיך געלאָזט אויפבויען פּאַלאַצן און פעסטונגען. די בישאָפן ווייטער האָבן פאַרן יידישן געלט געלאָזט אויפשטעלן קירכעס און קאַטעדרעס, און די באַפעלקערונג פון איר זייט האָט גענאָסן פון די סחורות וואָס די יידישע סוחרים האָבן אימפּאָרטירט פון אויסלאַנד.

נאָך מער צופרידן איז געווען דער קעניג אַליין. געזעצלעך איז ער געווען דער בעל־הבית, דער אייגנטימער, פון די יידן. ווייל לויטן געזעץ — וואָס איז היינט אַ ביסל שווער צו פאַרשטיין — איז דער ייד נישט געווען קיין בירגער מיט אַלע אַנדערע בירגער צוגלייך, און ער האָט אויך נישט געקענט זיין אָנגעשטעלט — ווי אַ סך פון דער האַלב־פאַרשקלאַפּטער באַפעלקערונג זענען געווען — נישט ביים פריץ און נישט ביי דער קירכע.

דער ייד האָט אויך נישט געטאָרט באַזיצן קיין באָדן, און אויך נישט פאַרנעמען זיך מיט אַ מלאכה, ווייל דאָס אַלץ איז געווען פאַרבונדן מיט קריסטלעכע פליכטן און צערעמאָניעס. בעצם איז דער ייד געווען אַ פרעמדער אין לאַנד, און אויב ער האָט זיך געוואָלט אויפהאַלטן ערגעץ־וואו, האָט ער דאָס געקענט טאָן נאָר מיטן חסד פון דעם קעניג, וועלכער האָט אים געגעבן זיין קעניגלעכן שוץ. פאַר אַזאַ שוץ אָבער האָט דער ייד געמוזט

באַצאָלן מיט גרויסע געלטער, וועלכע זענען דעם קעניג זייער צונוץ געקומען.

אַזוי אַרום איז דער ייד געווען, אַזוי צו זאָגן, דאָס אייגנטום פונעם קעניג, און אין אַזאַ מצב האָט ער געהאַט געוויסע פּרי־ווילעגיעס. בכלל איז אים גאַנץ גוט געגאַנגען אין יענער תקופה, נעמענדיק אין באַטראַכט אַז אין לאַנד איז ער געווען נישט מער ווי אַ רעכטלאָזער וואַנדערער. דער גרעסטער טייל פון דער קאָמערציעלער און פינאַנציעלער טעטיקייט איז געווען ביי די יידן אין די הענט. זיי האָבן אויסגעבאָרגט זייער געלט, און זיי האָבן געמעגט נעמען אַ הויכן פּראָצענט פאַר זייערע הלוואות. און מיט די הכנסות וואָס זיי האָבן געהאַט האָבן זיי אויפגעבויט מקום־קדושן און אַנדערע רעליגיעזע מוסדות, וואָס אַ יידישע קהילה דאַרף האָבן. און אַזוי האָבן זיי זיך אויסגע־לעבט קולטורעל ווי עס פּאַסט זיך פאַר פּוילע און באַוואוסטזי־ניקע יידן.



אַ לעבן פון פּריווילעגיעס, ווי גוט עס זאָל נישט זיין, איז אָבער נישט קיין נאָרמאַל לעבן. מען איז תמיד אָפּהענגיק פונעם גוטן ווילן פון דעם בעל־הבית פון איין זייט, און פון דער אַנדע־רער זייט רופן די פּריווילעגיעס אַרויס קנאה און שנאה צווישן די נישט־פּריווילעגירטע שכנים. און אַזאַ מצב האָט זיך באמת באַלד אָנגעהויבן באַוויזן אין ענגלאַנד.

אמת, דער ייד האָט מיט זיך מיטגעבראַכט הצלחה פאַרן לאַנד אַלס אַ גאַנצעס. אָבער ער אַליין איז געבליבן אויסגע־שלאָסן פון דער אַלגעמיינער געזעלשאַפט. דער זעלבער אַריס־טאָקראַט, וועלכער האָט געלעבט אין לוקסוס אויפן חשבון פון דעם ייד און מיט דער הילף פונעם ייד, האָט זיך אָפּגעזאָגט צוריק צו באַצאָלן דעם ייד זיינע חובות. און גיי און טו אים עפּעס...

ווייטער, דער גלח האָט געקוקט אויפן ייד ווי אויף אַ אומגלויביקן, כאָטש ער האָט ביי אים אַרויסגעליען שווערע סכומים געלט. און דער קעניג אַליין האָט נאָר געטראַכט — אַחוץ זיינע מלוכה־ענינים — ווי אַזוי אַרויסצומעלקן וואָס מער געלט פון זיינע שוצלינגען...

מען דערציילט, אַז אין דער באַקאַנטער שטאָט בריסטאָל איז געווען אַ ייד, פון וועלכן דער קעניג האָט געוואָלט אַרויס־באַקומען אַ גרויסן סכום געלט. אַזוי ווי דער ייד האָט אָבער דאָס געלט נישט געהאַט, האָט דער קעניג באַפוילן, אַז מען זאָל דעם ייד אַרויסשלעפּן איין צאָן יעדן טאָג — ביז ער וועט דאָס געלט צושטעלן. און אַזוי איז געווען, ביז אַ פּאָר אַנדערע יידן האָבן זיך צוזאַמענגענומען און דעם נויטיקן סכום באַצאָלט אין נאָמען פון זייער ליידנדיקן ברודער־ייד.

מיט דער צייט האָט זיך דער מצב נאָך מער פאַרשאַרפט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן רדיפות אויף די יידן, און די רדיפות זענען וואָס אַמאָל שטאַרקער געוואָרן צוליב סיבות וואָס האָבן בעצם גאָר קיין שייכות נישט געהאַט מיט די יידן. די רדיפות האָבן זיך פאַרשטאַרקט צוליב די טיפע סיכסוכים וואָס די אַריס־טאָקראַטן האָבן געהאַט מיטן קעניג אַליין.

די אַריסטאָקראַטן האָבן געוואוסט, אַז די מאַכט פון קעניג הענגט אָפּ פון דעם געלט וואָס ער באַקומט פון די יידן. איז כדי אָפּצושוואַכן דעם קעניג זייערן, האָבן זיי אָרגאַניזירט פּאָ־גראָמען אויף די יידן און צעראַבעוועט די יידישע פאַרמעגנס, אַזוי אַז דער קעניג זאָל פון די יידן מער קיין גרויסע הכנסות נישט קענען האָבן.

אַזעלכע פּאָגראָמען זענען פאָרגעקומען יעדע עטלעכע יאָר, און אין פאַרשידענע שטעט. דער בלוטיקסטער פּאָגראָם איז פאָרגעקומען אין יאָר 1189, אין דער שטאָט יאָרק, און אין דער שחיטה איז כמעט די גאַנצע יאָרקער יידישע קהילה אומגעקומען. די גויים האָבן אויך אין דער זעלבער צייט גענומען די גע־לעגנהייט צו פאַרברענען די ביכער אין וועלכע זייערע גרויסע חובות זענען געווען פאַרשריבן. שוין יענע אַריסטאָקראַטן זענען דאָס געווען...

*

אויך רעליגיעזע טעמים האָבן בייגעטראָגן צו דער אַנטי־יידישער שנאה־קאַמפּיין.

אין יענע יאָרן זענען פאָרגעקומען די אַזוי גערופענע קרייץ־צוגן, דורך וועלכע די קריסטלעכע וועלט האָט געוואָלט אַרויס־רייסן ארץ־ישראל — מכלומרשט זייער הייליק לאַנד — פון

מוזולמענישע הענט. אָבער דער קריסטלעכער גוי האָט זיך געפּרעגט, למשל, צו וואָס דאַרף ער גיין קעמפן מיטן מוזולמע־נישן אומגלויביקן אין וויטן ארץ־ישראל, בשעת ער קאָן קעמפן קעגן די יידישע אומגלויביקע ביי זיך אין דער היים!

און אַזוי האָבן זיך אָנגעהויבן די אַקטיווע רעליגיעזע רדי־פות ראשית אין איראָפּע, און נאָך דעם האָבן זיי זיך אַריבער־געטראָגן אויך קיין ענגלאַנד.

סתם רודפן פּאַסט דאָך אָבער נישט! האָט מען אויסגעפונען פאַרשידענע באַשולדיקונגען קעגן די יידן. מען האָט זיי באַשולדיקט, למשל, אַז זיי באַליידיקן די קריסטלעכע הייליקטימער. און דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס מען האָט אויף די יידן אויסגעטראַכט דעם בילבול פון עלילת־דם, דאָס הייסט, אַז זיי באַנוצן גויאיש בלוט פאַר זייערע רעליגיעזע גע־ברויכן אויף פּסח.

ענגלאנד איז בעצם געווען די ערשטע מדינה אין דער וועלט, אין וועלכער מ'האָט פאַרפירט קעגן די יידן פּראָצעסן וועגן ריטועלן מאָרד.

אין משך פון אַ הונדערט יאָר זענען אין ענגלאַנד פאָרגע־קומען אַן ערך צען אַזעלכע פּראָצעסן. פאַרשטייט זיך אויך, אַז ביי יעדן פּראָצעס פון עלילת־דם האָט מען די יידן פּאַגראָמירט אָן רחמנות.

די יידן האָבן זיך אַרומגעזען אַז זייער לאַגע איז טרויעריק, און זיי האָבן אַפּעלירט, אַז מען זאָל זיי דערלויבן צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד. דער עקאָנאָמישער נוצן זייערער איז אָבער געווען צו גרויס פאַרן קעניג אַז ער זאָל מסכים זיין אויף זייער בקשה. און אַזוי זענען זיי דערווייל פאַרבליבן אין לאַנד ווייטער צו ליידן.

מ'האָט ביי זיי די שולן קאָנפיסקירט און זיי איבערגעגעבן פאַר די קריסטלעכע קלויסטערס. און מען האָט זיי געצוואונגען צו טראָגן די געלע לאַטע, כדי די גוים זאָלן זיי קענען לייכטער דערקענען. די יסורים זענען באמת געווען אין־לשער — ביז עס איז געקומען צום טראָן אַ פרומער קעניג; א פרומער — ווייל ער האָט זיך צוגעהערט צו דער עצה פון דער קאַטוילישער קירכע, אַז מען זאָל די יידן פון ענגלאַנד אין גאַנצן פאַרטרייבן.

*

עדוואַרד דער דריטער האָט דער קעניג געהייסן. און אין יאָר 1290 האָט ער אַרויסגעגעבן אַ גזירה, אַז די יידן מוזן דאָס לאַנד פאַרלאָזן. די יידן האָבן פון דער גזירה גאָר קיין עגמת־נפש נישט געהאַט. מיט דעם ביסל האָב־און־גוטס וואָס איז זיי פאַרבליבן זענען זיי ארויף אויף די שיפן, וועלכע האָבן זיי באַדאַרפט אַריבערפירן קיין פראַנקרייך פון וואַנען זייערע עלטערן זענען אַמאָל קיין ענגלאַנד געקומען. אָבער זייערע יסורים — זעט אויס — האָבן זיך נאָך נישט געהאַט פאַרענדיקט. ווייל ווען זיי זענען שוין געווען אויפן וואַסער האָבן עטלעכע קאַפּיטאַנען ספּעציעל געעפנט די אונטערשטע טיילן פון זייערע שיפן, און בידים האָבן זיי גורם געווען, אַז הונדערטער יידן זענען פּשוט דערטרונקען געוואָרן.

דאָס ביסל פאַרמעגן וואָס די יידן האָבן מיט זיך געהאַט, פאַרשטייט זיך, האָבן די קאַפּיטאַנען פאַר זיך צוגענומען.

אמת, שפּעטער האָט מען די קאַפּיטאַנען געכאַפּט און באַשטראָפט פאַר זייערע אכזריותדיקע מעשים. אָבער דאָס האָט זייערע קרבנות שוין גאָרנישט געהאָלפן.

אַזוי איז געקומען דער סוף פונעם ערשטן קאַפּיטל פון אונדזער געשיכטע אין ענגלאַנד. נישט קיין גליקלעך קאַפּיטל. אָבער מוטיק און — גלאָררייך. ווייל אײדער זיי האָבן גענומען דעם וואַנדער־שטעקן און געלאָזט זיך גיין אין אַ נייעם גלות אַריין, האָט די קירכע זיי פאָרגעשלאָגן אָנצונעמען די קריסטלעכע רעליגיע און דעמאָלט וועט מען זיי דערלויבן צו פאַרבלייבן אין לאַנד. דער ייד האָט אָבער אָפּגעוואָרפן דעם פאָרשלאַג — ווי ער האָט דאָס אומצייליקע מאָל געטאָן אויך אין אַנדערע רשעותדיקע לענדער. ער וועט אין גלות גיין און ליידן פאַר זיין יידישקייט, און ער וועט קעמפן אַזוי לאַנג ביז ער וועט פאַר זיך אויסקעמפן די רעכט צו לעבן אַלס אַ ייד...

עס וועט לאַנג דויערן ביז ער וועט אַזעלכע רעכט האָבן פאַר זיך אויסגעקעמפט. און דערווייל — — —

*

אַ סך יאָרן גייען אַריבער נאָכן גירוש ענגלאַנד, און קיין אָרגאַניזירט יידיש לעבן איז אין ענגלאַנד נישטאָ. אפשר געפינען זיך אַ פּאָר יידן דאָ און דאָרט, אָבער מען ווייסט פון זיי גאַנץ

וויניק. אָפיציעל איז די יידן פאַרבאָטן צו וואוינען אינעם לאַנד.

די געשעענישן אין אייראָפּע זענען אָבער אַזעלכע, אַז די יידן קאָנען נישט בלייבן זיצן אויף איין אָרט. פון איין זייט קומט פאַר די גרויזאַמע אַרויסטרייבונג פון די יידן פון שפּאַניע. פון דער אנדערער זייט קומט פאַר די אַנטדעקונג פון אַמעריקע — און דער מענטשלעכער גייסט ווערט פרייער און ברייטער. טראָץ דער שפּאַנישער אינקוויזיציע, ווילן איצט יחידים און פעלקער אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם שווערן יאָך פון דעם קאַטוילישן פויפּסט.

די וועלט גייט שטופנווייז איבער פון דעם אַלטן פעאָדאַלן סיסטעם צו דעם נייעם קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם. דער האַנדל צווישן די לענדער ווערט אַנטוויקלט. און אין דעם דאָזיקן האַנדל שפּילן די יידן אַ באַדייטנדיקע ראָל.

אַ שפּאַניש־יידישע משפּחה, למשל, האָט קרובים אין האָלאַנד און אין איטאַליע, אַזוי אַז עס איז פאַר איר לייכט אָנצו־האַלטן פאַרשידענע געשעפטס־קאָנטאַקטן מיט אַנדערע לענדער. און אַזוי אַרום, שטילערהייט, דרינגען די יידן אויך אַריין קיין ענגלאַנד און הויבן אָן האַנדלען און אויסאיבן פאַרשידענע עקאָ־נאָמישע פונקציעס.

זיי זאָגן אָבער נישט אויס, אַז זיי זענען יידן. פאַר דער גאַס זענען זיי קריסטן, אָבער צווישן זיך לעבן זיי אַלס יידן. איין אַזאַ באַהאַלטענער ייד — אַ מאַראַנאָ — איז גאָר דער שפּאַנישער אַמבאַסאַדאָר אין לאָנדאָן. אינעם הויז פון דער אַמבאַסאַדע האָט ער אַ קירכעלע, וואו די שפּאַנישע איינוואוינער קומען זיך צונויפֿ צוזאַמען אָפּצוהאַלטן זייער גאָטעס־דינסט יעדן זונטיק. אין ־דער אמתן אָבער איז דאָס אַ שולעכל, וואו יידישע סוחרים קומען זיך צוזאַמען יעדן שבת כדי צו דאַוונען מיט מנין.

*

מיר זענען איצט אין מיטן פון זיבעצעטן יאָרהונדערט. אין ענגלאַנד קומט פאָר אַ בירגער־קריג. דער קעניג אַנטלויפט און דאָס לאַנד ווערט אויס מאָנאַרכיע. עס קומט דער אָנפירער פון דער רעוואָלוציע, אָליווער קראָמוועל, און פירט איין אַ רעפּוב־ליקאַנישע רעגירונג. אַ נייע ריכטונג — גאָר ליבעראַל פאַר

יענע צייטן — לאָזט זיך באַמערקן ביי געוויסע שיכטן פון פאָלק.

די קאַטוילישע קירכע פאַרלירט איר איינפלוס, און דאָס רוב ענגלענדער ווערן פראָטעסטאַנטן. צווישן אַנדערע שטודירן זיי דעם תנ״ך און די העברעאישע שפּראַך, און זיי ווילן זיך באַקענען מיטן יידישן פאָלק צו וועמען גאָט האָט דעם תנ״ך געגעבן.

פאַרשידענע פּאַמפלעטן זענען אין יענע יאָרן דערשינען. די שרייבער פון די פּאַמפלעטן — אַ סך פון זיי אַנאָנים — האָבן געפאָדערט, אַז מען זאָל די יידן דערלויבן צוריק זיך צו באַזעצן אין לאַנד. ביסלעכווייז איז מען געוואָר געוואָרן, אַז עס געפינען זיך אין לאָנדאָן אַ פּאָר צענדליק יידישע משפּחות. און אָליווער קראָמוועל — דער פּראָטעקטאָר פון לאַנד — איז גראָד צופרידן מיט די יידן. ווייל, ראשית, זענען זיי סוחרים אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב און זיי אַנטוויקלען די רייכטימער פון ענגלאַנד. און, שנית, ווייסט ער אַז די יידישע סוחרים שטעלן אים צו געניע ידיעות וועגן דעם פאַרטריבענעם ענגלישן קעניג. עס זענען געהיימע ידיעות, און די ידיעות, פאַרשטייט זיך, זענען פאַר קראָמוועלן אויסערגעוויינלעך וויכטיק...

און אין אַזאַ אַטמאָספער קומט אויף דער סצענע אַ גייסט־רייכער און וואַרעם־האַרציקער ייד מיטן נאָמען מנשה בן ישראל.

אייגנטלעך איז ער אַ רב אין אַמסטערדאַם, אין האָלאַנד; ער איז אַ גרויסער למדן, אַ דענקער, און ער שטייט אין פאַר־בינדונג מיט אַ סך גויאישע געלערנטע אין יענער צייט. אָבער זיינע מחשבות זענען באַזונדערס שטאַרק קאָנצענטרירט אויף זיין אייגן פאָלק. ער ווייסט וועגן די שחיטות, וועלכע זענען נישט לאַנג צוריק פאָרגעקומען אין פּוילן אין די טעג פון כמיעלניצקין, ימ״ש, און ער האָט זיך געטראָפן מיט מערערע יידישע פּליטים, וועלכע זענען אָנגעקומען קיין אַמסטערדאַם. זיין האַרץ איז געווען פול מיט צער צוליב די גרויזאַמע ליידן וואָס זיינע ברידער האָבן געליטן פון די קאָזאַקן.

אָט פאַר זיי, פון מזרח־איראָפּע, ווי אויך פאַר די שפּאַנישע יידן, וועלכע זענען אַלס אנוסים אַנטלאָפן פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע, האָט מנשה בן ישראל איצט געזוכט אַ מקום מנוחה.

און מיט דעם צוועק אין געדאַנק האָט ער אָנגעשריבן אַ בוך אונטערן טיטול די האָפענונג פון ישראל.

און אין דעם דאָזיקן בוך האָט מנשה בן ישראל אַרויסגעזאָגט אַ גאָר אָריגינעלע טעאָריע. די יידן האָפן, אַז משיח וועט באַלד קומען — האָט ער דערקלערט — און משיח וועט ברענגען אַ ישועה פאַר דער גאַנצער וועלט. איידער משיח קאָן אָבער קומען, מוזן די יידן זיין פאַרשפּרייט אין אַלע לענדער. און אַזוי ווי ענגלאַנד איז די איינציקע מדינה אין וועלכער עס געפינען זיך נישט קיין יידן, איז געוואונטשן אַז ענגלאַנד זאָל עפענען די טויערן בכדי יידן זאָלן זיך דאָרט קאָנען באַזעצן צוגלייך מיט אַנדערע דאָרטיקע איינוואוינער. און אַזוי אַרום וועט מען צו־איילן דאָס קומען פון משיחן.

*

דאָס בוך האָט דער מחבר געווידמעט דעם ענגלישן פּאַר־לאַמענט, מיט אָליווער קראָמוועל בראש.

און אַזוי ווי די באַפעלקערונג אין ענגלאַנד האָט זיך דעמאָלט שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט דער יידישער פראַגע, און אויך מיט די אויסזיכטן פון אַ וועלט־דערלייזונג, האָט די רעגירונג איינגעלאַדן מנשה בן ישראלן אַריבערצוקומען קיין ענגלאַנד כדי איבערצורעדן דעם גאַנצן ענין.

אין יאָר 1655, דאָס הייסט מיט דריי הונדערט יאָר צוריק, איז מנשה בן ישראל טאַקע אָנגעקומען קיין ענגלאַנד. די רעגירונג האָט באַשטימט אַ ספּעציעלן קאָמיטעט אויסצופאָרשן פאַרשידענע פּראָבלעמען אין דעם צוזאַמענהאַנג. באַזונדערס האָט דער קאָמיטעט געדאַרפט אויפקלערן צוויי פראַגן. ערשטנס, צי עס איז געזעצלעך אַריינצולאָזן יידן קיין ענגלאַנד, און צווייטנס, אויב עס איז געזעצלעך, אויף וועלכע באַדינגונגען זאָל מען זיי אַריינלאָזן.

אויף דער ערשטער פראַגע האָט מען לייכט געפונען אַ לייזונג. די ריכטער, וועלכע האָבן זיך באַטייליקן אין דעם קאָמי־טעט, האָבן פעסטגעשטעלט אַז עס איז נישטאָ קיין געזעץ, וואָס זאָל פאַרבאָטן יידן זיך צוריקצוקערן קיין ענגלאַנד.

אויף דער צווייטער פראַגע האָט דער קאָמיטעט נישט געקענט ענטפערן, ווייל די מיינונגען פון די מיטגלידער זענען געווען פאַרשידן. איניקע פון זיי האָבן זיך אַרויסגעזאָגט, אַז

מען זאָל די יידן אַריינלאָזן אָן שום באַדינגונגען בכלל. אָבער די ענגלישע סוחרים האָבן זיך קעגנגעשטעלט, ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט האָבן קיין נייע קאָנקורענטן.

אויך די גלחים אין דעם קאָמיטעט האָבן זיך קעגנגעשטעלט, פאַרשטענדלעך, ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט האָבן קיין אומגלויביקע אין זייער לאַנד.

די גאַנצע צייט איז מנשה בן ישראל געווען אין לאָנדאָן, געהאַלטן דעם פינגער אויפן פולס פון די באַטראַכטונגען פונעם רעגירונגס־קאָמיטעט, און ער האָט צוגעשטעלט איין פעטיציע נאָך דער אַנדערער.

און אַזוי ווי ער האָט געשריבן פעטיציעס פאַר אַריינלאָזן יידן קיין ענגלאַנד, אַזוי האָבן אַנדערע געשריבן פעטיציעס קעגן אַריינלאָזן די יידן.

אין אַזעלכע באַדינגונגען האָט דער קאָמיטעט אָפּגעהאַלטן אַ ריי קאָנפערענצן, און עס איז צו גאָרנישט געקומען. אָליווער קראָמוועל, וועלכער האָט זיך באַטייליקט אין די באַראַטונגען, האָט זיך נאָך איין אַזאַ קאָנפערענץ אויפגעשטעלט פון טיש, און אויפגעלייזט דעם קאָמיטעט.

*

ווען דער קאָמיטעט איז אויפגעלייזט געוואָרן האָבן די יידן, וועלכע זענען דעמאָלט געווען אין לאָנדאָן, מורא באַקומען, אַז מען וועט איצט קעגן זיי אַרויסטרעטן. דער רעפּובליקאַנער אָליווער קראָמוועל האָט זיי אָבער פאַרזיכערט, אַז עס וועט זיי קיין שלעכטס נישט געשען. ער האָט געוואוסט וויפיל נוצן דאָס לאַנד האָט פון זיי, און ער האָט זיי גענומען אונטער דער שוץ פון זיין רעגירונג. אַזוי אַרום האָבן זיך די לאָנדאָנער יידן באַרואיקט.

מנשה בן ישראל אַליין איז אָבער געווען ביטער אַנטוישט פון דעם אויסגאַנג פון דער אינטערווענץ זיינער. ער איז געקומען בעטן, אַז מען זאָל די אויסלענדישע יידן אַריינלאָזן און זיי געבן פולע רעכט, און איצט — וואָס? די וועלט איז פאַר אים טונקל געוואָרן. צוריקקומענדיק קיין אַמסטערדאַם איז ער קראַנק געוואָרן, און נאָך אַ פּאָר חדשים איז ער נפטר געוואָרן.

אויב אָבער די שתדלנות פון מנשה בן ישראל האָט נישט געבראַכט קיין דירעקטע פּרוכטן, דאָך האָט זי אַ סך אויפגעטאָן

אין אַן אַנדערער ריכטונג. זי האָט, אַזוי צו זאָגן, אַוועקגע־שטעלט די יידן־פּראָגע אויפן סדר־היום אין ענגלאַנד. די עפנטלעכע מיינונג האָט געמוזט ענטפערן, צי מען וועט דער־לויבן אָרטיקע יידן זיך איינצובירגערן אין לאַנד, צי נישט.

ווי שוין דערמאָנט, איז ענגלאַנד דעמאָלט געוואָרן אַ פּראָ־טעסטאַנטישע מדינה. די מערהייט פון דער באַפעלקערונג האָט פאַרלאָזן די קאַטוילישע קירכע מיטן פויפּסט, און זי האָט זיך אָנגעהויבן צוריקקערן צו דעם תנ״ך אַלס דעם יסוד פון דער ריינער אמונה. עס איז אַזוי ווייט דערגאַנגען, אַז עס זענען געווען קרייזן וואָס האָבן געוואָלט איינפירן אין ענגלאַנד פאַר־שידענע פאַראָרדענונגען פונעם תנ״ך.

אַזוי למשל האָט מען געוואָלט איינפירן, אַז דער פּאַרלאַ־מענט זאָל האָבן זיבעציק מיטגלידער, ווי עס האָט געהאַט דער אַמאָליקער סנהדרין. מען האָט אויך געוואָלט איינפירן דעם שבת אַלס דעם וועכנטלעכן רו־טאָג, אַנשטאָט זונטיק. אַ סך ענגלענדער האָבן געטוישט זייערע גויאישע נעמען אויף תנ״כישע נעמען. און אין אָט דער באַוועגונג פון צוריקגיין צום תנ״ך איז געשאַפן געוואָרן אַ סימפּאַטישע אַטמאָספער פאַר די יידן.

מיט דער צייט האָט זיך די סימפּאַטיע נאָך טיפער איינגע־וואָרצלט אינעם ענגלישן כאַראַקטער. און ווען — שפּעטער — ענגלאַנד איז צוריק געוואָרן אַ מאָנאַרכיע, און מען האָט פאַר־מסרט די יידן ביים נייעם קעניג, האָט דער קעניג אָפּגעוואָרפן די אונטערגעטראָגענע מסירות. נאָך מער, ער האָט געלאָזט וויסן, אַז זיין וואונטש איז אַז מען זאָל די יידן נישט טשעפּען צוליב דעם וואָס זיי זענען יידן. און זינט דעמאָלט זענען די יידן אַרויסגעטראָטן אין דער עפנטלעכקייט אַלס יידן, און זיך מער נישט ארומגעדרייט אינקאָגניטאָ, אַזוי צו זאָגן.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און די יידן האָבן אַויפגע־שטעלט צוויי שולן, איינע פאַר די ספרדים און די אַנדערע פאַר די אשכנזים. אויך אַ רב האָבן זיי באַלד אויפגענומען, און אָרגאַני־זירט די ענינים פון שחיטה און כשרות, און געשאַפן אויך אַ בית־עלמין. אַזוי אַרום איז דאָס יידישע קהילה־לעבן אין ענג־לאַנד צוריק אויפגעבויט געוואָרן.

*

עס איז אינטערעסאַנט צו דערמאָנען, אַז אין יענער צייט האָט געלעבט אין ענגלאַנד אַ גויאישער שרייבער מיטן נאָמען סעמיועל פּיפּס, און ביז היינט געדענקט מען אים צוליב די גאָר טשעקאַווע טאָג־ביכער וואָס ער האָט נאָך זיך איבערגעלאָזט. אַלץ האָט דער דאָזיקער סעמיועל פּיפּס געוואָלט מיטמאַכן, אויף אַלעם איז ער גאָר נייגעריק געווען, און אַלץ וואָס ער האָט געזען האָט ער פאַרצייכנט אין זיינע דערמאָנטע טאָג־ביכער.

צווישן אַנדערע האָט ער איבערגעלאָזט די פאָלגנדיקע באַשרייבונג וועגן זיינע איינדרוקן פון די יידן פון יענע יאָרן.

איין מאָל, דערציילט ער, האָט ער באַזוכט די ספרדישע שול אין לאָנדאָן. עס איז גראָד געווען שמחת־תורה, און ער האָט זיך צוגעזען ווי די יידן מאַכן זייערע הקפות. און ער שרייבט, אַז די יידן האָבן געטאַנצט מיט דער תורה, און געזונגען און געטומלט — און פאַרשטייט זיך אַז דאָס אַלץ האָט אים, דעם גויאישן שרייבער, נישט אַזוי שטאַרק געפעלן. ווייל ווי קומט, אַז אין אַ שול, וואו מען דאַרף קומען דאַווענען, זאָל מען טאַנצן און זינגען און שרייען!

און נאָך איין זאַך האָט דעם סעמיועל פּיפּסן נישט געפעלן. ער דערציילט, אַז ווען ער איז געווען אין דער שול, האָט ער באַמערקט ווי אַ ייד טראָגט אַ שטיק טוך אין זיין טאַש. און ווען עס מאַכט זיך, אַז ער — דער ייד — דאַרף אויסשפּייען, איז אַנשטאָט אויסשפּייען אויף דער פּאָדלאָגע, ווי די גאַנצע וועלט טוט דאָס, נעמט גאָר דער ייד אַרויס דאָס טיכל פון זיין טאַש און שפּייט אין אים אַריין...

עס זעט אויס, אַז אין יענער צייט איז דאָס טאַשן־טיכל נאָך נישט געווען באַקאַנט צווישן דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג, און אויך ביי דעם שרייבער סעמיועל פּיפּס איז עס געווען אַ נאָווינע. אַזוי אַז ווען דער ייד — צוליב היגיענישע טעמים — באַנוצט זיך יאָ מיט אַזאַ טיכל, מאַכט עס אויף דעם ענגלישן טאָג־בוך שרייבער אַ קאָמישן איינדרוק...

אין אַלגעמיין האָבן די יידן דערווייל געלעבט גאַנץ רואיק. ביסלעכווייז האָט זיך זייער צאָל פאַרגרעסערט. אַ טייל זענען געווען פּשוטע אַרבעטער אָדער פּעדלער. אַנדערע האָבן זיך פאַרנומען מיט פינאַנץ און גרויס־האַנדל. אַ טייל יידן זענען אויך רייך געוואָרן.

אָבער טראָץ דעם אַלעם האָבן זיי זיך געפילט ווי פרעמדע אין אָט דעם צווייטן קאַפּיטל פון דער יידישער געשיכטע אין ענגלאַנד. אַזוי האָט געדויערט אַ הונדערט יאָר, ביזן מיטן פון דעם אַכצעטן יאָרהונדערט, ווען — — —

*

די יידן האָבן אָנגעהויבן פילן, אַז עס איז נישט גענוג אַז מען טשעפּעט זיי נישט. דאָס לעבן זייערס האָט עפּעס אויסגעזען ווי עס וואָלט געווען געהאָנגען אין די לופטן. עס איז עפּעס נישט געווען קיין לעבן פון אַ פולן מענטש.

אַז אַ ייד איז, למשל, געבוירן געוואָרן אין ענגלאַנד, איז ער געוואָרן אַן ענגלישער בירגער. אויב אָבער ער האָט געמאַכט אַ צוואה און איבערגעלאָזט זיין פאַרמעגן פאַר אַ יידישער אינ־סטיטוציע, פלעגט די רעגירונג פסקענען, אַז די צוואה איז אומ־געזעצלעך, און זי האָט דאָס פאַרמעגן צוגענומען אויף גויאישע צוועקן.

אַז אַ ייד האָט חתונה געהאַט, האָט מען זיין חתונה נישט אָנערקענט פון געזעצלעכן שטאַנדפּונקט.

אַז אַן אויסלענדישער ייד האָט געוואוינט אין ענגלאַנד און האָט זיך געוואָלט נאַטוראַליזירן, האָט מען אים קיין ביר־גערשאַפט נישט געוואָלט געבן. אַז אַ ייד האָט זיך געוואָלט פאַרנעמען מיט לאַנד־אַרבעט, האָט מען אים נישט דערלויבט צו קויפן קיין באָדן. אַז ער האָט געוואָלט שטודירן אויף אַן אוני־ווערזיטעט האָט מען אים קיין דיפּלאָם נישט אַרויסגעגעבן, אַז ער זאָל קענען פּראַקטיצירן אַלס אַ דאָקטאָר אָדער אַן אַדוואָקאַט.

מען האָט דעם ייד נישט געטשעפּעט, אָבער מען האָט אים אויך קיין שום רעכט נישט געגעבן. איז דער ייד איצט גרייט געווען אָנצוהויבן צו קעמפן פאַר די זעלבע רעכט וואָס עס האָבן געהאַט אַלע אַנדערע בירגער. און דער קאַמף איז גאָר נישט לייכט געווען.

אמת, עס זענען געווען פריינטלעכע עלעמענטן צווישן דער באַפעלקערונג. אָבער בדרך כלל איז נאָך געווען אַ שאַרפע קנאה־שנאה לגבי די יידן. און צו דעם האָט אין א געוויסער מאָס בייגעטראָגן אויך אַ מין אַנטיסעמיטישע ליטעראַטור וואָס האָט זיך דעמאָלט באַוויזן, אָדער איז נאָך דערשינען אין פריער־דיקע יאָרן.

פון צווישן אַנדערע אַזעלכע ליטעראַרישע שאַפונגען געדענקען מיר אַמבעסטן, למשל, די דראַמע דער סוחר פון ווענעציע פון בעם באַרימטן וויליאַם שעקספּיר. די דאָזיקע דראַמע איז פאַרפאַסט געוואָרן אין אַ צייט ווען עס זענען אין ענגלאַנד קיין יידן נישט געווען, און שעקספּיר האָט גענומען אַ מענטש מיטן נאָמען שיילאָק, געמאַכט פון אים אַן אומסימפּאַטישן יידישן טיפּ, און אַלס אַזעלכן אים פאַרגעשטעלט פאַר דער עפנטלעכקייט.

אין דער אמתן איז די שיילאָק־כאַראַקטעריזאַציע געווען אַ מיאוסער בילבול אויפן יידישן פאָלק. דאָך האָט די גויאישע וועלט זי אָנגענומען, און עד היום איז דער שמוץ פאַרבליבן.

*

אַ לעבעדיקער מענטש אָבער לאָזט זיך נישט באַגרענעצן אָן אַ פאַרוואָס. זענען טאַקע געווען יידן, וואָס — כדי צו מאַכן אַ קאַריערע — האָבן זיי אויפגעגעבן זייער יידישקייט און אָנגענומען דעם קריסטלעכן גלויבן. צווישן אַזעלכע איז געווען די משפּחה ד׳איזראַעלי, וועלכע האָט זיך רח״ל געשמדט. און אַ זון פון דער משפּחה — בענדזשאַמין ד׳איזראַעלי — איז שפּעטער געוואָרן דער פּרעמיער־מיניסטער פון ענגלאַנד.

אָבער די גרויסע מערהייט פון יידן האָבן נישט געוואָלט גיין אין די טריט פון די ד׳איזראַעלים. פאַרקערט, זיי האָבן זיך געשטאַרקט אַלס יידן, און זייערע אָנפירער האָבן געגרינדעט דעם באַקאַנטן יידישן באַאַרד אָף דעפּיוטיס אין לאָנדאָן.

איינע פון די אויפגאַבן וואָס די יידן האָבן זיך געשטעלט איז געווען דורכצוזעצן זייער פאַרלאַנג, אַז דאָס לאַנד זאָל זיי אָנערקענען אַלס פולע בירגער. די נעגאַטיווע פרייהייט — דאָס וואָס מען האָט זיי נישט געטשעפּעט — האָט זיי מער נישט באַפרידיקט. זיי האָבן פאַרלאַנגט אַ פּאָזיטיווע פרייהייט. זיי האָבן געוואָלט זיך פריי אויסלעבן אויף אַלע געביטן פון מענטשלעכן שטרעבן. און זייער פרייהייט האָבן זיי שטופנווייז דערגרייכט.

אין יאָר 1753 האָט דער ענגלישער פּאַרלאַמענט אַרויסגעגעבן אַ געזעץ, לויט וועלכן אַ פרעמדער ייד פון אויסלאַנד האָט זיך געקענט נאַטוראַליזירן. אינעם זעלבן יאָר זענען אויך יידישע חתונות אָנערקענט געוואָרן אַלס געזעצלעכע חתונות.

מיר דאַרפן געדענקען, אַז אין יענע יאָרן האָט זיך דאָס

גאַנצע וועלטלעכע לעבן אָנגעהויבן מאָדערניזירן. ענגלאַנד האָט אָנגעהויבן ווערן אַ וועלט־אימפּעריע, מיט קאָלאָניעס אין אַלע וועלט־טיילן. אַלס אַזאַ אימפּעריע האָט די רעגירונג איינ־געזען, אַז זי מוז אָנהויבן אַרויסווייזן מער טאָלעראַנץ לגבי די פאַרשידענע פעלקער, וואָס וואוינען אין די ענגלישע לענדער. און דאָך איז איר שווער געווען עפּעס אָנצונעמען דעם היסטאָרישן שריט און צו געבן די יידן פולע גלייכבאַרעכטיקונג.

*

דערווייל איז געשען אַן אַנדערע זאַך. די וועלט האָט באַ־קומען גרויס דרך־ארץ פאַר ענגלאַנד אַלס אַן אימפּעריע. און אַזאַ דרך־ארץ האָט די וועלט אויך אָנגעהויבן אַרויסווייזן פאַר די ענגלישע יידן.

דאָס איז געווען אַ צייט, ווען די יידן האָבן געליטן פאַר־פאָלגונגען אין אַפריקע און אין רוסלאַנד און אין דער טערקישער אימפּעריע. און ווען דאָס ענגלישע יידנטום האָט וועגן דעם גע־הערט, איז עס אויפגעציטערט געוואָרן. און הגם זיי — די ענג־לישע יידן — האָבן אַליין ביי זיך אין לאַנד קיין פולע רעכט נישט געהאַט, האָבן זיי זיך דאָך געפילט גענוג שטאַרק אַרויסצוטרעטן און צו אינטערווענירן לטובת זייערע ברידער אין אַנדערע לענדער.

דאָס איז געטאָן געוואָרן דורכן יידישן באַאַרד אָף דעפּיוטיס, מיט וועלכן עס האָט דעמאָלט אָנגעפירט דער באַקאַנטער משה מאָנטעפיאָרע.

דער דאָזיקער משה מאָנטעפיאָרע איז געווען אַ ספרדישער ייד, מיט טיפע רעליגיעזע איבערצייגונגען. ער איז אויך געווען אַ רייכער מאַן, און פון זיינע געלטער האָט ער אַוועקגעגעבן גרויסע סומעס אויף פאַרשידענע וואוילטעטיקע צוועקן. ער איז געווען אַ קלוגער מענטש, מיט גוטע מידות, און אומעטום — אויך אין נישט־יידישע קרייזן — איז ער געווען באַליבט און געהאַלטן אין גרויס כבוד. און ער האָט עס טאַקע אונטערגע־נומען פיל רייזעס קיין אויסלאַנד צו אינטערווענירן לטובת די יידן אין פאַרשידענע לענדער.

אַזוי, למשל, איז אין יאָר 1840 אויסגעבראָכן אַ בלוט־

בילבול אין דמשק, און אַ גרויסע סכנה האָט געדראָט די דאָרטיקע יידן, ווען מען האָט אָפּגעטאָן די לאָקאַלע רעגירונג האָט שוין געהאַט אַריינגעוואָרפן אין תפיסה אַריין. און משה מאָנטעפיאָרע איז דאָרט אַרויסגעפאָרן, און זיין נאָבעלע שתדלנות האָט געברענגט דערצו, אַז מען האָט די יידן אָנערקענט אַלס אומשולדיק.

אָן ענלעכע הילף האָט משה מאָנטעפיאָרע אויך געגעבן די יידישע קהילות אין רוסלאַנד, וואו דער אַנטיסעמיטיזם האָט שטאַרק געבושעוועט אין יענע יאָרן, ווען צאַר ניקאָלאַי דער ערשטער און צאַר אַלעקסאַנדער דער דריטער האָבן אַרויסגעגעבן זייערע גרויזאַמע דעקרעטן קעגן די יידן. עטלעכע מאָל האָט משה מאָנטעפיאָרע באַזוכט פּעטערסבורג און פאַרהאַנדלט מיט דער רוסישער רעגירונג וועגן אַראָפּנעמען די גזירות פון דער יידישער באַפעלקערונג. ער איז אויך געפאָרן קיין רוים, צו אינטערווענירן ביים פּויפּסט, און אויך קיין מאַראָקאָ, צו אינטערווענירן ביים סולטאַן, און אויך קיין רומעניע און אַנדערע לענדער, וואו יידן האָבן זיך געפונען אין אַן עת צרה.

משה מאָנטעפיאָרע האָט מערערע מאָל אויך באַזוכט ארץ־ישראל — און מען קאָן גאָרנישט אָפּשאַצן ווי גרויס די שמחה אין געווען אינעם יידישן ישוב ווען אָט דער גרויסער און גע־טרייער ייד האָט זיך באַוויזן צווישן זיי און זיך משתדל געווען אין זייער נאָמען ביי די פאַרשידענע גויאישע מושלים אין ירושלים, אין קאַאירא און אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

גאָר אינטערעסאַנט איז, אַז וואו ער איז געפאָרן האָט ער מיט זיך מיטגענומען המלצה־בריוו פון דער ענגלישער רעגירונג, און אַזוי אַרום פלעגט ער אומעטום קומען מיט דער פולער מאָראַלישער אונטערשטיצונג פון דער מעכטיקער ענגלישער אימפּעריע. און אַ דאַנק זיינע אינטערווענצן האָט זיך דער גורל פון אונדזערע ברידער אין יענע צייטן אַ סך מאָל גאָר באַדייטנ־דיק פאַרבעסערט.

דאָן, זעענדיק ווי משה מאָנטעפיאָרע איז נוצלעך און באַ־ליבט, האָט די דעמאָלטדיקע ענגלישע מלכה — די באַרימטע קעניגין וויקטאָריע — אים אויפגענומען אויף אַן אוידיענץ, און אים באַשאָנקען מיטן אַדל־טיטול סער. בעת דער צערעמאָניע האָט ער פאַר איר געקניט — ווי דער מנהג איז — און די

קעניגין האָט אויף זיין אַקסל אַרויפגעלייגט אַ שווערד, און צו אים געזאָגט:

— שטיי אויף, סער מאָזעס...

סער מאָזעס מאָנטעפיאָרע איז אויפגעשטאַנען, און זיין אויפשטיין — אַזוי צו זאָגן — איז געווען אַ רוף צו די ענגלישע יידן, אַז זיי זאָלן ווייטער פירן זייער קאַמף פאַר גלייכבאַרעכטי־קונג. דאָס איז געווען אין יאָר 1837. און ביסלעכווייז, נאָך שווערע אָנשטרענגונגען, האָבן די מויערן פון זייערע ציווילע און פאָליטישע באַגרענעצונגען אָנגעהויבן צו פאַלן.

מען האָט זיי צוגעלאָזט צו קויפן באָדן, צו דינען אין מילי־טער, און צו דיפּלאָמירן זיך אויף די אוניווערזיטעטן. מען האָט זיי אויסגעוויילט אַלס מיטגלידער צום לאָנדאָנער שטאָט־ראַט ווי אויך צו שטאָט־ראַטן אין דער ענגלישער פּראָווינץ.

ענדלעך האָבן די יידן באַקומען פולע בירגערלעכע רעכט. און דער קאַמף האָט זיך איצט איבערגעטראָגן אויפן פּאָליטישן געביט. און אַ שאַרפער, און צייטנווייז — אַ ביטערער, קאַמף איז עס באמת געווען.

*

עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם, אַז יידן זאָלן זיך קענען באַטייליקן אין ענגלישן פּאַרלאַמענט. עטלעכע מאָל אין משך פון יאָרן האָט מען אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאָג, אַז מען זאָל מעגן יידן אויסוויילן אַלס פּאַרלאַמענטאַרישע דעפּוטאַטן, אָבער יעדעס מאָל זענען די פאָרשלאָגן אָפּגעוואָרפן געוואָרן.

די שוועריקייט פון פאָרמעלן שטאַנדפּונקט איז געווען וואָס יעדער דעפּוטאַט האָט געדאַרפט אָפּגעבן אַ שבועה, אַז ער וועט זיין לאָיאַל צו זיינע פּאַרלאַמענטאַרישע פליכטן, און די שבועה האָט געדאַרפט אָפּגעגעבן ווערן אויף דעם נאמנות פון דער קריסטלעכער רעליגיע. אַזוי ווי אָבער דער ייד האָט אַזאַ שבועה נישט געקאָנט אָפּגעבן, האָט ער נישט געקאָנט אַריינגיין אין פּאַרלאַמענט.

אַזוי, למשל, איז איינער פון דער באַקאַנטער ראָטשילד־משפחה עטלעכע מאָל אויסגעוויילט געוואָרן אַלס דעפּוטאַט. אָבער זיין אָרט אין פּאַרלאַמענט האָט ער נישט געטאָרט פאַרנעמען,

ווייל ער האָט נישט געקאָנט — און נישט געוואָלט — אָפּגעבן אַ שבועה אויף דעם נאמנות פון דער קריסטלעכער רעליגיע.

אַזוי האָט דער געראַנגל געדויערט העכער צוואַנציק יאָר. ביז עס ווערט אין יאָר 1851 אויסגעוויילט אַ ייד מיטן נאָמען דוד סאָלאָמאָנס, און דער סאָלאָמאָנס באַשליסט איין מאָל פאַר אַלעמאָל דורכצוזעצן די פראַגע פון פּאָליטישער גלייכבאַרעכ־טיקונג.

ער גייט אין פּאַרלאַמענט אַריין, ער גיט אָפּ אַ שבועה, ער לאָזט אָבער אַרויס די ווערטער אויף דעם נאמנות פון דער קריסטלעכער רעליגיע, און ער זעצט זיך אַוועק צווישן די אַנדערע דעפּוטאַטן. עס ווערט אַ טומל, און דער פאָרזיצער פון פּאַרלאַמענט באַפעלט אים צו פאַרלאָזן זיין אָרט און אַרויסגיין.

דוד סאָלאָמאָנס שרעקט זיך נישט אָפּ. ער שטעלט זיך אויף און ער האַלט אַ רעדע און אַפּעלירט מען זאָל אָנערקענען זיינע רעכט. ער ווערט אָבער מיט כוח אַרויסגעוואָרפן, און מען קלאָגט אים אָן אין געריכט פאַר פאַרנעמען אַן אָרט אין פּאַרלאַמענט אויף אַן אומגעזעצלעכן אופן. און ער ווערט באַשטראָפט מיט אַ קנס פון 1500 פונט, אַ סומע וואָס איז אין יענע צייטן געווען אומגעהויער גרויס.

דוד סאָלאָמאָנס האָט די שטראָף באַצאָלט. אָבער זיין אומ־קאָנסטיטוציאָנעלע האַנדלונג האָט דווקא צוגעיאָגט די לייזונג פון דעם גאַנצן קנויל מיט פּראָבלעמען.

*

נאָך עטלעכע יאָר האָט דער געראַנגל געדויערט. ענדלעך — אין יאָר 1858 — איז אָנגענומען געוואָרן אַ געזעץ וועגן אַרויסלאָזן די קריסטלעכע פראַזע פון דער שבועה. אַזוי אַרום האָט דער ייד באַקומען אַ מעגלעכקייט צו ווערן אַ דעפּוטאַט. און אין דעם זעלבן יאָר ווערט באַראָן ראָטשילד אויסגעוויילט אַלס דעפּוטאַט, און ער ווערט דער ערשטער יידישער מיטגליד פונעם ענגלישן פּאַרלאַמענט.

מיט עטלעכע יאָר שפּעטער ווערט אַן אַנדער מיטגליד פון דער ראָטשילד־משפחה באַשאָנקען מיטן אַדל־טיטול לאָרד, און ער ווערט דער ערשטער ייד צו פאַרנעמען אַן אָרט אינעם ענג־לישן לאָרדן־הויז.

אַזוי אַרום איז די לעצטע באַריערע געפאַלן. דער ייד איז געוואָרן גלייכבאַרעכטיקט אין אַלע הינזיכטן, און ער וועט ווייטער קיין שום שטערונגען מער נישט האָבן אַלס ענגלישער בירגער צוליב זיין יידישקייט. אין די ראַמען פון דעם ענגלישן געזעץ האָט ער פון איצט אָן זיך געקענט אויסלעבן פּאָליטיש, געזעלשאַפטלעך און קולטורעל מיט אַלעמען צוגלייך. זיינע גע־רעכטע פאַרלאַנגען זענען דערפילט געוואָרן. זיין קאַמף איז געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג, און זיין דריט קאַפּיטל אין דער ענגליש־יידישער געשיכטע האָט זיך געעפנט...

*

דאָס אַלץ וועט דעם קומענדיקן יאָר דער יידישער ישוב אין ענגלאַנד דערמאָנען, און ער וועט זיין צופרידן.

דער ייד וועט זיך דערמאָנען וועגן דעם שווערן וועג וואָס ער האָט מיטגעמאַכט, און טאָפּלט טייער וועלן ביי אים זיין זיינע דערגרייכונגען. ער וועט זיך אויך דערמאָנען ווי ענגלאַנד האָט אין די לעצטע פּאָר צענדליק יאָר אַריינגעלאָזט צו זיך טויזנטער יידן פון די רדיפות אין רוסלאַנד און דייטשלאַנד, און אַז היינט־צו־טאָג געפינט זיך אין ענגלאַנד אַ יידישער ישוב פון קרוב אַ האַלבן מיליאָן נפשות קע״ה. ער וועט זיך אויך דערמאָנען וועגן דער שטיצע וואָס ענגלאַנד האָט געגעבן די יידן אין אַנדערע לענדער. ער וועט זיך דערמאָנען וועגן דער ראָל וואָס ענגלאַנד האָט געשפּילט אין צוזאַמענהאַנג מיט ארץ־ישראל, און וועגן דער באַרימטער באַלפור־דעקלאַראַציע וואָס די ענגלישע רעגירונג האָט אַרויסגעגעבן, אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין שייכות מיטן שאַפן אין ארץ־ישראל אַ נאַציאָנאַלע היים פאַרן יידישן פאָלק.

עס זענען געווען פיל שוועריקייטן פון אַ פּאָליטישן כאַראַק־טער אין שייכות מיט ארץ־ישראל, און עס וועלן מסתמא זיין נאָך אַ סך אַנדערע שוועריקייטן אין דער צוקונפט. אָבער דער ענגלישער ייד איז שטאָלץ מיט זיין ענגלישן בירגער־רעכט.

ווייטער וועט זיך דער ייד דערמאָנען, אַז לעצטנס זענען געווען אין ענגלאַנד אַזעלכע יידן־פריינד ווי לאָרד טאָמאַס מאַקאָלעי, וועלכער האָט געשטורעמט אין פּאַרלאַמענט, אַז מען זאָל אויפהערן צו טראַקטירן דעם ייד ווי אַ צווייטראַנגיקן ביר־גער; ווי לאָרד בייראָן, וועלכער האָט מיט זיינע העברעאישע

מעלאַדיעס דערמוטיקט יידישע האָפענונגען; ווי סער דזשאָזעף טשעמבערליין, וועלכער האָט געוואָלט שאַפן אַ נאַציאָנאַלע היים פאַר די יידן אין איינעם פון די לענדער פון דער בריטישער אימפעריע; און אַזעלכע סימפּאַטיזירנדיקע און בייהילפיקע פּער־זענלעכקייטן ווי לאָרד דזשאָרדזש, דזשאָסייאַ וועדזשוואָוד, קאָלאָנעל פּאַטערסאָן, אָרד ווינגייט און סער ווינסטאָן טשערטשיל אין אונדזערע היינטיקע צייטן.

דער ייד וועט זיך אויך דערמאָנען, אַז אין די לעצטע פופציק יאָר בערך האָט זיין ברודער־ייד פאַרנומען אייניקע פון די העכ־סטע פּאָסטנס אין דער בריטישער אימפּעריע, ווי, למשל, לאָרד רעדינג, דער בריטישער וויצע־קעניג אין אינדיע, און סער הער־בערט סעמיועל, דער ערשטער בריטישער הויך־קאָמיסאַר אין ארץ־ישראל. אָט פון דעם אַלעם איז דער ענגלישער ייד שטאָלץ.

ער איז אויך שטאָלץ ווייל דאָס אינערלעך־יידישע לעבן אין ענגלאַנד איז היינט שטאַרק אָרגאַניזירט און שטייט אויף אַ הויכן ניוואָ. עס זענען דאָרט דאָ בתי־מדרשים און שולן און ישיבות און רבנים און בתי־דין און אמונה־טרייע קהילות, און ביי זיי אַלעמען איז דאָ די העכסטע איבערגעגעבנקייט צו דער יידישער קעגנוואַרט ווי אויך צו אונדזער צוקונפט. אמת, עס זענען דאָרט פאַראַן אויך אַ סך דערשיינונגען פון אַן אַסימילאַטאָרישן כאַראַק־טער, אָבער דאָס זענען ווי די אומגעזונטע פרוכטן וועלכע קענען זיך נישט האַלטן אויפן בוים, און ווען עס קומט אַ ווינטל פאַלן זיי אַראָפּ און פאַרלירן זיך...

אָבער בדרך כלל איז דאָס יידישע לעבן אין ענגלאַנד באַזירט אויף אַ פעסטן יסוד, און צווישן די גרויסע ענגליש־יידישע פירער זענען היינט פאַראַן אַזעלכע גייסטיקע פּערזענלעכקייטן ווי דער הרב הראשי ד״ר ישראל בראָדי שליט״א און דער ספר־דישער חכם הרב ד״ר שלמה גאון שליט״א.

איצט, ביים פאַרעפנטלעכן דאָס דאָזיקע בוך, וויל איך דערמאָנען נאָך צוויי פּאַרדינסטפולע זין פונעם ענגלישן יידנטום: הרב ד״ר שלמה שענפעלד שליט״א, אַ דינאַמישער און אומדער־מידלעכער גרינדער פון אַ ריי יידישע טאָג־שולן, אין וועלכע עס ווערן דערצויגן דורות תלמידים מיט אַן אמתדיק תורה־טרייען גייסט אין זייערע הערצער; און סער אייזיק וואָלפסאָן יחי׳, אַ טראַדיציאָנעלער ייד, אַ הויך־געשעצטער פירער און

באַרימטער נדבן פאַר אומצייליקע יידישע און אַלגעמיינע צוועקן אין ענגלאַנד. מיט דער הילף פון זיין פרוי, ליידי וואָלפסאָן תחי׳, שטייט סער אייזיק היינט אין סאַמע פראָנט פון אונדזער רעליגיעזער און נאַציאָנאַלער אויפלעבונג, און זיין מאָראַלישע און מאַטעריעלע באַטייליקונג אין די פאַרשידנסטע אונטערנע־מונגען אין היינטיקן ארץ־ישראל איז גאָר נישט אָפּצושאַצן.

זאָלן זיי אַלע מאריך ימים ושנים זיין.

אויך איז דער ענגלישער ייד שטאָלץ ווייל ער ווייסט, אַז ענגלאַנד איז היינט באמת אַ ציוויליזירט לאַנד, וואו מען האַלט הויך די אידעאַלן פון תנ״ך, אַ לאַנד אין וועלכן די פרייהייט פון אַלע בירגער ווערט אָפּגעהיט — אָן אונטערשיד פון ראַסע און רעליגיע. און ווי לאַנג די דאָזיקע פרייהייט עקזיסטירט אין ענגלאַנד, קענען מיר זיכער זיין, אַז מיר וועלן האָבן אונדזער פרייהייט אויך אין אַלע אַנדערע ענגלישע לענדער.

מיר דאָ אין וויטן אויסטראַליע פרייען זיך מיטן מצב פון אונדזערע ברידער אין יענעם לאַנד. געשיכטלעך האָט זיך דער יידישער ישוב דאָ טאַקע אָנגעהויבן ווען מיט אַ הונדערט און פופציק יאָר צוריק זענען דאָ אָנגעקומען די ערשטע יידן פון ענגלאַנד און געגרינדעט צווישן אַנדערע די עלטסטע קהילות אין אויסטראַליע — אין סידנעי און אין מעלבורן. און כאָטש אין די לעצטע יאָרן, צוליבן צופלוס פון אונדזערע ניי־געקומענע ברידער און שוועסטער פון די אַלטע היימען אונדזערע אין פוילן און אין אַנדערע חשוב־יידישע לענדער, האָט זיך דער אויפבוי פון אונדזער היגער קהילה אַ סך געענדערט, דאָך פילן מיר זיך אַזוי ווי אײנער פון די טיילן פון דעם בריטישן יידנטום.

זייער יום־טוב איז אויך אונדזער יום־טוב. זייערע דער־גרייכונגען זענען אויך אונדזערע דערגרייכונגען, און וואָס שייך די גרויסע און פולע פרייהייט וואָס מיר האָבן דאָ אין אויסטראַליע, ווייסן מיר, אַז זי איז איינגעוואָרצלט אין דער פולער פרייהייט פאַר וועלכער די יידן אין ענגלאַנד האָבן אַזוי לאַנג און שטאַרק געקעמפט.

מיר באַגריסן אונדזער יידישן ישוב אין ענגלאַנד צוליב דעם דריי־הונדערט־יאָריקן יובילײ, וועלכן זיי וועלן בקרוב פייערן, און מיר שיקן זיי איבער אונדזערע בעסטע וואונטשן פאַר אַ הערלעכער און גליקלעכער צוקונפט.

## די מערקווירדיקע דאָקומענטן פֿון ים־המלח

**דער פֿאַרשטאָרבענער פּראָפֿעסאָר פֿון ירושלימער אוני־ווערזיטעט, ד״ר אליעזר סוקעניק ע״ה, האָט איבערגעלאָזט טאָג־ביכער, אין וועלכע ער האָט פֿאַרצייכנט די פֿאַרשידענע איינ־דרוקן פֿון זיין פּערזענלעכן און וויסנשאַפֿטלעכן לעבן. אין איינעם פֿון די טאָג־ביכער, אונטער דער דאַטע פֿון 31־טן דע־צעמבער 1948, געפֿינט זיך די פֿאָלגנדיקע פֿאַרצייכענונג:**

אַ גורלדיק יאָר אין דער געשיכטע פֿון אונדזער פֿאָלק האָט זיך פֿאַרענדיקט; אַ יסורימדיק יאָר — מתתיהו איז אומגעקומען, ת.נ.צ.ב.ה.; ווען נישט די אַנטדעקטע גניזה, וואָלט דאָס יסורים־דיקע יאָר געווען אומדערטרעגלעך פֿאַר מיר.

**דער** מתתיהו **איז געווען דעם פּראָפֿעסאָרס יונגסטער זון. ער איז געווען אַן אָפֿיציר אין דעם ארץ־ישראלדיקן לופֿט־פֿלאָט אין די טעג פֿון** מדינת־ישראלס מלחמת השיחרור, **און איז אומ־געקומען אין איינער פֿון די שלאַכטן קעגן די אַראַבער אין 1948.**

**די אַנטדעקטע** גניזה, **וועלכע פּראָפֿעסאָר סוקעניק דער־מאָנט, האָט אַ שייכות מיט די אַלטערטימלעכע מאַנוסקריפּטן, וועלכע עטלעכע אַראַבישע בעדואינער האָבן אין 1947 געפֿונען אין היילן צווישן די בערג, נישט ווייט פֿון די מערבֿדיקע ברעגעס פֿון ים־המלח.**

**די בעדואינער האָבן געזוכט אַ שעפּסל וואָס איז פֿאַרלוירן געגאַנגען פֿון זייער סטאַדע. גייענדיק אַזוי אין דעם** מדבר יהודה **האָבן זיי באַמערקט אַן עפֿענונג אין דער זייט פֿון אַ באַרג און האָבן אָנגעהויבן דאָרט שטיינער אַריינוואַרפֿן. זיי האָבן געמיינט, אַז דאָרט האָט זיך זייער שעפּסעלע אפֿשר אויסבאַ־האַלטן, און איצט וועט עס זיך אָפּרופֿן. אַנשטאָט דעם האָבן זיי אָבער געהערט אַ ווידערקול פֿון ערדישע כלים אין וועלכע די שטיינער האָבן געטראָפֿן.**

זענען זיי אַריין אין דעם אויסגעהוילענעם באַרג, און אין דער הייל האָבן זיי דערזען די ערדענע קרוגן. ווער ווייסט וואָס פאַר אַ אוצרות מיט גאָלד ליגן אין די קרוגן, האָבן זיי זיך צוערשט געטראַכט. קיין גאָלד איז אָבער אין די קרוגן נישט געווען נאָר אַ צאָל אַלטע כתב־ידן צוזאַמענגעוויקלט ווי מגילות, און איינגעפּאַקט און פאַרזיגלט אין כמעט־פוילנדיקן לייוונט.

פאַר די בעדואינער זענען די מגילות געווען אַ גרויסע אַנטוישונג. זיי האָבן נישט געוואוסט וואָס מיט זיי צו טאָן. און נאָך לאַנגע באַמיאונגען איז זיי געלונגען צו פאַרקויפן דעם אוצר — עלף מגילות — פאַר אַ פאָר פונט צו אַן אַראַבער אין בית־לחם.

דאָס איז גראָד געווען בשעת עס זענען פאָרגעקומען די אומרוען אין דער געגנט אַרום ירושלים. און פּלוצלונג האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז מ'האָט עפּעס אַנטדעקט גאָר־גאָר אַלטע דאָקומענטן. פּראָפעסאָר סוקעניק, וועלכער איז געווען פון די וועלט־מומחים אין אַזעלכע ענינים, איז געווען צווישן די ערשטע וואָס האָבן די זאַך גענוי נאָכגעפאָרשט.

און איין טאָג נאָכן 29־טן נאָוועמבער 1947 — ווען די יונ"אָ האָט באַשלאָסן אַז אַ יידישע מדינה זאָל אויפגעשטעלט ווערן, און די אַראַבישע קוילן זענען געפלויגן פון אַלע זייטן — איז סוקעניק אַרויסגעפאָרן קיין בית־לחם כדי אויסצוגעפינען די מגילות.

שוין דעמאָלט אָבער זענען פינף פון די עלף געפונענע מגילות איבערגענומען געוואָרן פון אַ סיריש־קריסטלעכן גלח. און דער יידישער פּראָפעסאָר האָט שנעל אָפּגעקויפט די פאַר־בליבענע זעקס פאַר דעם העברעאישן אוניווערזיטעט.

ער האָט זיי אָנגעהויבן שטודירן, אַנטציפערן די אַלט־העב־רעאישע שריפט, אין וועלכער די כתב־ידן זענען געווען פאַר־פאַסט, און אויספאָרשן זייער אינהאַלט.

גלייכצייטיק האָבן אויך גויאישע געלערנטע גענומען שטו־דירן די מגילות וועלכע דער גלח האָט געהאַלטן, און ביסלעכווייז האָבן זיי פאַרעפנטלעכט די טעקסטן צוזאַמען מיט זייערע וויסנ־שאַפטלעכע אויספירונגען.

פאַר פּראָפעסאָר סוקעניק איז דאָס געווען אַ גאָר ווערט־פולע אַרכעאָלאָגישע אַנטדעקונג. אַזוי ווערטפול, אַז זי האָט

אים געגעבן אַ געפיל פון נחמה אין 1948, ווען ער האָט פאַרלוירן זיין יונגסטן זון אויפן מזבח פון ישׂראלס פרייהייטס־קאַמף.

*

מיט דער צייט האָבן די מגילות באַקומען נעמען. איינע האָט מען אָנגערופן דער קאַמף פון די קינדער פון ליכט קעגן די קינדער פון פינצטערניש. אַ צווייטע האָט מען אָנגערופן דאָס האַנט־בוך פון דיסציפּלין. אַ דריטע האָט מען אָנגערופן דאַנק־ און לויב־געזאַנגען. אַנדערע מגילות זענען געווען אַ פּירוש אויף ספר חבקוק, אַ פּירוש אויף ספר מיכה, אַ טעקסט פון ספר ישעיהו און מגילת למך.

אָבער נישט נאָר פאַר פּראָפעסאָר סוקעניק דעם ייד, נאָר אויך פאַר די וויסנשאַפטלער פון דער וועלט האָבן די דאָזיקע דאָקומענטן אָנגעהויבן האָבן אַ ספּעציעלע וויכטיקייט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די מגילות שטאַמען פון אַ צייט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אַן ערך 150 יאָר פאַרן חורבן פון צווייטן בית־המקדש. דאָס איז געווען אַ העכסט־וויכטיקע תקופה אין דער יידישער געשיכטע. די חשמונאים האָבן דעמאָלט געהאַט אָפּגע־רייניקט דאָס לאַנד פון גריכיש־העלעניסטישע איינפלוסן. ביס־לעכוויז אָבער האָט די רוימישע אימפּעריע דעמאָלט אָנגעהויבן אויסשפּרייטן אירע פליגל איבערן יידישן לאַנד, ווי אויך איבערן גאַנצן נאָענטן מזרח.

פול מיט שוועריקייטן איז יענע תקופה געווען, און אין איר איז אַנטשטאַנען אַ יידיש־מיסטישע באַוועגונג אין ארץ־ישׂראל, וואָס האָט איבערגעלאָזט אירע שפּורן אין די אַזוי גערופענע כתובים אחרונים און אין אַנדערע ספרים, וועלכע מיר באַצייכענען אַלס די ספרים חיצוניים. מען ווייסט, אַז די דאָזיקע באַוועגונג האָט באַאיינפלוסט די וואָס האָבן שפּעטער געגרינדעט די נוצרישע אמונה. היינט וויל מען זאָגן, אַז אויך די ניי־געפונענע מגילות האָבן אפשר געהאַט אַ השפּעה אויף די נוצרישע גרינדער. עס איז דעריבער קלאָר, אַז די נישט־יידישע וועלט האָט נישט געקענט בלייבן גלייכגילטיק לגבי די ים־המלח אַנט־דעקונגען.

*

אַן אַנדערער זייער וויכטיקער פּונקט איז דער. ביזן יאָר 1947 האָבן מיר געהאַט כּתב־ידן פון תנ״ך, וואָס זענען נישט עלטער געווען ווי אַן ערך פון 1100 יאָר. וואָס עלטער אַזאַ כּתב־יד איז, גרעסער איז זיין יקר־המציאותדיקייט און אַלץ וויכטיקער איז ער פאַר דער תנ״ך־פאָרשונג. און איצט איז מיט איין מאָל אַנטדעקט געוואָרן אַ גאַנצע גרופּע כּתב־ידן פון תנ״ך, וואָס זענען איבער צוויי־טויזנט יאָר אַלט!

ווייטער, מיר האַלטן דעם תנ״ך אַלס דעם הייליקסטן זאַץ מיט ספרים. אויך אַ גרויסער טייל פון דער גאַנצער וועלט־באַפעלקערונג האָט אַן ענלעכע אויפפאַסונג. יעדעס וואָרט אין תנ״ך איז פאַרהייליקט און ווערט געמאָסטן און געוואויגן מיט דער גרעסטער פּאָרזיכטיקייט, ווייל אַזויפיל רעליגיעזע און טע־אָלאָגישע טעאָריעס הענגען אָפּ פון דער קאָרעקטער פּראַזעאָ־לאָגיע פון דעם תנ״כישן טעקסט.

איין איינציק אות אין דער איבערגעגעבענעם טעקסט — די מסורה — קאָן מאַכן אַ גרויסן אונטערשיד אין דער איבער־זעצונג פון אַ פּסוק און אין דער באַדייטונג פון אַ תנ״כישן געדאַנק. מען פרעגט זיך — אַזוי איז שוין פון לאַנגע יאָרן — צי דער תנ״ך וואָס מיר האָבן — דאָס הייסט דער מסורה־נוסח — האָט באמת פּרעזערווירט דעם אָריגינעלן נוסח, — כאָטש ביי דעם אָפּגעהיטענעם ייד איז אין דעם קיין ספק נישטאָ — אָדער זענען אפשר אין אים אַריינגעפאַלן געוויסע טעותים אין משך פון דער גאָר־גאָר לאַנגער צייט...

און איצט האָבן מיר אַזאַ אַנטדעקונג, וועלכע ברענגט אונדז ספרים פון דעם תנ״ך פון פאַר העכער 2000 יאָר צוריק, און וואָס וועלן אונדז דערמעגלעכן צו פאַרגלייכן אונדזער נוסח מיט דעם וואָס איז געווען באַקאַנט אין די טעג פון הלל און שמאי און פון די אנשי כנסת הגדולה.

די אויספאָרשונגען זענען ביז איצט נאָך ווייט נישט פאַר־ענדיקט. בעצם אַנטדעקט מען כסדר נייע מאַטעריאַלן טאַקע דאָרט נישט ווייט פון ים־המלח. אין די לעצטע פאַר יאָר האָט מען געפונען העכער צען טויזנט פראַגמענטן פון כּתב־ידן אויף לעדער און פּערגאַמענט, און אויפשריפטן אויף בראָנז און שאַרבנס. און אין די אַרכעאָלאָגישע לער־אַנטשטאַלטן פון

ירושלים און פון ענגלאַנד, און אַ סך אַנדערע לענדער, פאַרנע־מען זיך די וויסנשאַפטלער מיט דער אַנטציפערונג פון די אַלע פאַרשידענע כתב־ידן.

*

איינע פון די אינטערעסאַנטסטע פראַגן וואָס די ים־המלח מגילות האָבן אַרויסגערופן איז אין צוזאַמענהאַנג מיט אַ מיס־טעריעזער סעקטע פון יידן וואָס האָבן געלעבט אין ארץ־ישראל אין די צייטן פון בית־שני.

עס איז שוין לאַנג באַקאַנט אַז אַ חוץ די צדוקים און די פרושים איז אין יענער צייט אויך געווען אַ גרופּע מענטשן וועל־כע האָבן זיך גערופן איסיים.

די פילאָלאָגישע באַדייטונג פון דעם נאָמען איסיים איז נאָך נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן. אייניקע האַלטן אַז דער נאָמען שטאַמט פון דעם וואָרט חסידים, וואָס דאַרף אָנווייזן אויף דער אויסערגעוויינלעכער פרומקייט פון דער סעקטע. אַנדערע גע־לערנטע זאָגן, אַז איסיים איז פאַרבונדן מיטן אַראַמעאישן וואָרט אסי, וואָס מיינט צו היילן, ווייל די מיטגלידער האָבן זיך פאַר־נומען מיט היילן קראַנקע.

די סעקטע, ווייסט מען, האָט זיך צוריקגעצויגן פון שטאָ־טישן לעבן אין די טעג פון די חשמונאים, און זיי האָבן געגרינדעט אַ ישוב אין מדבר יהודה.

די מיטגלידער זענען געווען שטרענג דיסציפּלינירט. זייער צאָל האָט דערגרייכט ביז דריי אָדער פיר טויזנט נפשות, בלויז מענער. זיי האָבן נישט חתונה געהאַט און נישט צוגעלאָזט קיין קינדער צו זיך. אַלע זייערע פאַרמעגנס און פאַרדינסטן האָבן זיי געהאַלטן בשותפות. זיי זענען געווען בעלי־מלאכות אָדער פעלד־אַרבעטער, און אין דער פרייער צייט האָבן זיי זיך געווידמעט צו לערנען און דענקען וועגן געטלעכע און עטישע ענינים.

מיט דער אַנטדעקונג פון די מגילות ביים ים־המלח האָט זיך דער וויסנשאַפטלעכער אינטערעס אין דעם פּראָבלעם פון די איסיים פון דאָס ניי אויפגעוועקט, ווייל עטלעכע פון די מגילות, זעט אויס, האָבן אַ דירעקטע שייכות צו דער סעקטע. אַ סך וויסנשאַפטלער זאָגן גאָר, אַז די אַלע געפונענע כתב־ידן זענען

בעצם געשריבן געוואָרן דורך די איסיים און אַז די קאָפּיעס פון די ספרי־תנ״ך וועלכע מ׳האָט אַנטדעקט שטאַמען טאַקע פון דער ביבליאָטעק פון דער סעקטע.

לעצטנס האָט מען אויך אויסגעגראָבן, נישט ווייט פון ים־המלח, די חורבות פון אַן אַלטער שטיינערנער געביידע, וואו די איסיים האָבן געוואוינט. צווישן אַנדערע זאַכן האָט מען דאָרט אויך געפונען אַ לאַנגן שרייב־טיש, פאַרשידענע שרייב־געצייג, און אַ ריי באָד־באַסיינער (מקוואות), אין וועלכע די מיטגלידער האָבן זיך טובל געווען און געוואַשן יעדן טאָג. דער כתב־יד דאָס האַנט־בוך פון דיסציפלין, וועלכן מיר האָבן פריער דער־מאָנט, זאָגט מען, גיט איבער די שטרענגע מנהגים לויט וועלכע די איסיים האָבן זיך אויפגעפירט.

*

ווי יעדע גרופּע מענטשן, וואָס זונדערט זיך אָפּ צוליב געוויסע צוועקן, האָט אויך די ים־המלח גרופּע זיך באַטראַכט אַלס עקסקלוזיווע. זיי זענען געווען די עדה הקדושה, אָדער דער סוד הקדושים. בראש פון זיי איז געשטאַנען אַזאַ מין קאָמיטעט, צונויפגעשטעלט פון כהנים און זקנים, און זייער גאַנץ לעבן איז געווען געווידמעט דעם שטרעבן צו אַ רעליגיעזער און מאָראַלי־שער פאַרפולקאָמונג.

ווען איינער האָט זיך געוואָלט אָנשליסן אַלס אַ מיטגליד פון דער סעקטע, האָט ער געמוזט דורכגיין גאַנצע דריי יאָר פון פאַרשידענע פּראָבעס; ערשט דאַן האָט מען אים צוגעלאָזט צו די צערעמאָניעס פון דער גרופּע, צו אירע געמיינזאַמע באַ־ראַטונגען, און אירע געמיינזאַמע מאָלצייטן.

די קערפּערשאַפט האָט זיך גערופן יחד — אַ צוזאַמענקייט.

פון די כתב־ידן איז קלאָר, אַז די גרופּע האָט נישט געלעבט בשלום מיט דער אָפיציעלער פאָרשטייערשאַפט פון יידישן פאָלק. עס רעדט זיך דאָרט אויך וועגן די רדיפות וואָס דער לערער פון גערעכטיקייט פון דער סעקטע האָט געהאַט אויסצו־שטיין פון דעם רשעותדיקן כהן פון ערגעץ אַנדערש.

אָבער ביז איצט איז נאָך נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן ווער די דערמאָנטע פּערזענלעכקייטן זענען געווען, און עס איז אויך אין גאַנצן נישט קלאָר צי די אויסטייטשונג פון די טעקסטן

איז אַ קאָרעקטע און פּאַרלעסלעכע, ווייל די שפּראַך באַנוצט זיך מיט אַ פּראָזעאָלאָגיע וואָס קלינגט פרעמד ביי די אמתע גע־לערנטע אין דער העברעאישער שפּראַך.

אַלנפאַלס קאָן מען דערוואַרטן, אַז די געפונענע גניזה וועט זיכער אויפדעקן נייע פּרטים אין דער געשיכטע פון ארץ־ישראל אין יענער תקופה. און די פּרטים דערוואַרט מען מיט דער גרעסטער פּאַראינטערעסירונג. איינע פון די מגילות אַנטהאַלט אַ רשימה פון סכומים פון גאָלד און זילבער, און געוויסע גע־לערנטע גלויבן, אַז דאָס איז אין צוזאַמענהאַנג מיטן גאָלד און זילבער וואָס מען האָט אַרויסגענומען פון בית־המקדש און באַ־האַלטן אין די אומצוגענגלעכע בערג אין מדבר יהודה, בשעת די רוימישע לעגיאָנען האָבן באַלאַגערט ירושלים פאַרן חורבן.

אָבער וואו די אָרטשאַפטן זענען, אין וועלכע מען האָט די אוצרות באַהאַלטן, איז דערווייל נישט באַקאַנט.

*

די דאָקומענטן, וועגן וועלכע מיר רעדן דאָ, ווערן אויך אָנגערופן די מגילות פון קומראַן, ווייל קומראַן איז דער נאָמען פון דער אָרטשאַפט — אויף דער אַראַבישער זייט פונעם מערב־ברעג פון ים־המלח — וואו מען האָט די דאָקומענטן אַנטדעקט.

בכלל איז כדאי צו דערמאָנען, אַז עס איז פאַראַן אַ מיינונג אַז די געפונענע דאָקומענטן זענען גאָרנישט אַזוי אַלט ווי מען האָט לכתחילה געגלויבט. לויט דער דאָזיקער מיינונג קומט אויס, אַז די דאָקומענטן זענען נישט פאַרפאַסט געוואָרן פאַרן חורבן פון בית־המקדש, נאָר אַ סך שפּעטער, אין די יאָרן פון דעם מיטלאַלטער, און אַלס אַזעלכע האָבן די דאָקומענטן נישט קיין גרויסן ווערט פון דעם היסטאָריש־אַרכעאָלאָגישן שטאַנד־פונקט.

דערווייל וואַקסט די שפּאַנונג.

ווער זענען באמת געווען די יידן וואָס האָבן זיך באַזעצט אין די היילן פון קומראַן און געפירט אַזאַ מיסטעריעז לעבן? וואָס האָבן זיי געוואָלט דערגרייכן מיט זייער אָפּגעזונדערקייט? מיט זייער טיפער רעליגיעזקייט? ווער און וואָס האָט זיי גע־צוואונגען צו פאַרלאָזן די באַוואוינטע שטעט — וואו עס איז געווען אַזויפיל קאַמף און האָפענונג — און גיין זיך אויסבאַהאַלטן צווישן די שטיינערנע וויסטענישן פון די בערג?

און ווער זענען דאָס געווען די גייסטיקע פירער זייערע און די מחברים וואָס האָבן אונדז איבערגעלאָזט שריפטן, אין וועלכע מען געפינט פּאָעזיע און גאָט־זוכנדיקע געדאַנקען וואָס קענען כמעט פאַרגליכן ווערן מיט די שענסטע רעליגיעזע שטימונגען פון אונדזער ספר־תהילים?

*

אויף די אַלע פראַגן זוכט מען אַ לייזונג, אָבער ווען זי וועט געפונען ווערן איז שווער צו זאָגן.

איינער פון די וויסנשאַפטלער וועלכע שטודירן די נייע דאָקומענטן איז דער באַרימטער פּראָפעסאָר יגאל ידין, דער געוועזענער הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער ישראל־אַרמיי בשעת דעם אַראַביש־יידישן קריג. אגב, יגאל ידין איז דער עלטערער זון פון פונעם פאַרשטאָרבענעם פּראָפעסאָר סוקעניק ע"ה, וועלכער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט דעם גאַנצן ענין, און יגאל ידין אַליין באַציט זיך צו די אַלטערטימ־לעכע מגילות מיט אַזויפיל ליבשאַפט, אַז ער האָט נישט גערוט ביז עס איז אים מיט עטלעכע יאָר צוריק געלונגען אויסצוקויפן די פינף מגילות, וועלכע זענען געווען פאַרבליבן ביים אויבן דערמאָנטן גלח.

מיט דער הילף פון אַן אַנאָנימען יידישן פילאַנטראָפּ האָט יגאל ידין פאַר זיי באַצאָלט אַ פערטל מיליאָן דאָלאַר...

היינט געפינען זיך די אַלע עלף מגילות אין ירושלים, און די רעגירונג פון אונדזער לאַנד וועט זיי אַלע אויסשטעלן אין אַ היכל־הספר, וועלכער דאַרף פאַר זיי ספּעציעל אויסגעבויט ווערן.

In honour of

Mr. & Mrs. Solomon Bak

לכבוד

ר׳ שלמה ב״ר יצחק יהודה

וזוג׳ מרת הענע בת ר׳ מרדכי

יחיו

## דער רוף פון יידישן געוויסן

ווידער אַמאָל שטייען מיר אין אָנבליק פון פאַרכטיקע טעג. נישט פון דרויסן דערציילט מען אונדז וועגן זיי, און נישט קיין געזעץ פון דעם אָדער יענעם לאַנד פאָדערט פון אונדז, אַז מיר זאָלן זיך מיט אָט די טעג פאַרנעמען. נאָר דאָס אינערלעכסטע געוויסן וועקט זיך ביי אונדז אויף און מאָנט, אַז מיר זאָלן זיך אַ דין־וחשבון אָפּגעבן.

— מענטש... — זאָגט עס צו אונדז — נאָך אַ יאָר איז אָפּ־געלאָפן. דיין ענערגיע האָט זיך פאַרקלענערט, און דיינע האָר זענען נאָך מער גרוי געוואָרן. האָסטו זיך פאַרטראַכט וועגן דעם געטלעכן עלעמענט וואָס וואוינט אין דיר, און וואָס טוישט זיך נישט און ווערט נישט פאַרעלטערט?

— ייד... — זאָגט עס צו אונדז — דו ביסט אויסגעווײלט געוואָרן צו זיין דער אייביקער עדות פון אַן אַלמעכטיקן פירער דאָ, אויף דער ערדישער וועלט. מען האָט דיר אָנפאַרטרויט דעם באַזיץ פונעם העכסטן אמת, פון אַ פאַרהייליקנדיקן לעבנס־שטייגער. האָסטו זיך גערעכנט מיט דעם אַלעם, ווען דו ביסט אין דיין היים געזעסן אָדער אין דער גאַס זיך באַוויזן?

— קוק מיר אין פנים אַריין... — זאָגט דאָס געוויסן צו אונדז — פאַרוואָס רויטלסטו זיך, און פאַרוואָס לאָזטו אַראָפּ דיינע אויגן, אַזוי ווי דו וואָלסט זיך פאַר עפּעס געשעמט?

*

די ימים נוראים זענען די שפּראַך פון אונדזער יידישן גע־וויסן. ראש־השנה אפשר נאָך מער אַזוי ווי יום־כיפור. אין דער ליטעראַטור אונדזערער הייסט עס, אַז דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן אום ראש־השנה. דער ויפח באפיו נשמת חיים, זאָגט מען אונדז, איז אין דעם ראש־השנה־טאָג פאָרגעקומען. דער

צלם אלוקים, וואָס דערהויבט דעם מענטש איבער דער חיה, איז דעמאָלט אויף אונדז אַרויפגעלייגט געוואָרן.

און יאָר נאָך יאָר רייסט זיך די געטלעכע געשטאַלט אונ־דזערע צו דער איבערפלאַך פון אונדזער באַוואוסטזיין.

וואָס, איר האָט וועגן דעם נישט געהערט פון עמיצן אַנ־דערש, אָדער נישט געלייענט אין די ווערק פון די פאַרשידענע שרייבער?... וואָס, דער שכן אייערער באַנוצט זיך נישט מיט אַזעלכע אויסדריקן, אָדער אַזעלכע אויפפאַסונגען?... און ווער האָט אייך עפּעס געזאָגט אַז איר וועט זיך אָנטרעפן מיט אַזעלכע געדאַנקען ערגעץ־ווּאו אַנדערש, אָדער ביי וועמען עס איז אַנדערש?!

דאָס איז דאָך דאָס טאָג־ליכט וואָס דער ייד האָט געבראַכט אין דער וועלט אַריין, און מיט וועלכן ער אַליין איז באַשאָנקען גע־וואָרן! אין דעם שטעקט דאָך די באַזונדערקייט פון ישראל!

ירמיהו הנביא האָט אַמאָל פאַרגלייכט דאָס יידישע פאָלק צו דעם פויגל, ביי וועלכן דער נאַטירלעכער אינסטינקט איז, אַז ער זאָל זיך אויף יעדן זומער צוריקקערן צו זיין אייגן לאַנד, פון וועלכן ער איז ביים אָנהויב ווינטער אָפּגעפלויגן. דאָס איז נישט סתם קיין פּאָעטישע פאָרשטעלונג פון אַ ראָמאַנטישן בעל־חלומות. דאָס איז אַן אויסדרוק פון אַווירקלעכקייט, וועלכע מען קאָן נישט פאַרלייקענען, פונקט ווי מ'קאָן נישט פאַרלייקע־נען דעם אינסטינקט פון הונגער.

דער ייד טראָגט אין זיך די געטלעכע געשטאַלט, און לעבט אין האַרמאָנישן איינקלאַנג מיט איר. און אויב ער טוט עס נישט — צעבונטעוועט ער זיך קעגן זיין נאַטור און ער איז מער קיין ייד נישט.

צו דעם ייד, און נישט צו קיין אַנדערן, רופט אויס דער אורטימלעכער קול, און זאָגט אינעם נאָמען פון דעם וועלט־שעפער: זכה, האָסטו עס פאַרדינט מיט דיינע מעשים, וועל איך דיך אָנערקענען אַלס די העכסטע יצירה פון ששת ימי בראשית, און ווען לא זכה, האָסטו זיך אָבער נישט דערהויבן צו דער מדרגה פון דיין נאָבעלן שיקזאַל, קוק זיך דאַן אום און וועסט זען, אַז דאָס קליינע ווערימל איז פריער באַשאַפן געוואָרן ווי דו.

*

אום ראש־השנה דאַרפן מיר זיך פאַרטראַכטן אין די ערנסטע פּראָבלעמען פון אונדזער לעבן. אַזוי ווי אַ גרענעצלאָזע פּאַנאָראַמע, דאַרף זיך פאַר אונדז פאַנאַנדערוויקלען דער ספר־הזכרונות פון אונדזער גאַנצן טאָן און דענקען.

דער נאָמען ייד האָט קיינמאָל נישט געהאַט בלויז אַן עטניש־געאָגראַפישע באַדייטונג. צוליב דעם איז די תורה געגעבן געוואָרן אין אַ מדבר — זאָגן אונדזערע חכמים און לערער — כדי צו באַווייזן, אַז די תורה שטייט העכער ווי וועלכער עס איז באָדן. דער באָדן אַליין — דער געאָגראַפישער פּונקט אַליין — וואו דאָס פאָלק האָט זיך שפּעטער באַזעצט, מוז זיך אונטערוואַרפן דעם גייסט פון דער תורה.

דער ייד איז אַ מענטש וועלכער הילט זיך איין אין אַ טלית און תפילין אַלס אַ צייכן פון זיין גאָט־ווידמונג, אַזוי ווי די תבואה איז אַ צייכן פון דער פרוכטבאַרקייט פון דער ערד. דער מוח, די האַנט און דאָס האַרץ זענען געריכטעט צו הימלישע געדאַנקען און טאַטן און געפילן. ריין און הייליק האָבן די אינערלעכע שטריכן געדאַרפט ביי אונדז זיין, אַזוי ווי דער טלית און תפילין זענען די תשמישי־קדושה פון דעם תורה־ייד.

און ווען מיר פאַרגלייכן דאָס וואָס האָט געדאַרפט זיין מיט דעם וואָס איז, קאָן מען זיך נישט העלפן אויפגעציטערט צו ווערן. אַ טיפער טרייסל גייט אַדורך אַלע אונדזערע איברים, ווען מ'וואַרפט אַ בליק אויף דעם פאַנאַנדערגעוויקלטן ספר־הזכרונות אונדזערן.

די אָנשויאונגען וואָס אַ סך פון אונדז האָבן זענען אַזוי פרעמד, אַז זיי דערמאָנען גאָרנישט, אַז ביי אונדז איז נאָך פאַראַן אַזאַ שטריך ווי אַ יידיש געוויסן. די מעשים וואָס מיר טוען זענען אַ סך מאָל דער סאַמע היפוך פון דעם צו וועלכן דער וועלט־באַשעפער האָט אונדז גערופן.

מען ציטערט אויף ווען מ'הערט, אַז די שפּראַך פון אונדזערע נביאים ווערט אויפגעלעבט, אָבער קיין געטלעכער אינהאַלט איז אין איר נישטאָ. מ'גיט אונדז אַ הוילע שאָל, פון וועלכער דאָס קערנדל איז אַרויסגעוואָרפן געוואָרן.

עס טרייסלט אונדז אויף ווען מ'זעט, אַז אַ דערוואַקסן קינד באַנוצט זיך מיט דער שפּראַך פון אונדזערע אבות, אָבער די

תפילות און די ברכות און די יידישע נשמהדיקייט פון די אבות זענען אים פאַרפרעמדט, אַזוי ווי ער וואָלט גאָר צו אונדז נישט באַלאַנגט.

*

אַ מאָדנע און פיינלעכע סצענע האָט זיך ביי אונדז פאַנאַנ־דערגעשפרייט. דער ייד איז אַנטאַגאָניסטיש צו זיך אַליין. ער דערשטיקט זיין אייגענע יידישקייט. מען דאַרף זוכן אַ מאה־שערימדיקן ייד, אַז מען זאָל זיך מיט אים קאָנען אַוועקזעצן, און עפּעס טועם זיין ביי אים, אויב מ'וויל זיין זיכער, אַז מ'וועט נישט פאַרלעצן די הייליקייטן פון דער יידישער נאַטור.

דאָס זעלבע מויל וואָס וועט אפשר דעם ראש־השנה אַרויס־זאָגן די ווערטער פון ואתה הוא מלך חי וקיים, דאָס זעלבע מויל האָט גייסטיק געשוויגן אַ גאַנץ יאָר און האָט זיך פאַראומרייניקט מיט מאכלות אסורות, און מיט ניבול־פּה, מיט לשון הרע און חניפה.

די זעלבע פיס וואָס וועלן אפשר גיין אין אַ מקום־קדוש אַריין דעם ראש־השנה, די זעלבע פיס זענען אַ גאַנץ יאָר גע־שטאַנען פון דער וויטנס, און דעם מענטש נישט געפירט אַז ער זאָל זיך צוהערן צו דעם קול דממה דקה פון יידישן שטרעבן און חניפה, מיט קנאה־און־שנאה און אומערלעכקייט.

פאַרחושכט, פאַרזונקען און פאַרדאָרבן איז דאָס בילד פון דעם ייד פון אַ גאַנץ יאָר. ער בויגט זיך אונטער דער לאַסט פון זיינע טעגלעכע זאָרגן. ער איז פאַרשקלאַפט צו זיינע חומריותדיקע תאוות און אַמביציעס. ער וויל לויפן מיט די האָזן און נאָכיאָגן מיט די הינט.

איז ער פון די ניי־געקומענע, וויל ער זיך צוערשט איינ־ריכטן ווי אַ תושב. און אינעם פּראָצעס פון אַזוי טאָן שטעלט ער אַוועק זיין יידישן באַגאַזש ערגעץ־וואו אין אַ ווינקל, און דאָרט בלייבט ער שוין אַזוי ביז ער ווערט פאַרשימלט און פאַר־דעמפּעצט.

איז ער פון די איינגעזעסענע, איז דער באַגאַזש שוין לאַנג פאַרשימלט און פאַרדעמפּעצט געוואָרן.

און אַז דו קוקסט אויף דעם דאָזיקן בילד, וואונדערסטו זיך און פרעגסט:

איז דאָס דער ייד, וועלכן גאָט האָט אויסגעקליבן אַלס זיין עדות, אַז ער דאַרף אָנערקענט ווערן אַלס דער איינציקער פירער און רעגירער? איז דאָס דער ייד, וועלכן דער שבת און יום־טוב האָבן אַמאָל פאַרוואַנדלט אין אַ בן־מלך, און וואָס האָט אַמאָל געקיניגט איבער זיינע באַגערן און טריאומפירט איבער זיינע שוועריקייטן?

איז דאָס דער ייד וועלכן די שכינה האָט באַגלייט אין די הונדערטער יאָרן פון גלות, און אים מאָראַליש אויסגערייניקט, אַזוי ווי דאָס פייער רייניקט אויס דעם טייערסטן מעטאַל?!

*

פון צייט צו צייט הערט מען ווי איינער אָדער דער אַנדערער צעוויצלט זיך מכלומרשט און זאָגט בזה הלשון:

— אוי, ווי גוט וואָלט אונדז געווען, ווען משה רבינו וואָלט אונדזער פאָלק געווען געפירט אין דעם גרויסן און זוניקן אויסטראַליע, אנשטאָט אין דעם קליינעם ארץ־כנען...

איצט זענען מיר אין דעם גרויסן און זוניקן אויסטראַליע. לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אַז די צייט איז געקומען ווען אונדזערע ברידער און שוועסטער אין ארץ־ישראל דאַרפן מער נישט קיין מאַטעריעלע און פינאַנציעלע שטיצע פון אונדז. דער וויץ איז מקוים געוואָרן. מיר זענען אין דעם גרויסן און זוניקן אויסטראַליע פריי און געזונט און מיט פרנסה בכבוד. איז וואָס־זשע טוען מיר מיט אונדזער דאָ־זיין?

אויף וויפיל טיפער איז אונדזער אמונה געוואָרן זינט מיר זענען דאָ אַריבערגעקומען? וויפיל שטאַרקער איז ביי אונדז געוואָרן דער שטאָלץ, וואָס מיר דאַרפן האָבן און קאָנען זיך דערלויבן צוליב אונדזערע גייסטיקע אוצרות?

וויפיל צופרידענער זענען מיר דאָ פון אונדזער אייגענעם לעבנס־אַרט, און וויפיל מער נחת האָבן מיר פון אונדזערע פירות וואָס האַלטן איצט ביים אויפוואַקסן? וויפיל מער צוגעבונדן זענען מיר צו אונדזער אַלט־נייער געשיכטע? און וויפיל מער אחריות האָבן מיר אויסגעהאַמערט אין זיך פאַר דעם עם־ישראל בארץ־ישראל און פאַר זיין צוקונפטיקן גורל?

דער אויסטראַליער באַשיצט די ערד און די ברעגעס פון זיין לאַנד מיט זיינע רייכטימער. ער היט אָפּ דעם עטניש־געאָ־

גראַפישן זין פון זיין נאָמען. און ווי ער שטאָלצירט מיט דעם אַלעם!

וואָס באַשיצן מיר? און וויפיל גאָט־ווידמונג — וואָס אַליין פילט אויס דעם נאָמען פונעם ייד — האָבן מיר זיך איינגעקויפט מיט אונדזערע רייכטימער?

*

אַ נייַ יאָר הויבט זיך היינט אָן. פּאָרכטיק איז דער אויסזיכט פון די קומענדיקע טעג. דער סך־הכל וואָס מיר טראָגן מיט זיך אַרויס פון דעם אַלטן יאָר איז גאָר נישט קיין פרייַלעכער.

אויך עפּעס איז אונדזער יידישע שטאַרקייט פאַרמינערט געוואָרן, און אונדזער יידיש ליכט פאַרטונקלט געוואָרן. יאָ, דאָ, אין דעם גרויסן און זוניקן אויסטראַליע...

אַ הויז מאַכט נישט קיין היים, ביז מ'לעבט נישט אין אים מיט אַן אויסזיכט פון אַ צופרידענער צוקונפט. אין וואָס דריקט זיך אויס די צופרידנהייט פון אונדזער צוקונפט אויב זי פאַרבלייבט אויסגעלערט פון אונדזער יידישער נאַטור?

*

דער רוף קומט אונדז אַנטקעגן פון קומו לעבודת הבורא. אַזוי האָט אַמאָל אויסגערופן דער שמש ווען ער האָט אויף די לאָדנס פון אונדזערע היימען געקלאַפּט אין אָט די דאָזיקע טעג פון יאָר. דער רוף איז היינט נאָך אַלץ דער זעלבער.

פון די סאַמע טיפענישן פון אונדזער געשיכטע שפּרייזט אַרויס די פאָדערונג, אַז מיר זאָלן אונדזער שיקזאַל אויף אונדזערע אַקסלען נאָך אַמאָל נעמען — און טראָגן.

אויך ווען די וועלט אונטערדריקט דיך, דאַרף זי דיך האָבן. דו ביסט אַ געטלעכער לייטער פאַר איר.

דאָס ביסעלע יושר וואָס געפינט זיך אין איר האָט זי פון דיר איבערגענומען, און פאַראַדירט מיט אים אַלס אַן אויסדרוק פון איר ציוויליזאַציע. דאָס ביסעלע אמונה וואָס זי האָט שטאַמט פון דיין פאָלק און פון דיין תורה, און זי וואַרט — אָדער זי דאַרף — אַז דו זאָלסט איר נאָך מער געבן.

און אויך ווען די וועלט נעמט דיך אויף אין איר גרויסקייט

און זוניקייט, פאַרלאַנגט זי, אַז דו זאָלסט זיך ביים דייניקן האַלטן. און דיינס איז אַ טלית־און־תפילינדיק לעבן.

היט אָפּ דאָס דאָזיקע לעבן, און דו וועסט דיין חוב דער־פילן. דו וועסט דעמאָלט פאַרשפאָרן זיך צו רויטלען צוליב דעם וואָס דיין יידיש געוויסן איז ביי דיר איצט פאַרשעמט.

דו ביסט אַ טרעגער פון דעם צלם אלוקים. פאַרלייקן אים נישט, ווייל אויב אַזוי, וועסטו דעם מענטשן נאָך מער אַראָפּ־שטופן צו דער מדרגה פון אַ ווערימל.

די אמונה דיינע האָט איר גלייכן נישט צווישן אַלע אַנדערע — מיט איר ליבע און מענטשן־כבוד און האָפענונג פאַר דער גאַנצער וועלט־שאַפונג. און די אמונה דיינע איז דאָס וואַרעמע לאַנד צו וועלכן דו דאַרפסט זיך צוריקקערן נאָכן ווינטער פון דיינע זוכענישן אין פרעמדע קלימאַטן.

דער ראש־השנה ברענגט דיך צו דעם לאנד דיינעם צוריק. הויב אויף דיינע אויגן — אַ געבענטשט יאָר וואַרט אויף דיר. דיין יידיש האַרץ בענקט נאָך גאָט — דערמעגלעך אים גאָט צו געפונען. דאָס איז דער וועג פון דער נשמה פון אורטימלעכן ישראל. דאָס איז דער ליכט־קוואַל פון דעם אייביקן ייד.

## ווען אַ פאָלק לעבט אויף

דאָס אַנטשטיין פון מדינת ישראל מיט אַנדערטהאַלבן צענ־דליק יאָר צוריק איז נאָך צו פריש אין אונדזער זכרון, אַז מיר זאָלן עס קענען ווי געהעריק אָפּשאַצן. עס איז נישט נאָר אַ וואונדערבאַר געשעעניש. אַן אָרעאָל פון עפּעס אויסגעטרוימ־טעס, אומגלויבלעכעס, ליגט אויף אים פאַרשפּרייט.

פאַרצייטנס, ווען ישעיהו הנביא האָט געוואָלט זיין דור טרייסטן, האָט ער זיך באַנוצט מיט אַ בילד פון אַזאַ געשעעניש. עס איז געווען נישט מער ווי אַ בילד, אַ פאַנטאַזיע, וועלכע האָט געזאָלט פאַרלייכטערן די ביטערע ווירקלעכקייט פון דעם נאַציאָ־נאַלן לעבן. דער שונא האָט אונטערדריקט, אַלץ האָט זיך גע־האַלטן ביים צעפאַלן. אויפן נאַרמאַלן וועג האָט דער פיינט געדאַרפט באַלד אין גאַנצן טריאומפירן. איז געקומען דער נביא און ער האָט פאַרזיכערט אַז דאָס אומגלויבלעכע וועט געשען.

— מי שמע כזאת מי ראה כאלה... — רופט ער אויס — ווער האָט אַזעלכעס געהערט? ווער האָט געזען אַזעלכע זאַכן? קאָן אַ לאַנד באַשאַפן ווערן אין איין טאָג? קאָן אַ פאָלק געבוירן ווערן מיט איין מאָל?

און דאָך וועט דאָס צושטאַנדקומען אין פאַל מיט ציון — זאָגט ישעיהו פאָראויס. און אפשר זענען די געמיטער פון יענעם דור באַרואיקט געוואָרן מיט די האָפענונגספולע ווערטער. אין שפּעטערדיקע צייטן האָבן די דאָזיקע פאַרהייליקטע הבטחות געוויס דערמוטיקט דעם יידישן גייסט.

מ׳האָט זיי איינגעפלאַנצט אין די חדר־יאָרן פון דעם קינ־דערישן האַרץ. מ׳האָט זיי פּראָקלאַמירט צו דעם דערוואַקסענעם ייד אין די הפטרות פון די שבעה דנחמתא. מ׳האָט אין זיי גע־

פונעם אַן ענטפער אויף אַלע אַנגעווייטיקטע און שווערע פּראָב־לעמען פון אונדזער גלות.

*

היינט איז עס נישט מער קיין בילד. ציון האָט אירע זין צוריקגעוואונען. איבער נאַכט, אַזוי צו זאָגן, איז דאָס פאָלק אַנטשטאַנען — כאָטש נאָך די גרעסטע חבלי־לידה וואָס וועלכעס עס איז אַנדער פאָלק האָט אַמאָל מיטגעמאַכט. מיט איין מאָל איז אַ לאַנד באַשאַפן געוואָרן. מדינת ישראל איז אַ רעאַליטעט.

גיבן מיר זיך אָפּ אַ געהעריקן דין־וחשבון פון דעם אַלעם?

דער ענין איז איצט אַרויסגעגאַנגען פון די ראַמען פון אַ פּאָליטישער איינשטעלונג. דער פּאַרטיי־מענטש איז פאַר־שוואונדן; אויף זיין אָרט איז געקומען דער ייד אַלס אַזעלכער.

נאָר דער, ביי וועמען די אויגן זענען פאַרגליווערט, וועט נישט קענען איינזען, אַז דער נאַציאָנאַלער ווידערגעבורט אונ־דזערער נעמט אים אויך אַריין. נאָר דער, ביי וועמען די יידיש־מענטשלעכע חושים זענען אויסגעטרוקנט געוואָרן, וועט נישט פילן, אַז אַ נייע פאַראַנטוואָרטלעכקייט איז אויף אים איצט אַרויפגעלייגט געוואָרן.

מיר לעבן. אַלס אַ יידיש פאָלק זענען מיר אויפגעשטאַנען תחית המתים, און דאָס פאַרפליכטעט דאָך צו אַ פאַרטראַכטן זיך וועגן די קאָנסעקווענצן פון אונדזער אויפלעבונג. וואָס הייסט דאָס, אַז אַ פאָלק לעבט אויף? — דאַרפן מיר זיך פרעגן. אין וואָס באַשטייט דאָס לעבן פון אַ פאָלק?

ביי אַנדערע אומות איז נישט שווער צו ענטפערן אויף דער דאָזיקער פראַגע. דער יסוד פון זייער קיום איז אַ טעריטאָ־ריאַלע אומאָפּהענגיקייט. ווי באַלד זיי האָבן נישט קיין אויסער־לעכן יאָך איבער זיך, זענען זיי אומאָפּהענגיק, און דאָס איז פאַר זיי גענוג. פאַרשטייט זיך, אַז זיי האָבן זייער שפּראַך און זייער ליטעראַטור און זייערע גענעראַלן און זייערע טראַדיציעס. אָבער דער עיקר איז עפּעס אַנדערש.

די גרענעצן פון זייערע לענדער באַשטימען זייער אינדי־ווידואַליטעט. און ווי לאַנג דער שטח אין יענע גרענעצן ווערט רעגירט דורך די איינגעזעסענע תושבים, באַטראַכטן זיי זיך אַלס לעבעדיקע און פרייע פעלקער.

און מיט דעם ענדיקט זיך די פראַגע — דער סוד — פון דעם תוכן פון זייער עקזיסטענץ אַלס פעלקער.

אָבער ביי אונדז, מיט אונדזער טעריטאָריאַלער אומאָפּהענ־גיקייט, איז די פראַגע נאָך ווייט נישט אויסגעשעפּט. פון דעם ערשטן מאָמענט פון אונדזער געשיכטע איז ביי אונדז די אייגנ־טימלעכע קולטור אונדזערע געוועז דער יסוד פון אונדזער עקזיסטענץ. דער והייתם לי סגולה מכל העמים איז די סיבה צוליב וועלכער מיר האָבן זיך באַוויזן אויף דער וועלט־בינע.

מיט אַן אומפאַרגלייכלעכן זשעני זענען מיר אַריינגעדרונגען אין דעם רעטעניש פון דער וועלט־שאַפונג. מיר האָבן געזוכט אַ לייזונג פאַר אים, און ווען מיר האָבן די לייזונג געפונען, האָבן מיר זיך געשטעלט אונטער איר פאָן, און אַזוי ארום האָבן מיר די גאַנצע צייט מאַרשירט און דורגעמאַכט אונדזערע וואַנדע־רונגען.

*

עס איז דאָ אַ געטלעכקייט אינעם מענטשלעכן לעבן — האָבן מיר געטענהט. נישט די געברויכן פון דעם בשר ודם זענען דער מאַסשטאַב פון אונדזער ציל און צוועק. ווייל אַזעלכע געברויכן זענען דורכגייענדיק, פונקט ווי דער בשר ודם איז אַ דורכגייענדיקער באַשעפעניש. אַזעלכע געברויכן האָבן אין זיך אויך די נידעריקסטע חיהשע תאוות, אין דער צייט ווען די געט־לעכקייט פונעם מענטש וויל, אַז ער זאָל שטרעבן צו דעם העכסטן גייסטיקן ניוואָ.

און די דאָזיקע שטרעבונג איז געוואָרן דער נאַציאָנאַלער שטעמפּל פון דעם יידישן פאָלק.

מיט דער שטרעבונג זענען אונדזערע נביאים געקומען צו אונדז טאָג־איין און טאָג־אויס. נישט קיין סתם ליטעראַטור־שעפער זענען זיי געווען — ווי הויך־באַגאַבט אינטעלעקטועל זיי זאָלן אויך נישט געווען זיין. אין זייערע ווערטער איז דאָ אַן אייביקע אַקטואַליטעט וועלכע מ׳געפינט נישט ביי קיין שום אַנדערע דענקער, דיכטער אָדער רעדנער פון קיין שום אַנדערן פאָלק פון צווישן די אומות העולם.

דער נביא איז געווען די ערדישע אַנטפּלעקונג פון דעם קאָסמישן גאָט־פּרינציפּ. און אַלס אַזעלכער איז ער נישט נאָר

געווען פֿאַראייניקט מיט אונדזער פשוטער עקזיסטענץ; אַלס אַזעלכער האָט ער אויך געבראַכט צום אויסדרוק די טיפֿסטע באַגערן פֿון עם־ישראל.

און פֿון די באַגערן דאַרפֿן מיר געדענקען, אַז מיר האָבן זיך קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט. פֿאַרקערט, אַרום די באַגערן האָבן מיר געפֿירט אונדזער קאַמף קעגן אונדזערע שכנים וואו מיר זענען נאָר געווען.

מיר האָבן זיי אויפֿגעהאַלטן דורך די ספּעציעל־יידישע לעבנס־אַרטן, וועלכע זענען ביי אונדז געווען פֿאַרקערפּערט אין הייליקייט. פֿון דעם גרויסן יום־כיפּור ביז צום קליינעם ל״ג־בעומרל, פֿון דעם נאָבלסטן תנ״ך ביז צום פּאָפּולערסטן חסידות־ספֿר, פֿון דעם הר־סיני־אויסגערופֿענעם דין ביז צום אויבער־פֿלעכלעכסטן קהילישן מנהג — אין דעם אַלעם האָבן זיך אונדזערע באַגערן פֿאַרבאָרגן.

פֿאַר קיין שום פּרייז האָבן מיר זיי נישט געוואָלט אויפֿגעבן. די געטלעכע שטרעבונג צו ריינקייט פֿון געדאַנק, צו ליבשאַפֿט פֿון מענטש און צו דערהויבנקייט פֿון טאַט, איז געווען אונדזער אינערלעכסטע נאַטור.

*

און דער אויפֿריכטיקער מאַן צווישן אונדז מוז אָנהויבן איינזען, אַז דאָס אַנטשטיין פֿון מדינת ישראל איז אַ הילכיקער רוף צו דעם אויפֿלעבן פֿון דער דאָזיקער אינערלעכער נאַטור אונדזערער — נאָך אמאָל פֿון דאָס ניי.

דער זעלבער נביא, וועלכער האָט פֿאַרצייטנס גערעדט צו אונדזערע אבות און פּראָטעסטירט קעגן דעם נהיה ככל הגויים, רעדט אויך צו אונדז היינט־צו־טאָג.

מיר זענען נישט סתם איינס פֿון די פֿעלקער פֿון דער וועלט. און מדינת ישראל טאָרן מיר נישט באַטראַכטן אַלס סתם איינס פֿון די לענדער פֿון דער וועלט. ווייל אויב מיר טאָן דאָס, באַווייזן מיר אַז מיר פֿאַרשטייען נישט אונדזער פֿאַרגאַנגענהייט, און אַז מיר נאַרן זיך פּשוט אָפּ לגבי אונדזערע אויסזיכטן אויף דער צוקונפֿט.

*

עס איז גוט וואָס מיר זענען שטאָלץ מיט דעם געשעעניש

פון אַ יאָר פופצן צוריק — אַ געשעעניש וועמענס נאַציאָנאַלן גליק קיין דיכטער אונדזערער האָט נאָך נישט ווי געהעריק אויס־געדריקט און באַזונגען.

עס איז לויבווירדיק וואָס מיר באַמיען זיך מיט אַלע אונדזערע מאַטעריעלע כוחות אונטערצושטיצן דאָס פון דאָס ניי־געגרינדעטע לאַנד. ס'איז אַן אַמתע פרייד צו זען ווי אַ הייפל יונגע אויפבויער האָט אָפּגעשלאָגן אַ פּילפּאַכיק מעכטיקערן שונא, און באַוויזן אַז ווען מען צווינגט דעם ייד, קאָן ער אויך רעדן מיט דער שפּראַך פון שווערד און פייער.

מיט אַ שטיקל צייט צוריק האָט דער בייזער הונט געבילט, געביסן און געיאָגט. מיר האָבן זיך דעמאָלט ממש געפונען אויפן ברעג פון אַן אָפּגרונט. וויפיל האָט געפעלט, אַז דער שונא זאָל אונדז דעם לעצטן שטופּ געבן!...

דער צער פון דורות האָט זיך אָבער אין יענעם מאָמענט אין אונדז דערוועקט. דער צאָרן פון דער פאַרגוואַלטיקטער גערעכטיקייט האָט זיך אין יענעם מאָמענט אין אונדז צעפלאַ־קערט און — מיר זענען דערהויבן געוואָרן.

דער טאָג וועט נאָך קומען ווען מיר וועלן אָנערקענען, אַז אין דער דערהויבונג ליגט מער ווי גרויסע מענטשלעכע — אָדער אפילו איבערמענטשלעכע — גבורה. אַ חוץ מיליטערישע און אַרטיסטישע פאַראַדן, וועלן מיר זיך נאָך אַמאָל אַוועקזעצן אין דער שטילקייט פון אַ מקום קדוש און עפענען אונדזערע הערצער צום הימל, און דערמעגלעכן אונדזער שטימונג זיך אויסצוגיסן אין די פאַרהייליקטע ווערטער און טענער פון אונדזער הלל.

*

ס'איז גוט וואָס אונדזערע ביז נישט לאַנג צוריק צעשפּלי־טערטע איברים ווערן איצט נאָך אַמאָל אין איין גוף פאַראייניקט.

ס'איז לויבווירדיק וואָס אַזויפיל מסירת־נפש ווערט גע־ווידמעט כדי צו באַפעסטיקן דעם נאָמען ישראל, וואָס ווערט אויף אונדז אָנגערופן. ס'איז אַן אמתע פרייד צו זען ווי אויסער אַ פּאָר גרופּן פון אויסגעוואָרצלטע יידן איז דאָס גאַנצע וועלט־יידנטום שטאָלץ פון דער היסטאָרישער דערגרייכונג.

אָבער מיט דעם אַלעם האָבן מיר אָנגערירט נישט מער ווי די אויבערפלעכלעכע שיכט פון אונדזער עקזיסטענץ. אויף דעם פונדאַמענט אונדזערן אָבער הענגט נאָך אַלץ דער אויסלענדישער

יאָך. און דער ייד, וועלכער קערט זיך אָפּ פון אונדזער אור־טימלעכן גאָט־באַוואוסטזיין, באַווייזט אַז ער איז פאַרשקלאַפט צו אַזאַ אויסלענדישן יאָך.

דער ייד, וועלכער גלויבט, אַז די תורת גויים וועט אים מער כבוד ברענגען ווי תורת משה — אָדער מער שטאַרקייט — באַווייזט, אַז זיינע יידיש־מענטשלעכע חושים זענען אויסגע־טרוקנט געוואָרן.

דער ייד, וועלכער שמייכלט זיך אונטער צו די אמונות פון אַנדערע פעלקער, באַווייזט אַז ער טאַנצט מה־יפית פאַר זיין פיל־דורותדיקן אונטערדריקער.

דער ייד, וועלכער פאַרוואַנדלט זיין שבת אין אַ זונטיק, אָדער פּאַשעט זיך אויף חזיר־פלייש, באַווייזט אַז דער שמוץ וואָס דער שונא האָט אויף אונדז געוואָרפן איז נאָך אויף אים אַלץ אָנגעקלעבט.

אַזאַ ייד באַווייזט, אַז ער האָט זיך נאָך נישט באַפרייט פון דעם מינדערווערטיקייטס־געפיל וואָס דער גלות האָט אין אים אַנטוויקלט.

*

און צו אַזאַ באַפרייאונג דאַרף מדינת ישראל אונדז אַלע פירן. מיט איר און דורך איר איינפלוס, וואו נאָר מיר זענען, מוזן מיר אונדזער אָריגינעלע געשטאַלטונג צוריק געווינען.

מיר זענען אַ נביאיש פאָלק — און נישט קיין נאָכשלעפּער פון אַנדערע.

ציון האָט אונדז געלערנט די אָנערקענונג פון אַ געטלעכקייט אין דער וועלט. נאָך מער, ציון אַליין איז דער טויזנט־יאָריקער אויסדרוק פון אַזאַ אָנערקענונג.

פון דעם ציון זענען מיר פאַרטריבן געוואָרן, און צו דעם ציון דאַרפן מיר — אויסגעפיינערט איצטער — זיך צוריקקערן.

דער גוף אונדזערער האָט צוריקגעוואונען זיין היים. די צייט איז איצט געקומען, אַז אויך אונדזער נשמה זאָל איר היים צוריק דערווערבן. די כוחות, וועלכע ווערן אַריינגעלייגט אין אונדזער ווידער־אויפבוי, דאַרפן אויסגלייכן אונדזער גייסטיקן רוקן נישט ווייניקער ווי אונדזער פיזישן רוקן.

אין אַזאַ אויסגלייכונג וועט מדינת ישראל דערפילן אונדזער גורל און אונדזער לאַנג־דערוואַרטעטע האָפענונג.

לאַנגע הונדערטער יאָרן זענען מיר געווען געצוואונגען צו קעמפֿן קעגן אַ גאַנצער וועלט. אַ פּרעה, אַ נבוכדנאצר, אַ המן, אַ טיטוס, אַן אַדריינוס, אַ טאָרקוועמאַדאַ, אַזאַ רשע און אַזאַ רשע, ימח שמם וזכרם, ביז אונדזער הייַנטיקן דור. קעגן אַ גאַנצער וועלט האָבן מיר געפּראַוועט אַ ווידערשטאַנד, איין מאָל אַ פּאַסיוון ווידערשטאַנד און אַן אַנדער מאָל אַן אַקטיוון ווידערשטאַנד. און אין דעם קאַמף איז אונדזער טאָג־טעגלעך לעבן געווען כמעט ווי אומרעאַל.

אַלע מאָל האָבן מיר אָפּגעלייגט אונדזער אמתן גורל אויף מאָרגן. מאָרגן וועט קומען די גאולה. מאָרגן וועט קומען משיח. נאָר מאָרגן. און איצט איז דער מאָרגן געקומען. דער ייד האָט פֿון זיך אַראָפּגעוואָרפֿן די קייטן פֿון זיין אומרעאַלער עקזיסטענץ. ער איז אין זיין אייגענער היים — די גאָט־געגעבענע היים, די היים פֿון אונדזערע נביאים, פֿון אונדזערע אבות און פֿון אונדזערע שטאָלצסטע בענקענישן.

עס ווילט זיך כמעט נישט גלויבן אַז עס איז אמת. ווייל ווי דער נביא האָט שוין געזאָגט:

ווער האָט אַזעלכעס געהערט? ווער האָט געזען אַזעלכע זאַכן? קאָן אַ לאַנד באַשאַפֿן ווערן אין איין טאָג? קאָן אַ פֿאָלק געבוירן ווערן מיט איין מאָל?

יאָ, עס איז אמת. אָבער אַז עס זאָל אַזוי טאַקע זיין בשלימות מוז דער ייד צוריקגעווינען זיין יידישע מענלעכקייט. זיין יידישע גבורה. כי היא חכמתכם ובינתכם לעיני העמים — דאָס וואָס די וועלט אָנערקענט אַלס די איינציקע יידישע חכמה און בינה — אין דעם איז אונדזער גאַנצקייט און אונדזער אינערלעכער כוח.

*

פֿון אַלע פֿעלקער אין דער וועלט איז אונדזער פֿאָלק אַליין געווען אָריגינעל אין זיינע גייסטיקע אויפֿפּאַסונגען און איינציק אין זיין אינטעלעקטועלער אומאָפּהענגיקייט.

איז דאַן פֿאָרגעקומען אַ סיבה צוליב וועלכער מיר האָבן אָט די נאַציאָנאַלע שטריכן פֿאַרלוירן, און מיר זענען געוואָרן נע־ונד אין דער וועלט. מיר האָבן פֿאַרגעסן דעם טעם פֿון אַן אייגענעם דאַך איבערן קאָפּ. ווי אַן אורחא־פּורחא האָבן מיר אַרויסגעקוקט, אַז אַ בעל־הבית זאָל אונדז אהיים נעמען אויף צו

מאָלצייט, און נאָכן מאָלצייט האָבן מיר זיך אָװעקגעלייגט שלאָפֿן ערגעץ אין אַ הקדש. און מיר האָבן זיך געשעמט מיט אונדזער מצב, און שטילערהייט האָבן מיר מער װי איין ביטערע טרער אַראָפּגעשלונגען.

טאָ זאָל שוין זיין גענוג — איצט אַז מיר האָבן אונדזער מדינת־ישראל. זאָל אונדזער לעבן אויך אין גייסטיקן זיך נישט מער זיין קיין אורחא־פֿורחאדיק לעבן. זאָלן מיר עס אַזוי אַװעק־שטעלן, אַז מיר זאָלן נישט דאַרפֿן געניסן פֿון אַ פֿרעמדן טיש אָדער אַרויסקוקן אויף אַ פֿרעמדן ביסן. האָבן מיר דאָך אַ ירושה װאָס איז באמת אימשטאַנד נישט נאָר צו מאַכן אונדז שטאַרק איבער אַלע שטאַרקייטן, נאָר אויך גייסטיק און אינטעלעקטועל אומפֿאַרגלייכלעך דערהויבן.

זאָל דאָס אין אונדזער אייגענער היים איצטער געשען.

אין די גלות־יאָרן האָבן מיר נישט איין מאָל געקוקט דעם טויט אין די אויגן אַריין. און אַלס אַ פֿאָלק האָבן מיר געחלומט װעגן אַ צייט —

װען גאָט װעט פֿאַרטיליקן דעם טויט אויף אייביק,
און דער אויבערשטער װעט אָפּװישן
די טרערן פֿון איטלעכן פּנים;
און די שאַנד פֿון זיין פֿאָלק
װעט ער אָפּטאָן פֿון דער גאַנצער ערד —

נו, היינט איז די אויסגעחלומטע צייט געקומען. דער מאָרגן פֿון אונדזער גאולה איז דאָ. זאָלן מיר זיך איינהילן אין דער גייסטיקער אומאָפּהענגיקייט װאָס די תורה גיט אונדז, און אַזוי אַרום װעלן מיר צוריק געפֿינען אונדזער אמתן כבוד.

זי — די תורה — איז אונדזער ביסן. זי איז דער מאָלצייט װאָס קומט צו אונדז נישט פֿון קיין פֿרעמדן טיש, נאָר פֿון אונדזער אייגענעם שולחן גבוה. זי האָט אין זיך אַ דערנערונגס־קראַפֿט, װאָס קאָן אונדז פֿאַרזיכערן מיט דער מעכטיקסטער נאַציאָנאַלער אינדיװידואַליטעט.

זאָל דאָס איצט געשען אין אונדזער עקזיסטענץ, און אַזוי אַרום װעט אונדזער אויסגעחלומטע אויפֿלעבונג פֿון עם־ישראל פֿאַרװאַנדלט װערן אין אַ פֿולע, דויערנדיקע און געבענטשטע װירקלעכקייט.

In honour of
The Melbourne Hebrew Congregation
Victoria, Australia

לכבוד
הקהלה הקדושה שארית ישראל
מעלבורן, אוסטראליא

## ער וויל זיך שטעלן אויף די פיס

אומגעדולדיק האָט אַננאַ זיך ארומגעדרייט אין צימער, וואַרטנדיק ווי אויף שפּילקעס, און נאָך אַמאָל איז זי צוגעגאַנגען צום פענצטער און אַרויסגעקוקט אין גאַס אַריין.

— וואָס איז דאָס? וואו איז דער אויטאָ?... — האָט זי פּלוצ־לונג צו זיך אַליין אַן איבעררעשטע אויסגערופן — דאָ וואַרט איך שוין אויף אים כמעט אַנדערטהאַלבן שעה, און איצט קומט ער גאָר צוריק צופוס... אפשר אַן עקסידענט?

שנעל ווי אַ בליץ שפּרייזט אַננאַ אַוועק פונעם פענצטער און לויפט עפענען די טיר. סידני, דער מאַן אירער, איז נאָך אַ שטיק מרחק אויף דער אַנדערער זייט גאַס, אָבער זי קאָן זיך שוין נישט דערוואַרטן צו הערן, וואָס איז געשען מיט דעם אויטאָ. נאָך נעכטן האָט זי זיך געהאַט אָפּגערעדט מיט אים, אַז אויב דאָס וועטער וועט היינט זיין הייס, וועט זי אַרויספאָרן צום ים צוזאַמען מיט איר יונג טעכטערל. און די זון האָט זיך דווקא צעבריט ביז איבער די ניינציקער גראַד.

עס איז געווען שבת, נאָך האַלב־צוויי אַזייגער שוין. באַלד נאָכן פאַרשליסן דעם דזשאָנסאָן עמפּאָריום, וואו זי איז געווען אָנגעשטעלט, איז זי אַהיים געקומען. כדי נישט צו דאַרפן פטרן צייט מיט קאָכן און אָפּוואַשן, איז זי אויפן וועג אַריין אין אַ מילך־באַר און געקויפט אַ צאָל שניטקעס. זי און די קליינע סוזען האָבן שוין געהאַט אָפּגעגעסן, און דאָ קאָנען זיי נישט אַרויסגיין.

— סידני... — רופט זי אויס, איידער ער האָט נאָך פאַר־מאַכט דאָס טויערל פון פראָנט־גאָרטן — סידני, וואו איז דער אויטאָ?...

אין אַן אויגנבליק האָט זי באַשלאָסן אַז ער האָט נישט געהאַט קיין עקסידענט, ווייל ער איז געווען גאַנץ. באַר די שיך

זיינע, האָט זי באַמערקט, זענען געווען פול מיט שטויב, כאָטש אײדער ער איז אין דער פרי אַרויסגעגאַנגען פון שטוב האָט ער זיי געהאַט אויסגעגלאַנצט ווי נײַ.

שווייגנדיק איז סידני אַריין אין הויז. ער לייגט אַוועק די אַקטן־טאַש, וועלכע ער האָט מיט זיך געטראָגן. ער עפנט זי. און מיט אַ צאַרטער פּיעטעט נעמט ער פון איר אַרויס אַ זיידענעם טלית און אַ סידורל. דאָס איז ער צוריקגעקומען פון דער שול, וואו ער איז דאָס ערשטע מאָל געווען דאַווענען זינט ער איז דאָ געקומען מיט העכער פיר יאָר צוריק.

— פאַרוואָס ענטפערסטו נישט? — ברעכט אַננאַ אויף אים אויס מיט כעס.

האַרטע טראָפּנס שווייס האָבן געטריפט פון זיין שטערן, אָבער דעם הוט האָט ער נישט אויסגעטאָן.

— איך האָב דעם אויטאָ איבערגעלאָזט אין אַ הינטער־געסל, נישט ווייט פון דער שול... — האָט סידני אַרויסגעמורמלט.

— וואָס? האָסט דאָך געזאָגט, אַז כ׳וועל היינט קאָנען אין אים אַרויספאָרן צום ים... מאַכסטו אַן אָנשטעל, אָדער ווילסטו אפשר צוריק ווערן פרום אויף דער עלטער?...

דער אויסדרוק אויף דער עלטער האָט אים אַ ביסל אַ שטאָך געטאָן, ווייל ער האָט זיך נאָך געהאַלטן פאַר יונג. אויך האָט ער נישט געמיינט צו מאַכן קיין אָנשטעל.

ער גייט צו צו אַננאַן, און לייגט זיין אָרעם ארויף אויף איר אַקסל. ער פילט, אַז זי טראָגט שוין דעם באָד־קאָסטיום אויף איר גוף.

— האָב נישט קיין פאַראיבל... איך וועל דעם אויטאָ אַהיים ברענגען נאָך שבת... — זאָגט ער מיט אַ ווייכקייט אין זיין שטימע, אַזוי ווי ער וואָלט זי וועלן איבערבעטן. אַננאַ רייסט זיך אָבער אַרויס פון זיין ארומנעם. שטייף און מיט אַ פּאָר שאַרפע אויגן מעסט זי אים אָפּ.

— זײַ נישט קיין אידיאָט, און דערצייל מיר נישט קיין מעשיות... וואָס ביסטו, אַ בעל־תשובה?... קום, סוזען... — רופט זי אויס צום טעכטערל, און דריקנדיק אַ קליין קייבערל אין איר האַנט, לויפט זי אַרויס און פאַרקלאַפּט די טיר הינטער זיך.

*

סידני גייט צו צום פענצטער און זעט ווי אַננאַ שטעלט זיך אָפּ בלויז אויף אַ ווײַלע, טוט אָן אַ פּאָר גרויסע שוואַרצע זון־ברילן, און ווי אין אַ סטיכיע שניידט זי דורך די גאַס און גייט אין דער ריכטונג פון אַ טראַמוויי־סטאַציע.

— דאָס זענען היינטיקע פרויען... — שעפּטשעט ער אויס צו זיך אַליין, און שאָקלענדיק מיטן קאָפּ פילט ער, אַז עפּעס אַ מין מיטלייד צעגיסט זיך אין אים. עס ווייסט אָבער נישט צי דער מיטלייד איז פאַר אַננאַן, צי פאַר זיך אַליין, צי מכוח עפּעס אַנדערש אָדער עמיצן אַנדערש.

*

עס איז שטיל אין צימער. עס דאַכט זיך, אַז די שטילקייט טראָגט זיך ווי אַ בת־קול אין דעם גאַנצן הויז. אויף דער אַנ־דערער זייט פענצטער איז געוועזן ליידיק פון מענטשן. אפילו קיין פויגל האָט זיך נישט באַוויזן צוליב דער ברענענדיקער היץ. דער אָטעם איז געווען אַ שווערער. ווי שלאָפנדיק איז אַן אויסגעליידיקטער טראַמוויי פאַרבייגעפאָרן, און אויף אַ מאָ־מענט איבערגעריסן די פאַרגליווערטע שטילקייט אין דרויסן.

— אין אַזאַ טראַמוויי פאָרט מיין פרוי איצטער צום ברעג ים, צוזאַמען מיט אונדזער טאָכטער... — האָט סידני ווי זיך דערמאָנט.

ער האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די מאַרינאַרקע, וואָס האָט אויף אים געוואויגן ווי אַ שווערע מאַסע, און ער האָט זיך אויס־געשטרעקט אין דעם פאָטעל, וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל פון צימער.

דער מאָגן האָט ביי אים געמאָנט עסן, אָבער נאָך מער האָט דער קאָפּ ביי אים געמאָנט דענקען. מיט אַ פּאָר טעג צוריק האָט זיך ביי אים אַן אינערלעכע סטרונע אַ ריס געטאָן. אַן אַלטער באַקאַנטער זיינער האָט אָפּגעהאַלטן מיט אים אַ האַרץ צו האַרץ שמועס. נישט מער ווי עטלעכע מינוטן האָט ער גערעדט, אמת, אָבער ער האָט אין אים פאַנאַנדערגעבררויזט די סאַמע טיפסטע נשמה זיינע.

— שמחה... — האָט דער באַקאַנטער צו אים געזאָגט — אַנטשולדיק וואָס איך רוף דיך שמחה. אָבער דאָס איז געווען דיין נאָמען אין דער היים, ווען איך האָב דיך פון דיין טאַטן און

מאַמען געקענט. און שמחה ווייסטו פאַר מיר בלייבן אויך אַפילו ווען איך וועל מיט דיר קיינמאָל מער נישט רעדן...

— מיסטער דרייבערג... — האָט סידני אָפּגעענטפערט דעם באַקאַנטן זיינעם — לאָזט מיך אָפּ וועגן יענע יאָרן. מיין טאַטע און מאַמע זענען מער נישטאָ... איר ווילט אַז איך זאָל זיך באַשטייערן פאַרן אַפּיל... גוט... כ׳וועל זיך באַשטייערן. איר ווילט איך זאָל אייך געבן ביז ס׳וועט מיר ווי טאָן, איך וועל אייך געבן ביז ס׳וועט מיר ווי טאָן... אָבער לאָזט אָפּ וועגן דער היים: די היים איז מער נישטאָ.

— ניין, שמחה... — זאָגט מיסטער דרייבערג מיט אַ טאָן פון אַ מוסר־זאָגער — עס האַנדלט זיך נישט בלויז אין דיין באַ־שטייערונג... דיין גאַנצער צוגאַנג, דיין גאַנצע פערזענלעכקייט איז נישט צו פאַרשטיין... דיין משפּחה איז געווען אַ מויער, אַ בנין פון פעלזן אין אונדזער שטאָט אין יענע יאָרן. מענטשן האָבן זיך מיט איר באַשיינט... איז דאָס אַלץ גאָרנישט ביי דיר? ג—אָ—ר—נ—י—ש—ט?...

*

סידני האָט האַלב־פאַרמאַכט די אויגן. דער שמועס מיט דרייבערגן האָט זיך אין זיין זכרון איבערגעחזרט. אַ נייע כוואַליע שווייס איז פון זיין פּנים געערונען און ער האָט געפילט ווי דאָס העמד זיינס קלעפּט זיך נאָך מער צו צו זיין קערפּער.

ר׳ אבא דרייבערג איז שוין געווען אַן אָנגעזעענער בעל־הבית אין דער שטאָט אין יענער צייט, ווען ער, סידני, איז נאָך געווען אַ יונגער בחור. און דער אונטערשיד אין די יאָרן האָט מסתמא דעם עלטערן ייד דערמוטיקט צו זאָגן אים, סידנין, אַז ער זאָל זיך צוריק שטעלן אויף די פיס... צו ווערן אַ פעלזן־מויער ווי זיין משפּחה איז אַמאָל געווען... צו זיין אַ טייל פון אַ לעבעדיק און שטרעבנדיק פאָלק.

אמת, ער, סידני, האָט געזען מיט זיינע אייגענע אויגן ווי מ׳האָט זיינע עלטערן אומגעבראַכט, ווען די דייטשע שונאים האָבן חרוב געמאַכט די שטאָט. אמת, ער האָט געזען ווי מ׳האָט די שטאָטישע שול טייוולאַניש פאַרברענט. ער האָט געזען ווי מ׳האָט די הייליקע ספרי־תורות אין די גאַסן אַרומגעשלעפּט,

און די דייטשן זענען אויף זיי מיט מיליטערישע לאַסט-וועגן אין דער בלאָטע אַרויפגעפאָרן.

ער האָט דאָס אַלץ געזען. און ער האָט די סצענעס פונעם שטאַטישן חורבן מיסטער דרייבערגן באַשריבן. און אַז מען האָט דאָס אַלץ געזען — האָט ער געפרעגט — טאָ נאָך וואָס דאַרף מען לעבן און שטערבן אַלס אַ פאָלק?... שוין אַ סך בעסער, אַז מ'זאָל וועגן דעם אַלעם פאַרגעסן... צוליב וואָס דאַרף מען אויפהאַלטן עפּעס, וואָס אין אַ פּאָר יאָר אַרום, אָדער אין אַ פּאָר צענדליק יאָר אַרום, וועט אפשר מוזן ליידן דעם זעלבן גורל נאָך אַמאָל?...

מיסטער דרייבערגס ענטפער איז אָבער געווען עפּעס אַ מין קול, וואָס פאַראייניקט אין זיך אַ פּאַטערישע עצה מיט אַ ליבפולע קלוגשאַפט. ער האָט אים דערמאָנט פון אלישע בן אבויה, וועלכער האָט אויך געוואָלט פאַרגעסן וואָס די רוימער האָבן דעם יידנטום אַמאָל געטאָן. אלישע בן אבויה האָט געוואָלט, אַז זיין פאָלק זאָל איין מאָל פאַר אַלע מאָל אויפהערן צו זיין אַ קרבן פון יעדן מין רשעות אין דער וועלט. און כדי אויפצוהערן צו זיין אַזאַ קרבן מוז דאָס פאָלק אַליין אויפהערן צו עקזיסטירן. און דעמאָלט איז אלישע בן אבויה פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן — אחר...

— ווען אַ גענעראַל פאַרלירט אַ שלאַכט אויפן שלאַכט־פעלד — האָט ר' אבא דרייבערג געטענהט — גיט ער נאָך אַלץ נישט אויף די גאַנצע מלחמה... די יידן האָבן פאַרלוירן אַ שלאַכט אין די יאָרן פון דער דייטשער אָקופּאַציע. ס'איז געווען אַ בלוטיקע שלאַכט, די בלוטיקסטע, די גרויזאַמסטע, און די יסורימדיקסטע שלאַכט... איז וואָס־זשע? זאָל דער ציגל פון דער אַמאָליקער מויער צעריבן ווערן און פאַרשווינדן?... זאָל אַ יונגערמאַן זיך זאָגן, אַז ער האָט אַ דזשאָב, און אַז זיין פרוי האָט אַ דזשאָב — און שוין, שלום עליך נפשי?... נישט וועלן פון גאָרנישט וויסן?... אפילו נישט אַזויפיל וויפיל דער אַסימילירטער יאהודי?... גאָרנישט?...

*

סידני האָט זיך דערמאָנט, אַז מיסטער דרייבערג האָט אים דערציילט וועגן אַ באַגעגעניש וואָס ער האָט נישט לאַנג צוריק

געהאַט מיט אַזאַ יידישן אַסימילאַנט, און ווי אַזוי ער, סידני, האָט זיך צעלאַכט ווען ער האָט די דערציילונג געהערט.

איין פרייטיק־אָוונט, האָט אים דרייבערג דערציילט, איז ער אַריין צו אַזאַ ייד, אַ פריינד זיינעם, אין שטוב. דער ייד איז שוין געווען אַן עלטערער מענטש, אַ דאָ געבוירענער פון דריי דורות, און כמעט אומגלויבלעך — פרייטיק־אָוונט איז ער געזעסן ביי אַ שבתדיקן טיש, צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינדער און אייניקלעך. די ליכט זענען געווען אָנגעצונדן. און אַ דריי־יאָריק אייניקל איז ארומגעגאַנגען פון איין קרוב צו דעם אַנדערן און מיט אַלעמען זיך געקושט און געזאָגט אַ קינדערישן גוד־שאַבעס. און נאָך דעם איז געקומען צו מאַכן די המוציא. און אַזוי ווי דער זיידע האָט דעם בוכשטאַב חית אינעם וואָרט לחם נישט געקאָנט אַרויסזאָגן — אַזוי ווי די גויים קאָנען נישט קיין חית לייכט אַרויסזאָגן — האָט ער געזאָגט לעקעם אַנשטאָט לחם — המוציא לעקעם מן הארץ.

ס'האָט געקלונגען ווי אַ חוזק... אַזאַ עם־הארצות ביי די דאָ־געבוירענע יידן, אַזאַ פאַרגרעבטקייט ביי די היגע יאהודים... און ביידע, מיסטער דרייבערג און סידני, האָבן זיך צעלאַכט צוליבן וואָרט לעקעם.

— און ביי דיר און ביי דיינס גלייכן — האָט דרייבערג צוגעגעבן — הערט מען שוין קיין לעקעם אויך נישט... גאָר־נישט... גאָרנישט...



סידני האָט זיך אַ טרייסל געגעבן. ער האָט אָפּגעווישט דעם שווייס פון זיין שטערן, און ער האָט געפילט ווי דאָס בלוט קומט אים, רוישנדיק, אינעם געזיכט. מערקווירדיק, די זון ברענט אין דרויסן, און ביי אים זענען די פיס קאַלט. ער קורטשעט זיך צוזאַמען.

שוין פיר יאָר ווי ער גייט אַרויס אַרבעטן. ער אויף איין דזשאָב, און זיין אַננאַ אויף אַן אַנדערן דזשאָב. פון צייט צו צייט קומט אים אויס אויך צו אַרבעטן אַ נאַכט־שיכט. און דאָס אַלץ איז גאָרנישט ביי מיסטער דרייבערג... ער האָט זיך שוין נישט איין מאָל באַשטייערט אויף איין אָפּיל אָדער אַן אַנדערן, און איצט האָט ער זיך באַשטייערט ביז צום ווײ־טאָן, און דאָס

איז אויך גאַרנישט ביי דעם באַקאַנטן פון זיין אַמאָליקער שטאָט. און אַז עס קומט אַ לעקטאָר פון דער פרעמד און גיט יידישע פאָרטראַגן אין שטאָט, וואָס יעדער איינער באַטראַכט אַלס אַ יום־טוב, און ער, סידני, גייט אויף די פאָרטראַגן, איז דאָס אויך גאָרנישט ביי דרייבערגן. איז טאַקע ר׳ אבא דרייבערג אַזאַ שווערער בעל־דבר?...

*

זינט דעם טאָג ווען ער האָט גערעדט מיט מיסטער דריי־בערג, האָט אים דער באַגריף גאָרנישט נאָכגעיאָגט און פאַר־פאָלגט. אויף קיין איין מאָמענט האָט ער זיך פון אים נישט געקאָנט באַפרייען.

סידני האָט זיך געוואָלט שטעלן אויף די פיס. ער האָט פאַר זיך דערזען דעם פאָטער זיינעם און די מוטער זיינע. זיי זענען געווען עפּעס. זיי און זייערס גלייכן האָבן געפירט אַ מלחמה. נישט סתם אַ שלאַכט, נאָר אַ מלחמה, וועלכע באַשטייט פון אַ סך שלאַכטן. פון אַ סך דורות קעמפן. ווען זייערע אבות זענען איין מאָל געפאַלן, איז געקומען אַן אַנדער דור, און זיך געשטעלט אויף די פיס און ווייטער געקעמפט.

אַזוי האָבן געקעמפט אויך די גויים. געקעמפט פאַר זייער גויאישקייט. אַזוי קעמפט יעדער איינער, וועלכער האָט אַן אָנערקענונג פון כבוד פאַר זיך אַליין און פאַר זיין געשיכטע. אַזאַ קאַמף איז דער אונטערשיד צווישן דעם עפּעס און דעם גאָרנישט.

נאָך מיט אַ פּאָר טעג צוריק האָט סידני געפילט אַ פאַר־דרוס, וואָס ער האָט געוואָרט ביז ר׳ אבא פון זיין פריערדיקער שטאָט וועט אים דאָס קלאָר מאַכן. ער האָט, אַזוי צו זאָגן, אויפ־געהויבן דעם פאָרהאַנג, וואָס האָט געהאַט פאַרדעקט דעם טיפערן באַוואוסטזיין זיינעם, און ער האָט זיך דערזען ווי אַ נאָכפאָלגער פון זיינע קדושימדיקע עלטערן. אַ ייד מיט אַ טלית און מיט אַ שבת...

ער האָט געוויטיקט ווען ער האָט זיך וועגן דעם מיט זיין אַננאַ דורכגערעדט — און זי האָט אים לגמרי נישט פאַרשטאַנען. זי האָט אים דעמאָלט אָפּגעענטפערט מיט ענלעכע סאַרקאַסטישע

ווערטער ווי זי האָט דאָס געטאָן היינט, ווען ער האָט דעם אויטאָ נישט צוריקגעברענגט מיט זיך.

סידני האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, אָנגעשפּאַרט אים צווישן די הענט, מיט די עלענבויגנס אויף די קניען.

— ווי אַזוי האָט זי געקענט מיך פאַרשטיין... — האָט ער געטראַכט — אַז איך אַליין האָב זיך נישט פאַרשטאַנען... נאָך מער, ווי אַזוי האָט זי בכלל געקענט דעם גאַנצן ענין פאַרשטיין? זי איז דאָך געווען נאָך אַזוי יונג ווען דער שונא האָט איר שטאָט פאַרנומען, און זי אַליין האָט זיך אָפּגעראַטעוועט דורך דעם וואָס גויים האָבן זי אויסבאַהאַלטן! דעם נאָמען אַננאַ האָבן איר די גויים געגעבן...

*

די זון האָט זיך שוין געהאַט אַראָפּגענידערט. סידני האָט איבערגעריסן זיין געדאַנקענגאַנג. ערשט איצט האָט ער באַמערקט ווי דער בין השמשות האָט אָנגעהויבן צופאַלן.

ער גייט אין עס־צימער אַריין. צוגעדעקט מיט אַ טעלער זענען געווען די שניטקעס וואָס אַננאַ האָט אים פאַר זיין מאָל־צייט איבערגעלאָזט. ער עפנט אַ שניטקע — און ער איז נישט איבערראַשט צו געפינען אַ שטיק שינקע אין איר. אַזעלכע מאכלים עסן זיי שוין פון יאָרן.

אַ געפיל פון עקל פאַר זיך אַליין שווימט איצט אויף ביי סידנין. דאָס מויל זיינס פילט זיך אָן מיט שפּייעכץ, און ער שפּייט אויס. ער נעמט אַ שניטקע און צעברעקלט זי און באַלד נעמט ער נאָך אַ שניטקע און צעברעקלט זי, און מיט כעס גייט ער אַרויס אינעם הויף און שליידערט זיי אַלע אַריין אינעם בית־הכסא...

צוריק אין עס־צימער, נעמט ער אַ ווייס טישטוך און שפּרייט עס אויס אויפן טיש. אַזאַ טישטוך, מיט אַ פאַרבלענדנדיקער ווייסקייט, האָט ער יעדן שבת ביי זיינע עלטערן געזען. און אַזוי ווי ער וואָלט זיך געוואָלט איצט אַליין קנסענען, נעמט ער אַ שטיקל טרוקן ברויט און פאַרטרינקט עס מיט וואַסער.

*

אַננאַ איז צוריק אַהיים געקומען. זי און סוזען זענען געווען פאַררויטלט מיט זון־ברען.

— אַלע דיינע שיפס־ברידער זענען היינט געווען ביים ים...
— האָט זי ווי כלאחר־יד אַ זאָג געגעבן צו סידנין, און זי האָט אָנגעגאָסן אַ גלאָז מילך פאַרן טעכטערל...

*

שפּעט אין דער נאַכט האָט זיך די קליינע סוזען איבער־געוועקט. זי האָט אָנגעהויבן צו וויינען און רופן. די הויט אויף די פּלייצעס האָט ביי איר געשטאָכן פון זיצן אַזוי לאַנג אין דער זון.

אַננאַ האָט זיך אויפגעשטעלט פון בעט, וואו זי איז אַ מידע אַליין געהאַט אָוועקגעפאַלן. זי באַשמירט סוזענס פּלייצע מיט אַ ביסל וואַזעלין, אָבער דאָס קינד וויינט ווייטער.

אַ סך מינוטן איז אַננאַ ביי איר געזעסן, און געדרימלט ביז סוזען איז ענדלעך נאָך אמאָל איינגעשלאָפן.

דער זייגער האָט אויסגעשלאָגן אַ פערטל נאָך צוויי — האָט אַננאַ באַמערקט, און מיט די לעצטע כוחות שלעפּט זי זיך צוריק אין איר שלאָף־צימער. זי לייגט זיך אַוועק, און שנעל פאַר־קלעבן זיך די אויגן ביי איר. ווי אין אַ חלום באַגרייפט זי, אַז סידני איז נאָך אַלץ נישט צוריקגעקומען. און זי שעפּטשעט עפּעס מיט אירע פאַרשלאָפענע ליפּן.

— וואו איז ער... — זאָגט זיך איר אַרויס — און וואָס איז געשען מיטן אויטאָ...

און עס האָט איר נישט געאַרט, ווען זי האָט נישט געהערט אַז עס זאָל איר עמיצער געווען ענטפערן.

In honour of

Mr. & Mrs. Norman Plotkin

יחיו

## דאָס שענסטע און ליכטיקסטע וואָרט: תשובה

די געשיכטע אונדזערע דערציילט, אַז עזרא און נחמיה האָבן אַמאָל געשטראָפט אונדזער פאָלק, ווייל זיי, די פאָלקס־מאסן, האָבן זיך געהאַט צעזינדיקט, ווייל זיי האָבן געהאַט גע־טאָן דאָס וואָס אַ ייד — ווייל ער איז אַ ייד — דאַרף נישט טאָן און טאָר נישט טאָן.

ראש־השנה איז דאָס געווען, ווען דאָס פאָלק האָט זיך געהאַט פאַרזאַמלט אויף אַן עפענטלעכן פּלאַץ אין ירושלים. ראש־השנה איז דאָס געווען, ווען דאָס האַרץ איז סיי־ווי צאַרטער און ווייכער און נאָכדענקלעכער ווי ווען עס איז אַנדערש. און די שטראָף־ווערטער זענען געפאַלן ווי אכזריותדיקע קלעפּ. זיי האָבן אָנגעטראָפן אינעם סאַמע ווייטיקדיקסטן פּונקט. און דאָס פאָלק האָט זיך פאַנאַנדערגעוויינט.

נישט איינער אָדער צוויי, און נישט איין קליינע גרופּע דאָ און אַן אַנדערע קליינע גרופּע דאָרט. נאָר דאָס גאַנצע פאָלק איז אַריינגעפאַלן אין טרויער, און זיך שטאַרק — גאָר שטאַרק — צעוויינט.

אָבער עזרא און נחמיה זענען נישט געווען קיין אכזריים אַז זיי זאָלן סתם מצער זיין זייערע ברידער.

— טרויערט נישט... — זאָגן זיי צו די פאַרזאַמלטע — טרויערט נישט, ווייל היינט איז אַ הייליקער טאָג צו אונדזער גאָט. נייערט גייט אַהיים און עסט און טרינקט, און זייט נישט צוגעלייגט, ווייל די פרייד אין גאָט איז אייער שטאַרקייט...

*

מיר אַליין שטייען איצט ביים אָנקום פון דעם זעלבן היי־ליקן טאָג. און אַנשטאָט טרויערן — ווי אַ סך פון אונדז וועלן אפשר טאָן — לאָמיר זיך דערמאָנען אַז אויך אין אונדזער פאַל איז די פרייד אין גאָט אונדזער שטאַרקייט. ווי פאַרצייטנס, אין

אָפּרוף לגבי עזרא און נחמיה, וועלן מיר אויספּילן מער ווי אײן עפּנטלעכן פּלאַץ דעם איצטיקן ראש־השנה. און מיר וועלן אַ יעדער אײנער מיטברענגען מיט זיך אונדזער באַגאַזש.

אונדזער פּעקל איז פֿון אַ גײסטיקער קוואַליטעט. און מיר זענען באַאומרואיקט. וואָס איז? פֿאַרוואָס? פֿאַרוואָס זענען מיר אַנדערש פֿון יענע וועלכע הײסן מאַציעק, אָדער פּריץ, אָדער זשאַק, אָדער מײקל, און וועלכע שפּרײזן הײנט איבער די גאַסן מיט די זעלבע רואיקע געפֿילן ווי אַלעמאָל? פֿאַרוואָס פּלאָטערט בײַ אונדז דאָס האַרץ אַזוי ווי מיר וואָלטן מורא געהאַט פֿאַרן מאָרגן? וואָס פֿאַר אַ חטא זענען מיר באַגאַנגען?

*

אַט זאָג איך זיך אַזוי סתם וואָס פֿאַר אַ חטא זענען מיר באַגאַנגען, אַזוי ווי כ'וואָלט קײנמאָל נישט געהערט פֿון אַ ייִדישער אמונה; אַזוי ווי כ'וואָלט קײנמאָל נישט געוואוסט, אַז מײַן לעבן איז אויסגעוועבט אויף אַ קאַנווע פֿון מצוות שבין אדם למקום און מצוות שבין אדם לחבירו; און אַזוי ווי איך האָב נישט מיט מײַנע אײגענע הענט, אַזוי צו זאָגן, איבערגעריסן מער ווי אײן פֿאָדעם פֿון אָט דער קאַנווע מײַנער.

*

אפשר איז עס געווען אַ צופֿאַל וואָס דער עפֿענטלעכער פּלאַץ, וואו די ייִדן האָבן זיך פֿאַרזאַמלט אין די צײַטן פֿון עזרא און נחמיה, איז געווען אין ירושלים. און אפשר איז עס נישט געווען קײן צופֿאַל, נאָר די האַנט פֿון דעם געטלעכן גורל האָט אַזוי געפֿירט, אַז די פֿאַרזאַמלונג זאָל פֿאָרקומען אין אַ שטאָט וואָס איז די שענסטע שטאָט אין דער וועלט — די שענסטע שטאָט פֿונעם גײסטיקן שטאַנדפּונקט.

סתם שײנע שטעט, מיט ברײטע און בוים־באַפּלאַנצטע אַלײען און באַצירט מיט אַרכיטעקטאָנישער קונסט, זענען דאָ גענוג אין דער וועלט. אפשר זענען זײ נאָך שענער ווי ירושלים. געוויס זענען זײ פֿיל רײַכער. במה דברים אמורים — פֿונעם פֿיזישן שטאַנדפּונקט.

אָבער פֿון דעם גײסטיק־מאָראַלישן שטאַנדפּונקט — פֿונעם שטאַנדפּונקט וואָס מאַכט דיך פֿילן, אַז דו ביסט עפּעס ווערט אַלס אַ מענטש; פֿונעם שטאַנדפּונקט וואָס לאָזט דיך וויסן, אַז

עמיצער קימערט זיך וועגן דיר און פאַרלאַנגט עפּעס פון דיר; פונעם שטאַנדפּונקט וואָס גיט דיר דעם גלויבן, אַז דער געטלע־כער באַשעפער האַלט דיך ביי דער האַנט, און פירט דיך אויפן וועג פון אַ פערזענלעכער אויסלייזונג — — —

פון אַט דעם שטאַנדפּונקט איז ירושלים צווישן די שטעט פון דער וועלט ווי אַ מלכה צווישן שפחות.

אין אַנדערע שטעט פון דער וועלט פילסטו זיך צעריבן, קליין, איינגעשלונגען פון אַרומיקן ווירוואַר, און באַרויבט פון יעדן געפיל, אַז דו באַזיצט עפּעס אַ וויכטיקייט. און דו ביסט פאַראורטיילט צו האָפענונגסלאָזיקייט.

אָט דרייסטו זיך אַרום, אָבער דיין שכן קאָן זיך אָן דיר באַגיין. דער מענטש נאַרט זיך אָפּ מיט קרומע זאַכן, אָדער אַנדערע נאַרן אים אַזוי אָפּ, אַז ער קומט זיך צו עפּעס צונויף. אַזוי אַרום גייען די יאָרן אַוועק — און אין אַ גראַנדיאָזער אָפּ־נאַרעניש. דאָס זענען די פילאָזאָפיעס פון די אַזוי גערופענע שיינע און ריינע שטעט אין דער וועלט.

אין ירושלים אָבער איז אַמאָל פאָרגעקומען די מעשה פון דער עקידה, און אַ שטעמפּל פון מענטשלעכער דערהויבנקייט איז אַזוי אַרום אויף דער שטאָט אַוועקגעלייגט געוואָרן — אויף אייביק. הימל און ערד האָבן זיך דעמאָלט אין יענער שטאָט — אויף דעם הר־המוריה — פאַרבונדן. ווען יצחק איז געלעגן אויפן מזבח, האָט זיך גאָט פאַראייניקט מיטן מענטש — און דער ייד איז געבוירן געוואָרן.

איז דאָס דערהויבן, אָדער נישט?... איז דאָס שיין, אָדער נישט?...



ווען איך ווער אויסגעקליבן, אַז דער קעניג זאָל מיט מיר רעדן, אָדער אַז דער פּרעזידענט זאָל מיט מיר רעדן, איז דאָס בכבודיק אָדער נישט? און ווען איך דערהויב זיך צו דער שטופע וואו איך קאָן דערפילן דעם רצון פונעם קעניג אָדער דעם פּרעזידענט, בין איך עפּעס ווערט אָדער נישט?...

דאָס איז בעצם געשען מיט אברהם אבינו, ווען דער געט־לעכער קעניג האָט צו אים געזאָגט:

— נעם דיין זון, דיין איינציקן, דעם וואָס דו האָסט ליב,

יצחקן, און גיי דיר קיין לאַנד מוריה, און ברענג אים אויף דאָרטן פּאַר אַן עולה אויף איינעם פון די בערג וואָס איך וועל דיר זאָגן.

און אין אַ פרימאָרגן, זיכער מיט פרייד אין האַרצן — ווייל אַזאַ פרייד איז אַ פרייד אין גאָט — הויבט זיך אברהם אבינו אויף, און ער גייט דערפילן דעם גרעסטן העראָאישן טאַט, וואָס אַ מענטש קאָן דערגרייכן. ער נעמט זיין זון צו דער עקידה. ער איז אַ ייד...

און ביזן היינטיקן טאָג זאָגט דער זשעני פון עם־ישראל, אַז ווען מיר פאַרזאַמלען זיך אום ראש־השנה, זאָלן מיר אויסרופן צום הימל, און זאָגט —

— דערמאָן זיך אין דער עקידה וואָס יצחק האָט מיטגע־מאַכט, און מיט באַרעמהאַרציקייט געדענק זי היינט לטובת דיינע קינדער...

ווען גאָט רעדט און דער מענטש דערפילט דעם געטלעכן רצון — דאָס איז אַ ייד.

*

יאָ, דאָס איז פאָרגעקומען אין דער געטלעכער שיינקייט פון יענעם ירושלים, אין וועלכן די יידן האָבן זיך אין אַ שפּע־טערדיקן ראש־השנה צעוויינט, ווען עזרא און נחמיה האָבן זיי געשטראָפט. און זיי האָבן געהאַט געגוג אויף וואָס צו וויינען...

זיי האָבן געהאט אין זיך פאַרשטומט דעם געטלעכן קול וואָס זאָגט צו יעדן ייד, נעם דאָס טייערסטע וואָס דו האָסט און ברענג עס מיר פאַר אַ קרבן. אַ ייד מוז קרבנות ברענגען, און זיי האָבן דאָס נישט געהאַט געטאָן. זיי האָבן געהאַט אַוועקגעמאַכט מיט גאָר אַ סך פון זייער יידישקייט, און ווי אַזוי האָבן זיי געקענט זיך נישט פאַנאַנדערוויינען!...

ראש־השנה איז דאָס געווען. און יעדן ראש־השנה זוכט דער געטלעכער אייגנטימער פונעם אינערלעכן, נשמהדיקן קול דאָס וואָס איך האָב געדאַרפט מקריב זיין, אַלס אַ ייד און ווייל איך בין אַ ייד.

אַן עקידה האָב איך געדאַרפט מיטמאַכן. אַ פערזענלעכן אונטערוואַרפן־זיך צו מיין באַשעפער האָב איך אויף זיך גע־דאַרפט נעמען. אַזוי טענהט צו מיר דער שופר. דער האָרן פונעם ווידער וואָס האָט אַמאָל פאַרענדיקט די עקידה פון יצחקן.

אָבער לעבן מיר נאָך אין צייטן ווען דער ייד קאָן זיך

פאַנאַנדערוויינען בעת דער שופר צעהילכט זיך? וואָס הייסט — האָבן מיר דען נישט פאַרשטילט אין זיך דעם קול פון מלך־מלכי־המלכים, וועלכער רופט אונדז צו באַווייזן, אַז מיר זענען ווערט צו שטיין אין פאַרבינדונג מיט דער געטלעכקייט פון דער וועלט?

ווי קענען מיר זיך פאַרגלייכן מיט יעדן מאַציעק און פריץ און זשאַק און מייקל?...

*

עס ווערט דערציילט, אַז אַ בעל־אכסניא האָט אַמאָל געהאַט אורחים ביי זיך, ווען דאָס קייבערל פלייש פאַר זיי איז ביי אים איבערגעפירט געוואָרן. ער וועט דאָך אָבער נישט וועלן היזק האָבן דאָס וואָס דאָס פלייש האָט געקאָסט. האָט ער עס אָפּגע־קאָכט, מיט אַ סך זאַלץ און מיט אַ סך פעפער, אַזוי אַז מען האָט דעם ריח פון דעם איבערגעפירטן עסן נישט אַרויסגעשפירט.

ערשט אַ שעה־צוויי נאָך דער סעודה האָבן זיך די אורחים געכאַפּט, אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט פאַראיבל צו האַלטן דעם בעל־אכסניא, פאַר זיין נישט־שיינער האַנדלונג.

דער מענטש איז דער בעל־אכסניא צו ווען די נשמה קומט אַלס גאַסט. און אדרבה, ווער קאָן שטאָלץ זיין פון די מאכלים וואָס מ׳גיט היינט דער נשמה! וויפיל געזונט איז נאָך אין גאַנצן ביי איר פאַרבליבן? מען רעדט שוין וועגן דעם חורבן וואָס מעגאַטאָן־באָמבעס וועלן ברענגען אויף דער מענטשהייט...

אַזוי האָט זיך דער מענטש דערנענטערט צום ברעג פון אַן אָפּגרונט, און קוים־קוים אַז ער האַלט זיך נאָך אויפן ברעג.

ער האָט טאַקע אָפּגענאַרט דעם אורח זיינעם. ער האָט זיך גאָרנישט וויסנדיק געמאַכט ווען די נשמה זיינע האָט ביי אים אַביסל ערלעכקייט און ריינקייט געמאָנט. ער האָט זיך נישט געוואָלט צוהערן צו די גייסטיקע פאַרלאַנגען פון דעם הימלישן פונק וואָס טליעט ביי יעדן מענטש — אין די פאַרבאָרגנסטע ווינקעלעך פון זיין האַרץ.

אומאויפהערלעך רייסן זיך ביים מענטש די פינצטערסטע תאוות זיינע און ווילן באַהערשן די מאַכט איבער אים. און דער מענטש גיט זיי נאָך. שטילערהייט האָט ער דווקא אַ הנאה פון דער הערשאַפט פון די תאוות — ספּעציעל ווען עס דאַכט זיך אים אַז קיינער ווייסט נישט וועגן זיין שמוציק לעבן און ווען ער

גלויבט אַז ער באַזיצט נאָך דעם כבוד וואָס נאָר אַ בכבודיקע נשמה קאָן געבן.

אַזוי האָט דער מענטש אָפּגעגאַרט די סביבה זיינע — שוין זינט לאַנגע צייטן. ער האָט אָבער זיך אַליין נאָך מער אָפּגע־נאַרט, ווייל איצט שטייט ער נאַקעט און מיואשדיק. ווער וועט אים פון זיין טראַגעדיע אַרויסשלעפּן? און ווי לאַנג נאָך אַזוי?

וויפיל טריט זענען בכלל נאָך פאַרבליבן ביז צום סוף ברעג, פון וועלכן עס איז קיין צוריקוועג מער נישטאָ...

*

און דער ייד? ווען עס וואָלט קיין ראש־השנה נישט געווען — אַ געלעגנהייט וועלכע עפנט דעם טויער צו אַ פּראַכטפולן ניוואָ פון אַ געטלעך לעבן — וואָלט דער ייד אַזאַ געלעגנהייט אַליין געדאַרפט שאַפן.

ווען עס וואָלטן קיין עשרת־ימי־תשובה נישט עקזיסטירט — טעג וועלכע אַנטפּלעקן פאַר דיינע אויגן אַ וועג פון כבוד אַלס אַ ייד — וואָלסטו אַליין געדאַרפט זיך אויפבראויזן און שטורעמען קעגן די איינרעדענישן, אַז אַלץ ארום דיר האָט קיין באַדייטונג נישט.

ווען איך הער שטראָף־ווערטער, איז עס נישט ווייל עס איז דאָ אַן אכזר ערגעץ־וואו, און ער וויל מיר ווייטאָן. פאַרקערט! די שטראָף־ווערטער קומען פון דער הויך, און אָן זיי בין איך פאַרלוירן, און איך ווער אויסגעליפערט צו די חיות פון דעם מדבר.

די שטראָף־ווערטער קומען פון דער הויך, און מען מאָנט ביי מיר אַז איך זאָל זיך דערהויבן צו זיי, כדי צו זען מיין אויס־לייזונג אין אַ ליכט וואָס באַשיינט אַ לאַנגע צוקונפט פאַר מיר.

די טרערן וועלכע מיינע אבות האָבן פאַרגאָסן אין די טעג פון עזרא און נחמיה זענען נישט געווען קיין טרערן פון סתם צוועקלאָזע יסורים. יצחק אויף דער עקידה האָט אויך פאַרגאָסן טרערן. דאָס זענען אָבער טרערן, וועלכע — ווי די ריינסטע וואַסערן — רייניקן אָפּ דעם גייסטיקן און מאָראַלישן פלעק מיט וועלכן מיר האָבן זיך באַשמוצט.

אָבער טרויערן האָבן זיי נישט געדאַרפט, ווייל אַ טרויער

איז נאָך עפּעס אַזוינס וואָס ווערט פאַרלוירן און קאָן מער נישט צוריק געפונען ווערן.

*

קומט טאַקע דער ראש־השנה צו גיין, און ווייזט דיר ווי אַזוי דו קענסט דיין פאַרלוירענע דערהויבנקייט צוריק געפינען. ווי ווייט דו זאָלסט נישט זיין פאַרקראָכן אין די נישט־געטלעכע פּרעמדקייטן, מיט זאָרג און האַרצווייטיק און פאַרצווייפלונג, אויך פון דאָרט, ווען דו ביסט געגוג שטאַרק, קענסטו דיין דערהויבנ־קייט צוריק געפינען.

קומען טאַקע די עשרת־ימי־תשובה צו גיין און לאָזן מיך הערן דאָס שענסטע און ליכטיקסטע וואָרט וואָס געפינט זיך אין דעם וואָקאַבולאַר פון מיין גערדאַנקען־קאַמף וועגן אַ ווירדיק און אַ ווערטפול לעבן.

עס איז אַ הימליש וואָרט — תשובה. דאָס הייסט, עס איז דאָ אַ צוריקוועג אויך פון דעם ברעג ביים אָפּגרונט. און דאָס וואָרט עפנט אַ קוואַל פון אמתער האָפענונג אין די טיפענישן פון מיין האַרץ.

דער אָפּגרונט איז וואו דער גראָבער בעל־אכסניא וויל מיך פירן. וואָס איז אים אַ נפקא־מינה ווי אַזוי מיין גורל וועט זיך ענדיקן... יעדן חטא פאַרדעקט ער מיט אַ שלייער, ווי די אומ־געזונטע מאכלים זענען פאַרדעקט מיט זאַלץ און פעפער. דאָס קרומע דערלאַנגט ער מיר אַזוי ווי עס וואָלט אין גאַנצן גלייך געווען, און דאָס צעבראָכענע — אַלס דאָס גאַנצע. און איך האַלט אין איין בלאָנדזשען. ביז איך ווער אָפּגעשוואַכט, און עס איז מיר שווער פון מיינע חטאים זיך צו ראַטעווען.

*

קומט דער ראש־השנה צו גיין און ווייזט מיר דעם וועג פון תשובה. ער דערמאָנט מיך פון דער עקידהדיקער שטאָט ירושלים. ער ווייזט מיר אַ מזבח אויפן הר־המוריה, וואו איך קאָן זיך מיט מיין אמתן באַשעפער פון דאָס ניי פאַרבינדן.

— קער זיך צוריק... — זאָגט מיר דער שופר — ווייל די געטלעכע האַנט איז צו דיר אויסגעשטרעקט, ווי אַ ברחמנותדי־קער פאָטער שטרעקט אויס די האַנט צו אַ קינד, וואָס האַלט ביים אומפאַרמיידלעכן קייקלען זיך אין גרוב אַריין.

— קוק אויף דער קאַנווע פון דיין לעבן, דורכעפלאָכטן מיט אידעאַלן, וועלכע מוזן זיגן פריער צי שפּעטער, און קער זיך צו איר צוריק, ווייל אין איר איז דיין העכסטער ציל איינ־געוועבט און איינגעוואָרצלט.

— אויב דאָס האַרץ דיינס איז ביי דיר דערדריקט, ווייל עס איז מיט זינד באַלאָסטעט, לאָז אַ טרער. דו האָסט זיך אויף וואָס פאַנאַנדערצווויינען. אָבער נישט פון טרויער, נאָר פון אָפּרייניקונג.

— דו רייניקסט זיך אָפּ פון די שמוצערייען וועלכע האָבן זיך אין משך פון אַ גאַנץ יאָר אויף דיר אָנגעזאַמלט, און דו ביסט אויפן וועג צוריק — צו אַ יידישער אויסלייזונג.

— דיינע אויגן זענען געווענדט אין אַ הימלישער ריכטונג. דו גייסט צו אַ ניי יאָר, אַ יאָר אין וועלכן אויך ביי דיר קאָן מקוים ווערן, אַז די פרייד אין גאָט איז דיין שטאַרקייט.

In memory of

Mr. Chaim Salzberg

G. R. H. D. S.

לזכר

ר׳ חיים שלמה ב״ר רפאל

ע״ה

## צוואַנציק יאָר נאָכן שרעקלעכן אומקום

עס בלוטיקט נאָך אַלץ דאָס יידישע האַרץ. כמעט גאַנצע צוואַנציק יאָר זענען שוין פאַראיבער זינט די טייוולאָנישע רציחות קעגן אונדזער פאָלק האָבן זיך אָפגעשטעלט. כמעט צוואַנציק יאָר זינט דער גרויזאַמער גויאישער שונא איז אַליין פאַרשניטן געוואָרן. אָבער — — —

אָבער איידער ער איז פאַרשניטן געוואָרן האָט ער דאָך אַזוי פיל וויטאָג אונדז געדאַנזשעט אויסצוטיילן! איידער די טייוולאָ־נישע רציחות האָבן זיך אָפגעשטעלט אין יאָר 1945 — זענען דאָך אַזוי פיל יידישע נפשות אומגעברענגט געוואָרן, און אַזוי פיל אומשולדיק יידיש בלוט פאַרגאָסן געוואָרן, און אַזוי פיל טויט און טרויער צווישן אונדזערע קהילות פאַרזייט געוואָרן.

עס איז שוין דעמאָלט שפּעט געווען עפּעס אָפּצוראַטעווען. דאָס פייער האָט שוין אַלץ געהאַט פאַרברענט אויף אַש און קוילן. שוין אַלע אונדזערע בליענדיקע ישובים געהאַט חרוב געמאַכט. מען האָט שוין גאָרנישט געקאָנט טאָן. פאַרפאַלן. צוגעדעקט. קוק בלויז צו דער צוקונפט. צו דער צוקונפט. צוקונפט. און היינט — נאָך צוואַנציק יאָר — בלוטיקט נאָך אַלץ דאָס יידישע האַרץ צוליבן וויטאָג פון יענע צייטן פון טויט און טרויער פון יענער פאַרגאַנגענהייט.



עס בלוטיקט נאָך — כאָטש דער ייד האָט אין צווישן שוין נייע צייטן דערלעבט און דערזען. כאָטש ער האָט שוין לאַנג פאַרלאָזן די פאַרשאָלטענע ערד פון זיין שטיף־מוטעריש לאַנד פון פריערדיקע יאָרן און האָט זיך באַזעצט אין אַ לאַנד וואו ער איז פריי און רואיק און וואו עס לעבט זיך אים באַקוועם און בכבודיק.

עס בלוטיקט נאָך אַלץ דאָס יידישע האַרץ — כאָטש מיר האָבן אין צווישן אויפגעבויט נייע ישובים אין וועלכע מען רודפט אונדז נישט, און כאָטש די זון פון פּאָליטישער און בירגערלעכער גלייכהייט האָט היינט כמעט אומעטום איבער אונדז אויפגעשיינט אַ סך ליכטיקער ווי אין וועלכער עס איז אַנדערער תקופה פון אונדזער לאַנגער געשיכטע.

עס בלוטיקט נאָך — כאָטש אין צווישן האָבן מיר דערלעבט צו זען אַ שטיק גרויסע ישועה פאַרן יידישן פאָלק. אַ האָפענונג פון צוויי טויזנט יאָר איז מקוים געוואָרן. דער שענסטער חלום אונדזערער איז פאַרווירקלעכט געוואָרן. מיר האָבן דערלעבט צו זען דאָס אויפשטיין פון אַ באַנייטער יידישער מדינה.

אָבער טראָץ דעם אַלעם...

*

און אַז דאָס האַרץ בלוטיקט — ווילט זיך אויסשרייען. עס ווילט זיך אַרויסלאָזן אַ קרעכץ וואָס זאָל מיטן גאַנצן געביין אונדזערן אַ שוידער געבן. און נישט נאָר מיטן געביין אונדזערן — נאָר מיט די פונדאַמענטן פון דער גאַנצער וועלט — — —

עס טוט וויי, טראָץ דעם וואָס צוואַנציק יאָר זענען שוין פאַרגאַנגען. טראָץ אונדזערע נייע און פאַרבעסערטע באַדינגונגען, קאָן זיך דער סענטימענטאַלער געדאַנק קיין אָרט נישט געפינען. און ווען איינער איז נאָך מער עמפּפינדלעך — ווילט זיך אים אַ ברייל געבן אַזוי ווי אַ לייב טוט דאָס ווען ער ליגט פאַרוואונדעטע און ער זעט ווי זיין קעניגלעכע גבורה איז פאַרשעמט געוואָרן.

זאָג היינט און זאָג מאָרגן — אָבער עס העלפט נישט. זאָל זיין אַז דער שונא איז מער נישטאָ. אָבער עס טוט נאָך אַלץ וויי, און דער ווייטאָג זיפּצט אַרויס פון דער יידישער ברוסט.

און אומצייליק זענען די פאָרמען ווי אויך די אינהאַלטן אין וועלכע דער צער ווערט אויסגעדריקט, פּונקט אַזוי אומצייליק ווי עס זענען יענע וועלכע ווייטיקן דעם יידישן ווייטאָג.

קומט איינער און נעמט צוזאַמען אַ פּאָר פון די פאַרבליבענע יתומים פון זיין אַמאָליקער קהילה און צוזאַמען שטעלן זיי אויף אַ געמיינזאַמע מצבה אין אָנדענק פון זייערע קרובים און פריינד. און ווען דער טאָג קומט און מען האַלט אָפּ די יאָרצייט פון די

אומגעקומענע, פאַרזאַמלען זיך די פאַרבליבענע יתומים טאַקע ביי דער געדענק־מצבה און דריקן אויס זייער זיפץ מיט אַ קדיש בציבור — מיט אַ גרויסן און געמיינזאַמען קדיש. און דער גאַנצער עולם קומט, און ער פילט זיך ווי פאַריתומט, און ער וויינט מיט און ער טרויערט.

ביי אַ צווייטן, ווייטער, רעדט דער טראַגישער זיפץ אַרויס אין דער פאָרם פון אַ מאָלעריי — אַ בילד פונעם חורבן, אויב מען קאָן בכלל אין אַ בילד אויסמאָלן אַן אימאַזש פון אַ טראַגעדיע וואָס איז אַזוי אומבאַשרייבלעך גרויס.

רחל מבכה על בניה. אָט וויינט אונדזער מוטער רחל אויף אירע קינדער, וועלכע דער טויזנט־פאַכער רשע מרושע האָט אויסגעשאָכטן און אומגעבראַכט. זי פאַרדעקט זיך איר פּנים מיט אירע הענט — זי, די באַליבטסטע פון אונדזערע מאַמעס — און ווען דו קוקסט אויף דער מאָלעריי — ווי באַגרענעצט אין איר פאַרמעסטונג זי זאָל נישט זיין — זעסטו ווי טרערן פליסן פון אונדזער מאַמעס פאַרדעקט פּנים און דאָס האַרץ בלוטיקט ביי דיר. טראָפּ נאָך טראָפּ.

און עס איז נישטאָ גאָרנישט וואָס זאָל קענען דיין ווייטאָג שטילן. נישטאָ גאָרנישט...



מען דערציילט דיר וועגן מדינת ישראל — כדי דיין צער אַ ביסל צו באַרואיקן. און דו ווייסט אַליין אַז די יידישע מדינה איז טאַקע אַ פאַקט, אַ טאַט־זאַך. אפשר האָסטו זי מיט דיינע אייגענע אויגן אויך שוין געזען, ווייל דיינע עקאָנאָמישע באַדינגונגען האָבן זיך פאַר דיר אַזוי פאַרבעסערט אַז דו ביסט לעצטנס אפשר געווען אויף אַ באַזוך אין ארץ־ישראל.

אמת, דו ווייסט דאָס אַלץ. דו ווייסט אַז קוים דריי יאָר נאָך דעם ווי דער חורבן האָט זיך אָפּגעשטעלט איז געשען עפּעס אַזוינס אין דער יידישער געשיכטע, וואָס פילט אונדז אַלעמען אָן מיט אומענדלעכער פרייד.

גרופּעס יידן האָבן זיך צעבונטעוועט. אויס יאוש כמעט. איין מאָל פאַר אַלעמאָל. אָדער דו אָדער איך. אויב דער שונא דערלויבט אונדז נישט צו לעבן אויף אַן אופן וואָס ער רופט אָן

לעגאַל — וועלן מיר לעבן אויף אַן אופן וואָס ער רופט אַן אומלעגאַל. אָבער לעבן וועלן מיר.

אויב ער לאָזט אונדז נישט עולה זיין מיט עליה אל״ף, וועלן מיר עולה זיין מיט עליה בי״ת — אָבער עולה זיין וועלן מיר. און אויב דער שונא וועט שיסן — וועלן מיר אויך שיסן. מיר קענען שוין לענגער נישט אויסהאַלטן — האָט דער ייד געשריגן און פּראָטעסטירט — און פון זיין געשריי האָט זיך אַרויסגעהערט אַ קול פון אַ פאַרוואונדעטן און פאַרשעמטן לייב. ניין, — האָט ער געזאָגט — מיר וועלן מער נישט שווייגן. מיר וועלן זיך נישט מער לאָזן אויסשעכטן. און אויב דער שונא וועט הענגען אונדזערע מענטשן, וועלן מיר — — —

אַזוי איז אַ נייער גייסט אין אונדז געבוירן געוואָרן און אונדז באַלעבט, און מיר האָבן אין אונדזער לעבן אַ רעוואָלוציע דורכגעפירט. אַ בלוטיקע רעוואָלוציע — און אַ דערפאָלגרייכע. ארץ־ישראל איז צוריק אויסגעלייזט געוואָרן. עס איז אַזוי ווי אַ שטיק משיח וואָלט שוין געווען געקומען. מיט דעם אויבערשטנס הילף האָט זיך אונדזער פאָלק אַ שטיק פון זיין אייגן היסטאָריש און נאַציאָנאַל לאַנד צוריק אויסגעקעמפט.

דאָס אַלטע ציון — אָדער לכל הפחות אַ חשובער טייל פונעם אַלטן ציון — איז באַפרייט געוואָרן. און צוזאַמען מיט ציון איז אויך דאָס לאַנג־פאַרגלותטע פאָלק ישראל באַפרייט געוואָרן. עם ישראל חי. דאָס יידישע פאָלק איז צוריק אויפגעשטאַנען צום לעבן.

דאָס אַלץ איז אַ טאַט־זאַך. און די דאָזיקע טאַט־זאַך — אין איר גאַנצער און גלאָררייכער פריילעכקייט — איז צושטאַנד געקומען באַלד נאָכן חורבן פון פאַר צוואַנציק יאָר צוריק. דו ווייסט דאָס אַלץ, און דו ביסט כמעט זיכער אַז פּאָסט האָק — ערגאָ פּראָפּטער האָק, אַז דאָס ערשטע האָט כמעט געוויס גורם געווען דאָס צווייטע. אַז דאָס אונטערגיין פונעם יידישן אייראָפּע האָט כמעט געוויס גורם געווען אַז דאָס אַלטע ארץ־ישראל זאָל צוריק באַנייט ווערן.

און דו קלערסט זיך אַז דאָס איז אפשר טאַקע דער געדאַנק פון דעם וואָס אונדזערע חכמים זכרונם לברכה האָבן אַמאָל געזאָגט, וועגן דעם גויאישן צור און דעם יידישן ירושלים.

די דערמאָנסט זיך וועגן דעם מאמר פון לא נתמלאה צור

אלא מחורבנה של ירושלים, און דו ווילסט די ווערטער אַזוי אויסטייטשן, אַז דאָס גויאישע צור — דאָס הייסט דער גלות — האָט זיך אָנגעפילט מיט יידן נאָר נאָך דעם ווי ירושלים — דאָס הייסט דאָס יידישע ארץ־ישראל — איז געבעך חרוב געוואָרן. און דו גייסט ווייטער, און דו דערגענצסט דעם מאמר, און דו זאָגסט זיך, אַז נאָר נאָכן חורבן פון צור — דאָס הייסט פונעם גלות — וועט זיך ירושלים — דאָס הייסט אונדזער ארץ־ישראל — אָנפילן מיט יידן פון דאָס ניי.

און דאָס איז אײגנטלעך די טאַט־זאַך וועלכע איז צושטאַנד געקומען פאַר אונדזערע אויגן אין אונדזערע אייגענע טעג...



דאָס אַלץ איז דיר גוט באַקאַנט. און אַ סך מאָל הערסטו ווי מען זאָגט דיר אַז גאָט אַליין האָט שוין מער נישט געקענט זיך צוזען צו דעם צער פון זיין פאָלק, און דעריבער האָט ער אים צוגעהאָלפן אין דער מלחמה קעגן די שונאים — און ער האָט אַ נס באַוויזן. אַ נס אַז אַ קליין הייפעלע פון שוואַכע יידן האָבן באַזיגט די קאָמבינירטע אַרמייען פון מערערע מעכטיקע מלוכות.

און דו טראַכסט זיך אַז די אויסלייזונג פון ציון איז דיר געגעבן געוואָרן אַלס אַ מין אַנטשעדיקונג פאַר די גרויסע פאַר־לוסטן וואָס דו האָסט געהאַט געליטן. די פאַרלוסטן פון אַ קראָקע, און אַ וואַרשע, און אַ ווילנע, און אַ פּראָג, און אַ פּרעשבורג, און אַ בערלין, און אַ פראַנקפורט, און אַ לידע, און אַ ריגע, און אַ טעלז, און אַ מיר, און אַ בודאַפּעסט, און אַ מונקאַטש, און אַ... און אַ... און נאָך הונדערטער אַנדערע יידישע שטעט און שטעט־לעך.

עס זענען פאַראַן מאָמענטן ווען עס קומט דיר אויפן געדאַנק אַז די באַנייטע מדינת ישראל איז אַ מין טרייסט וואָס דער רבונו־של־עולם האָט דיר צוגעשיקט כדי דיך טרויער זאָל אַ ביסל פאַרקלענערט ווערן. אַ מין נחמה.

אָבער באַלד טרייסלסט דו זיך אָפּ פון אַזאַ מחשבה. דו זאָגסט צו זיך אַליין אַז אַזאַ סאָרט אויסטויש וואָלט געווען גלייך אַזוי ווי דער כביכול וואָלט געהאַנדלט מיט יידישע לעבנס, און דו ביסט אין כעס אויף אים. לא מדובשך ולא מעוקצך. די

ווילסט נישט דעם האָניק פון דער מדינה פאַר דעם פּרייז פון דעם שטאָך פונעם חורבן.

און אַזוי בלוטיקט דאָס האַרץ.

דו זאָגסט צום הימל — מאַך מיר נישט אָן קיין טרויער,
און דו ווערסט פאַרשפאָרן צו קומען מיך טרייסטן...

*

און אַמאָל מאַכט זיך גאָר פאַרקערט. אַמאָל מאַכט זיך אַז דיין זיפצן ברענגט דיך גאָר נאָך נאָענטער צו דיין געטלעכן באַשעפער. ווייל אנשטאָט אים צו באַשולדיקן — באַשולדיקסט דו זיך אַליין. דו ביסט אויף זיך אַליין אין כעס ווייל דו ווייסט אַז דו ביסט אַליין נישט געווען עפּעס אין אָרדענונג אַזוי אין גאַנצן.

ווייל ממה־נפשך. ממה־נפשך האָסטו געוואָלט פירן אַ פּאַראַדאָקסאַל לעבן, און דאָס האָט נישט געטויגט.

ווייל ביסטו אַ ייד אַ מאמין — אַזעלכער וואָס גלויבט אַז דער באַשעפער דיינער וועט דיר העלפן יעדעס מאָל ווען דו געפינסט זיך אין אַן עת צרה — האָסטו געדאַרפט אַרויסווייזן דיין אמונה דורך טאָן די מצוות פון דיין באַשעפער. און אויב דו האָסט עס נישט געטאָן, ביסטו טאַקע נישט געווען עפּעס אין אָרדענונג אַזוי אין גאַנצן.

פון דער אַנדערער זייט, ווייטער, אויב דו ביסט נישט קיין מאמין, האָסטו געדאַרפט פאַרשטיין אַ פּשוטן היסטאָריש־סאָציאָלאָגישן אמת — אַז קיין שום פאָלק האָט נישט ליב צו האַלטן ביי זיך קיין נאַציאָנאַלע אָדער אַנדערע מינאָריטעטן. דורך אַ געוויסע צייט וועט אַ פאָלק טאָלערירן אַזאַ מינאָריטעט — אָבער נישט אויף אייביק.

דאָס איז אַ מין צווייטע נאַטור ביי יעדן פאָלק — אָדער אפשר אַן אינסטינקט לויט וועלכן יעדעס פאָלק פירט זיך — אוז פריער צי שפּעטער קומט עס צו אַ קאָנפליקט מיט די מינאָריטעטן. איין מאָל איז דער קאָנפליקט אַ מילדער. אַן אַנדער מאָל איז ער אַ שאַרפער. און אַ דריט מאָל איז דער קאָנפליקט אַ מערדערישער.

דאָס האָסט דו געדאַרפט וויסן פון דיינע לאַנגע גלות־דערפאַרונגען. און אויב דו האָסט זיך פאַרלאָזט אויף דיינע אילוזאָ־

רישע טעאָריעס — און דו האָסט געגלויבט אַז דאָס פאָלק צווישן וועלכן דו האָסט געלעבט וועט דיך און דיין מינאָריטעט אויף אייביק טאָלערירן — ביסטו באַגאַנגען אַ גאָר פאַלשן שריט. דו האָסט באַוויזן אַז דו גייסט קעגן דער אָביעקטיווער נאַטור פון געוויסע אמתן און אַקסיאָמען. און אַזוי ארום ביסטו ווייטער נישט געווען עפּעס אין אָרדענונג אַזוי אין גאַנצן.

איך ווייס אַז אָט דער ממה־נפשך מיינער איז אַ גאָר פּיינ־לעכער אַרגומענט. סיי אין דער ערשטער העלפט זיינער און סיי אין דער צווייטער העלפט באַווייזט ער ווי פּאַראַדאָקסאַל אונדזער לעבן איז געווען. ער איז אָבער אויך אַ לאָגישער ממה־נפשך, אויסגעהאַלטן ווי אייזן, און אויב דו ביסט באַרייט געווען צו גיין קעגן די לאָגישקייט פון אַ סיטואַציע, מוזטו זיין באַרייט אויך צו טראָגן די קאָנסעקווענצן — און אַזוי אַרום האָסטו נאָר זיך אַליין ווען דו קענסט באַשולדיקן.

ביסטו אָבער באַרייט צו טראָגן די קאָנסעקווענצן — באַ־זונדערס ווען זיי זענען געווען אַזוי גרויזאַם, און ווען זיי האָבן איבערגעשטיגן יעדע מאָס פון גערעכטיקייט — אפילו פון דעם שטרענגסטן שופט?...

*

אַמאָל, ווייטער, פילסטו אַז דיינע מנהיגים זענען ווייט נישט פריי פון שולד — דיינע גייסטיקע מנהיגים ווי אויך דיינע וועלט־לעכע מנהיגים. אַזוי מינדעסטנס דאַכט זיך דיר אויס, אַז זיי — דיינע מנהיגים — האָבן נישט געזען אַז דאָס פייער פון חורבן קומט וואָס אַ מאָל נאָענטער און נאָענטער. און אויב זיי האָבן דאָס יאָ געזען — ווייזט אויס אַז זיי האָבן נישט גענוגנד פאַר־שטאַנען די גרויסע סכנות וואָס וועלן דערפון אַרויסקומען. און אויב זיי האָבן דאָס יאָ פאַרשטאַנען — טאָ וואו איז געווען זייער איינשטימיקע פירערשאַפט?

זיי האָבן דאָס פאָלק נישט גענוג געוואָרנט. מיט פאַרשי־דענע קולות האָבן זיי גערעדט, און דו האָסט נישט געוואוסט צו וועלכן קול דו זאָלסט זיך צוהערן. זיי האָבן דאָס פאָלק נישט געפירט אַזוי ווי אַן איבערגעגעבענער פאַסטוך דאַרף זיינע שאָף פירן אין אָנבליק פון אַן אָנפאַל פון וועלף אָדער אַנדערע חיות רעות.

און דיין זיפצן טוט דיר צוויי מאָל אַזויפיל ווי — ווייל דו זעסט אַז ביזן היינטיקן טאָג זענען דיינע מנהיגים — די גייסטיקע ווי אויך די סעקולערע — פול מיט מחלוקת איינער מיטן אַנדערן. און דאָס פֿאָלק דיינס איז צעפּיצלט אויף ברעק־ברעקעלעך פּונקט אַזוי ווי די מנהיגים דיינע זענען נישט אימ־שטאַנד צו געפינען אַ הסכם איינער מיטן אַנדערן.

*

נייך, דו באַשולדיקסט נישט דעם רבונו־של־עולם פֿאַר די געשעענישן פֿון פֿאַר צוואַנציק יאָר צוריק. דו זעסט גאָר אַז ער — דער רבונו־של־עולם — האָט דיך דווקא יאָ געוואָרנט, און קלאָר דיך געוואָרנט דורך דער תורה זיינער — וואָס דו האָסט געדאַרפט מאַכן אַלס דיין תורה.

דו געדענקסט אפשר — נאָך פֿון דיינע חדר־יאָרן — די באַקאַנטע פּסוקים פֿון חומש, וועלכע הויבן זיך אָן מיט אם בחוקותי תלכו און וועלכע דער מלמד האָט אַזוי אויסגעטייטשט—

אויב איר וועט גיין אין מיינע חוקים — זאָגט דער אויבערשטער — און איר וועט היטן מיינע געבאָטן און זיי טאָן, וועל איך געבן אייערע רעגנס אין זייער צייט, און די ערד וועט געבן איר תבואה, און דער בוים פֿון פֿעלד וועט געבן זיין פּרוכט — — — און איך וועל געבן שלום אין לאַנד, און איר וועט נאָכיאָגן אייערע פיינט און זיי וועלן פֿאַלן פֿאַר אייך דורכן שווערד — — — און איך וועל אַרומגיין צווישן אייך און איך וועל אייך זיין צום גאָט און איר וועט מיר זיין צום פֿאָלק — — —

דו געדענקסט אפשר נאָך דעם גלעט אין באַק וואָס דער מלמד האָט דיר געגעבן ווען ער האָט מיט דיר אָט די פּסוקים אין חדר געלערנט. און דו געדענקסט אפשר אויך ווי די אויגן האָבן ביי אים געבלישטשעט מיט פֿרייד און שטאָלץ...

וואָס הייסט? אַזוי פיל הימל־צוגעזאָגטע ברכות וועלן קומען אויפֿן יידישן פֿאָלק — טאָ ווי אַזוי קענען יידישע אויגן נישט בלישטשען מיט פֿרייד און שטאָלץ!

און דו דערמאָנסט זיך אפשר אויך, אַז באַלד נאָכן אָפּלער־נען די פריערדיקע פּסוקים האָבן זיך די אויגן פֿונעם מלמד דיינעם שטאַרק פֿאַרכמורעט. ווייל באַלד נאָכן ערשטן אויב — וואָס האָט געדאַרפט פירן צו אַ גוט און געבענטשט לעבן פֿאַרן

ייד — איז געקומען דער צווייטער אויב, דער אויב פון די שפּע־טערדיקע פּסוקים וועלכע הויבן זיך אָן מיט ואם לא תשמעו לי — — —

און דו דערמאָנסט זיך, אַז אָנשטאָט דעם פריילעכן טאָן אינעם קול פון דיין רבין האָסטו פון אים אַרויסגעהערט אַ וואָרע־נונג, זאָגנדיק —

אויב אָבער איר וועט זיך נישט צוהערן צו מיר — האָט דער איבערשטער שטרענג געוואָרנט — און איר וועט נישט טאָן אַלע די דאָזיקע געבאָטן, און אויב מיינע חוקים וועט איר פאַר־אַכטן, וועל איך אויך טאָן דאָס דאָזיקע צו אייך, איך וועל אָנזעצן אויף אייך אַ בהלה — — —

און ווען דו האָסט אָט די ווערטער געהערט פונעם מויל פון דיין רבין, זענען זיך אויך דיינע אויגן פאַרלאָפן מיט צער, און דו האָסט געהאַט מיטלייד מיט אים ווען ער האָט מיט דיר ווייַ־טער געלערנט און געזאָגט אין נאָמען פון דער תורה —

און איר וועט זייען אייער זאָמען אומנישט, ווייל אייערע פיינט וועלן עס אויפעסן — — —

און דו האָסט זיך כמעט ביי דיין רבין געבעטן אַז ער זאָל איבעררייסן די פריקרע פאָרויסזאָגונגען. אָבער אַ מלמד איז אַ מלמד, און זיין אַרבעט איז אַ הימלישע אַרבעט, און אַן ער־לעכער מלמד פילט אַז ער מוז ערלעך אויספירן די אַרבעט, צי זי איז אָנגענעם, צי זי איז פריקרע. און אַזוי איז ער ווייטער געגאַנגען און געלערנט —

און אייערע שונאים וועלן געוועלטיקן איבער אייך — — —

*

איך דערמאָן זיך אַז די דאָזיקע שלעכטע פּסוקים האָט מען אין דער היים אָנגערופן די תוכחה. און ווען מען האָט די תוכחה געלייענט אין שול, האָט מען זי געגעבן צו אַן אָרעמאַן, כאָטש אין אמתן האָט מען געדאַרפט צו איר אויפרופן דעם רב פון שטאָט אָדער דעם ראש־הקהל, ווייל די תוכחה איז די אמתסטע יידישע פילאָזאָפיע, און אויב מען האַלט די אמתסטע יידישע פילאָזאָפיע בכבוד, דאַרף מען זי פּראָקלאַמירן ווען דער רב שטייט דערביי אָדער דער ראש־הקהל, און נישט דער אָרעמאַן אָדער דער שמש אָדער עפּעס אַן אורחא־פּורחא...

היינט ווייס איך אַז די תוכחה איז מקוים געוואָרן, און איצט איז די פראַגע, צי איך וועל קענען זיין אויפריכטיק מיט זיך אַליין. אויב איך וועל דאָס קענען טאָן, וועל איך נישט זיין אַזוי שנעל געניינגט צו באַשולדיקן דעם רבונו־של־עולם. איך וועל אָנערקענען אַז ער פון זיין זייט האָט מיך געוואָרנט — קלאָר און שטרענג געוואָרנט — אָבער איך פון מיין זייט האָב זיך צו אים נישט צוגעהערט.

איך האָב זיך נישט צוגעהערט, ווייל איך האָב אפשר די געטלעכע ווערטער נישט גענומען גענוג ערנסט. איך האָב זיך געטראַכט — נו, מילא, האָט ער געזאָגט — — —

איך האָב זיך נישט צוגעהערט, ווייל איך האָב אפשר גע־וואָלט שפּילן די ראָל פון אַ פּאָסטעמפּאָווע מענטש, פון אַזאַ איינעם וואָס רחמנא ליצלן גלויבט שוין נישט אין די געבאָטן פון דער תורה — — —

איך האָב זיך נישט צוגעהערט, ווייל אפשר בין איך געווען צו שוואַך כדי איך זאָל זאָגן צו מיין יצר־הרע אַז ער זאָל מיך אָפּלאָזן. און אַזוי בין איך מיין יצר־הרע נאָכגעגאַנגען, אַנשטאָט נאָכגיין נאָך מיין הימלישן באַשעפער — — —

אַזוי צי אַזוי, איך בין מער נישט געניינגט צו באַשולדיקן דעם רבונו־של־עולם.

*

איז ווער איז שולדיק? ווער איז שולדיק פאַר די אומגע־הויער גרויזאַמע קאַטאַסטראָפע פון וועלכער מיר און אונדזערע טייערע האָבן אַזוי פיל געליטן — און מיט אַזוי פיל דערשיטע־רונג? וועמען זאָל איך באַשולדיקן? די וועלט? די פעלקער פון דער וועלט? גיי און באַשולדיק דאָס פייער ווייל עס איז אין זיין נאַטור צו ברענען און צו פאַרברענען!

געוויס האָבן די פעלקער אונדז געברענט און פאַרברענט, און דאָס האַרץ בלוטיקט ביי דיר ווייל אויב דו קענסט די פריג־ציפּן פון דער יידישער היסטאָריאָזאָפיע — אַזוי ווי אונדזערע נביאים האָבן זיי פעסטגעשטעלט — ווייסטו אַז אַ חוץ די צדיקי אומות העולם — אַז אַ חוץ אַ פּאָר אויסנאַמען — איז עס אין דער נאַטור פון די פעלקער פון דער וועלט צו זיין ווי אַ פייער לגבי אונדז.

געוויס האָבן די פעלקער פון דער וועלט די אַלע רשעותן אונדז אויסגעטיילט. זיי האָבן דאָס די רדיפות אויף אונדז אָרגאַניזירט, און די שנאה לגבי אונדז אויפגערייצט, און די קאָנצענטראַציע־לאַגערן מיט אונדז אויסגעפילט — — —

אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, וואָלט איך געזאָגט אַז די וועלט איז קראַנק מיט פיינטשאַפט צו אונדזער פאָלק. און דער חורבן וואָס דאָס נאַצישע דייטשלאַנד האָט אויף אונדז געברענגט דאָ נישט לאַנג צוריק, איז בלויז אַ סימפּטאָם פון אָט דער דאָזיקער וועלט־קראַנקהייט. עס איז כמעט אַן אומהיילבאַרע קראַנקהייט. אָבער בעצם איז עס די וועלט אין וועמענס נאַטור עס איז צו זיין ווי אַ פייער לגבי אונדז — — —

גראַד אין די לעצטע פּאָר חדשים קומט פאָר אַ גאַר שאַרפע דעבאַטע צווישן פאַרשידענע שרייבער און היסטאָריקער וועגן דעם צי דער פאַרשטאָרבענער פּויפּסט פּיוס דער צוועלפטער האָט ריכטיק געהאַנדלט אין די יאָרן פון דער לעצטער מלחמה ווען ער האָט געשוויגן בשעת דער שונא אין איראָפּע האָט אַזוי אומברחמנותדיק אויסגעראָטעט אַזויפיל יידישע קהילות.

איז דאָ אַ שטאַרקע מיינונג, אַז היות ווי דער פּויפּסט איז דער הויפּט פון דער איינפלוסרייכער און מעכטיקער קריסטלעכער קירכע — איז עס געווען די העכסטע מאָראַלישע פליכט זיינע אַז ער זאָל נישט שווייגן, נאָר ער זאָל אינטערווענירן לטובת די יידן אין יענע טראַגישע יאָרן. עס איז געווען — אָדער עס האָט געזאָלט זיין — די רייכסטע הומאַניטאַרסטע פליכט זיינע אַז ער זאָל אויסאיבן אַזאַ אינטערווענץ ביי די גויאישע אונטערדריקער, און אַזוי ווי ער האָט דאָס נישט געטאָן — דאַרף ער טאַקע טראָגן די אחריות פאַר אַ גרויסן טייל פון דער אומבאַגרענעצטער בעסטיאַלקייט פון די שונאים לגבי אונדזערע הילפלאָזע ישובים.

אַזוי טענהן געוויסע דענקער היינט־צו־טאָג. אַנדערע דענקער טענהן אַז דער פּויפּסט האָט געטאָן אַלץ וואָס ער האָט געקענט טאָן אונטער די דעמאָלטדיקע אומשטענדן. און איין צד באַשולדיקט דעם פּויפּסט און דער אַנדערער צד פאַרענטפערט אים, און די דעבאַטע ציט זיך אין פאַרשידענע לענדער, אין דער פּרעסע און אין דער ליטעראַטור.

און עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז יידישע דענקער באַטייליקן זיך אין דער דעבאַטע כמעט איבערהויפּט נישט. זיי האַלטן זיך צוריק פון אַרויסזאָגן אַ מיינונג אין דעם ענין פון יאָ־אינטערווענץ אָדער נישט־אינטערווענץ, און מען זאָגט אַז איינע פון די סיבות צוליב וועלכע די יידן האַלטן זיך צוריק איז די.

אין גרונט גענומען איז דער פּויפּסט — אָדער די קאַטוי־לישע קירכע וועלכע ער רעפּרעזענטירט — איינע פון די אינ־סטיטוציעס פון די פעלקער פון דער וועלט. און מיר האָבן דאָך אָקאָרשט דערמאָנט וואָס די וועלט האָט לגבי אונדז געטאָן. און דערצו איז נאָך די קירכע אַזאַ אינסטיטוציע, וואָס וואָלט געדאַרפט אומטוישן די פּאָליטיק פון טיפער אומפריינטלעכקייט, וואָס זי האָט געפירט לגבי דעם יידישן פאָלק דורך די אַלע פריערדיקע יאָר־הונדערטער — אויב זי וואָלט פּלוצלונג אין 1939־1945 אַרויסגעקומען אַלס די באַשיצערין פון די אונטער־דריקטע יידן און אַלס די קעמפערין פאַר יידישע רעכט אַנטקעגן אונדזערע שונאים.

אָבער אַזאַ קאַזשעליק צו מאַכן — איז די וועלט נישט פעאיק. און אויך דער פּויפּסט איז איינע פון די אינסטיטוציעס פון דער וועלט.



אַזוי אַרום בלייבסטו אַליין מיט דיין ווייטאָג, דו און איך און אַלע אונדזערע מיט־יידן. מיר ווייסן אַז מיר האָבן געליטן און אַז אונדזערע ליידן זענען געווען איבערמענטשלעכע.

און ביי איינעם דריקט זיך דער ווייטאָג אויס אין די שלאָפ־לאָזיקייט פון זיינע נעכט. ביי אַן אַנדערן שאַפט זיך אַ מעלאָדיע וואָס ווייעט מיט יאוש און טרויער, אַ כסדרדיקער איכה־ניגון. נאָך ביי אַן אַנדערן קומט דער ווייטאָג אַרויס אין דער פאָרם פון אַ דערציילונג אָדער פון אַ דיסערטאַציע וואָס אַנאַליזירט די פאַרדאָרבענע מאָטיוון פון דיקטאַטאָרן, אָדער פון אַ בוך וואָס גיט איבער די סטאַטיסטישע פּרטים פון די אומגעקומענע קהי־לות. און נאָך ביי אַן אַנדערן קומט דער ווייטאָג צום אויסדרוק אין אַ פּאָעמע — פול מיט ליריק און צאָרן און דראַמע. אָדער אין דער פאָרם פון אַ סקולפּטור וואָס שטעלט פאַר אַ בוים אַן אָפּגעהאַקטן, אָדער אַ מויער אַ צעשטערטע, אָדער אַ

שול אַ פאַרברענטע, אָדער אַ מאַמע אַן אויסגעדאַרטע און אַ פאַרביטערטע — פון וועמענס אָרעמס דער גויאישער רוצח אָדער יענער גויאישער רוצח רייסט ז״ער קינד אַרויס מיטן ברוטאַלסטן געוואַלט.

און נאָך ביי אַן אַנדערן דריקט זיך דער ווייטאָג אויס אין דער אמתסטער פאָרם פון אונדזער יידישער טראַדיציע. ווען עס טוט דעם ייד וויי — זיפצט ער. ער זיפצט, און ווען דער ייד זיפצט, קומט פון זיין זיפץ אַרויס אַ תפילה צו גאָט, און די תפילה דערגרייכט ביז אויבן אַרויף. אַזוי איז שוין פון אייביק אָן.

אַזוי, למשל, דערציילט אונדז די תורה אין צוזאַמענהאַנג מיט אונדזערע אבות, וועלכע זענען דעמאָלט געווען פאַרשקלאַפט אין מצרים, און דער פסוק זאָגט אַז —

עס איז געווען אין יענער לאַנגער צייט, און עס איז געשטאָרבן דער מלך פון מצרים, און די קינדער פון ישראל האָבן געזיפצט פון דער קנעכטשאַפט. און זיי האָבן געשריען, און זייער געשריי איז אויפגעגאַנגען צו גאָט צוליב דער קנעכטשאַפט זייערער...

אַזוי זענען אויך אונדזערע קינות — אונדזערע קלאָג־לידער — אַנטשטאַנען. און ווען נאָכן חורבן פון בית־המקדש אין ירושלים האָט דאָס האַרץ פון ירמיהו געבלוטיקט און דער נביא האָט זיך צעקלאָגט, איז זיין קלאָגן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ געבעט וואָס וועט פון אונדזערע דורות קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווערן.

און אַזוי זענען אויך אונדזערע סליחות אַנטשטאַנען און אונדזערע תחינות. ווען דער ייד שפירט אַז אויף אים רוט די לאַסט פון פיין — דער פיין פון אַ געטלעכער שטראָף — זיפצט ער און פון זיין זיפצן ווערט אויסגעוועבט אַ השתפכות הנפש וואָס שטרעקט זיך ביזן סאַמע הימל אַריין. און דאָרט — אין הימל — הערט זיך דער באַשעפער יאַקאָש צו צום יידישן געבעט און ער זעט זיך צו צו די אויסגעגאָסענע טרערן פון דער יידישער נשמה.

אַזאַ איז שוין אונדזער טראַדיציע לאַנג־לאַנג. אָבער אַ נייע זאַך ווערט פאַר אונדז געבוירן אונטער אַזעלכע אומשטענדן. אַ נייע דימענסיע. פון מענטשלעכן שטאַנדפּונקט

איז דער ייד נאָך אַלץ אַליין. ער איז פאַרלאָזן פון זיין מיט־מענטש — אָבער ער איז מער נישט איינזאַם. ער האָט אין גאָט אַ שותף צו זיין לעבן דאָ אויף דער ערד — און אַזאַ לעבן איז הויך און ברייט און טיף און הימליש.

דער ייד פילט אַז דער באַשעפער האָט אים צוריק אָנגענומען ביי דער האַנט, און אַז ער האָט אים אַוועקגעשטעלט אויף נייע יסודות וואָס זענען אַזוי שטאַרק ווי די פעלזן. דער ייד פילט אַז ער קאָן ווייטער גיין — אויפגעפרישט און אויסגעלייטערט און אויסגעהייליקט.

די תפילה זיינע — וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ האַרץ־רייסנדיקן זיפץ — האָט אים פאַראייניקט מיטן אורשפּרונג פון די אייביקע אָרעמס.

אַזעלכער איז דער געשיכטלעכער וועג פונעם ייד, און אין די אויגן פונעם געטלעכן באַשעפער — ווער ווייסט — אפשר איז דאָס טאַקע דער אמתסטער וועג און דער נאָבלסטער וועג פון אַ פאָלק — פון אונדזער פאָלק!

זיכער איז עס אַז דאָס איז געווען דער וועג אויף וועלכן די גרעסטע קדושים אונדזערע האָבן געפונען זייער רום און זייער אומשטערבלעכקייט. עס איז דער וועג וואָס פירט פון יסורים צו תפילה און פון תפילה צו גאָט.

אין משך פון אומצייליקע דורות איז דער ייד אַ סך מאָל געווען אַליין — אָבער ער איז קיינמאָל נישט געבליבן איינזאַם. ווייל אויב מען איז מיט גאָט — איז מען אין דער געזעלשאַפט פון גרויסקייט און אייביקייט. עס איז קיין בעסערע געזעלשאַפט נישטאָ.*)

---

*) לויטן אינהאַלט איז די דאָזיקע אָפּהאַנדלונג אינערלעך פאַרבונדן מיט דער נאָענטסטער אָפּהאַנדלונג — **אַ תחינה אין אָנדענק פון די אומגעקומענע קדושים** — אויף ז״ז 105־118. עס איז דעריבער זייער געוואונטשן, אַז דער לייענער זאָל די ביידע אָפּהאַנדלונגען באַטראַכטן אַלס צוויי טיילן פון איין און דער זעלבער שאַפונג.

In memory of

Osias and Bertha Rubenstein

G. R. T. D. S.

**לזכר**

ר׳ ישעיהו ב״ר שלמה

וזוג׳ מרת שבע בת ר׳ בנימין

ע״ה

## אַ תחינה אין אָנדענק פון די אומגעקומענע קדושים אין 1939־1945

אַזוי איז שוין אונדזער טראַדיציע לאַנג־לאַנג. ווען דער ייד ליידט — גיט ער אַרויס אַ זיפץ, און דער זיפץ ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ געבעט צו גאָט. מיר זענען אַ פאָלק פון געבעט. יעדעס מאָל ווען עס טוט אונדז עפּעס וויי — גיסן מיר אויס אונדזער ווייטיק אין אַ תפילה. אין אַלע צייטן איז עס אַזוי געווען — — —

און אויך אין אונדזער צייט זענען אַ סך אַזעלכע געבעטן פאַרפאַסט געוואָרן, און זיי שפּיגלען אָפּ די טרויעריקע געשעענישן פונעם אומקום פון פאַר צוואַנציק יאָר צוריק. עטלעכע פון די היינטצייטיקע תפילות — ווייס איך — זענען שוין איינגעשלאָסן געוואָרן אין די אָפיציעלע סליחהלעך און קינהלעך פון אונדזער פאָלק, און בשעת דער ייד דערמאָנט זיך וועגן די ווייטאָגן פון פריערדיקע דורות, רעדט ער זיך שוין אויך אַראָפּ פון האַרצן וועגן דעם ווייטאָג וואָס ער פילט צוליב דעם אומקום פון די קדושים פון אונדזער אייגענעם דור.

און איין אַזאַ געבעט איז פאַרפאַסט געוואָרן דורך מיין עלטסטן ברודער, ר׳ משה נתן ע״ה, וועגן וועלכן איך האָב געשריבן אין מיין בוך דער קוואַל פון אונדזער אייביקייט, וואָס איז דערשינען מיט אַ יאָר צוריק (ז״ז 299־301). אין לשון־קודש האָט ער דאָס געבעט פאַרפאַסט און עס אָנגערופן תחינה לזכר הקדושים שנספו בשנות השואה ה׳תרצ״ט־ה׳תש״ה.

מיט אַ צייט צוריק האָב איך די פאַרפאַסונג איבערגעזעצט אויף יידיש און זי אָנגערופן אַ תחינה אין אָנדענק פון די אומגעקומענע קדושים אין 1939־1945, און ווייל דאָס געבעט איז אַן ערנסטער פאַרזוך איבערצוגעבן די געפילן פון אַ סענסיטיווער נשמה, פאַרעפנטלעך איך עס דאָ, סיי אינעם לשון־קודשן אָריגינאַל און סיי אין דער איבערזעצונג.

יצחק ראַפּאַפּאָרט

# אַ תחינה אין אָנדענק פון די אומגעקומענע קדושים אין 1939־1945

אַ גאָט, מיין גאָט, צי וועל איך נאָך געזונט ווערן —
ווען ס'האַרץ איז אַזוי קראַנק אין מיר?
אויך ווען אויפצעטערנד איז מיין געשריי —
ווער קאָן אויסדריקן דעם וויטאָג דעם טיפן!
גרויס איז דער קלאַפּ
וואָס האָט מיך אַזוי פּלוצלונג צעבראָכן —
קיין מענטש קאָן אים נישט באַשרייבן.
אָרים זענען מיינע ליפּן פון ווערטער
און וויט נישט אימשטאַנד עפּעס צו דערקלערן.
די דערהרגעטע מיינע —
דורכן אומברענגער דערשלאָגן —
ווי בלאָטע וואַלגערן זיך אויף דער ערד,
און מיטן בלוט פון צעריבענע איברים
זענען ווילדע וועלדער פול אָנגעטרונקען.
צעזייט און צעוואָרפן זענען די ביינער —
איבער טאָלן און וויסטענישן
און מוראדיקע פּלעצער —
זייער מאַרך און זייער פליייש
פון דער גויאישער בעסטיע פאַרצערט
און פון נידעריק שבנידעריק פאַרצוקט.
אויסצוקוילן צען מאָל זעקס הונדערט טויזנט —
אויב נישט דער שטן — ווער האָט עס אויסגעטראַכט?
זויגנדיקע און גרייזגרויע, און טאַטע און מאַמע —
צי קאָן זייער בלוט אַמאָל אָפּגעווישט ווערן?
און אויב מיר זענען פאַר דיר זינדיק געווען —
פאַרוואָס זענען אָט די שעפעלעך באַשטראָפט געוואָרן?
אָט די קלייניקע
און פון דער מוטערס ברוסט אָוועקגעריסענע —
אין ברענענדיקע קאַלך־אויוונס אַריינגעשליידערט
און פון הונגער פאַרפייניקט און אויסגעגאַנגען.
פון וואַנען דער גרימצאָרן וואָס האָט דערלאָזט
די טייבעלעך די יונגסטע צו פאַרטיליקן —

אַ תחינה אין אָנדענק פון די אומגעקומענע קדושים

## תחינה לזכר הקדושים שנספו בשנות השואה
## ה׳תרצ״ט–ה׳תש״ה

אלי, אלי, העוד אבליגה —
ודוה בי הלב?
בזעקי גם נוראות —
מי יתנה תוקף הכאב!
גדול השבר
כחתף הלמני —
איש לא יתאר.
דלו שפתי מניב
ואין די באר.
הרוגי —
חללי המשחית —
מתגוללים כדומן על האדמה.
ודם אברים רוסקו
מרוה רבות יערות שממה.
זרויות זרוקות העצמות —
בגיאיות, בערבות
וערוצי הנחלים —
חלבם ובשרם
לחיתו גוי
וטרף לזחלים.
טבוח שש מאות רבוא —
אם לא השטן — מי זמם?
יונק ושב, ואב ואם —
הינקה דם אלה אי־פעם?
כי אם אנו חטאנו חטא לפניך —
אלה הצאן למה נענשו?
הפעוטים
ומשדי אמותם החטופים —
לכבשני אש הושלכו
ועונו בכפן וגועו.
מה חרי האף הבא
להשמד וכלה הטף —

און אויף די שטיינער זייערע קעפּעלעך צו צעהאַקן!
וווי שווידערלעך זענען די פאַרברעכנס פונעם פיינט —
לעבעדיקע נפשות אין טויט־שטייגן צו פאַרשליסן
און מיט וואָלקנס פון סם־גאַזן זיי צו דערשטיקן!
פייניקונגען די שרעקלעכסטע אָט די —
דער אויבערשטער האָט אַזוי נישט געצערנט.
צעשפּרענגט זענען די בערג און צו די הימלען שטורעמען:
דעריבער זאָלסטו אויסווײלן דאָס לעבן —
וואָס איז מיט אים געשען?
געוואַלדיקט האָבן זיי:
אים מיט זיין קינד זאָלט איר נישט שעכטן!
און דאָך האָבן זיי יאָ געשאָכטן — און געשאָכטן!
די קוילן פון עמלק צעפּיצלען
די ערד־זיילן ביז צום אונטערגיין — — —
זע, אָ גאָט, זייערע שלעכטקייטן
און זיי אַ ריכטער אַ גערעכטער!
אַרומגערינגלט מיט וויסטעניש פון אומקום —
ווער וועט דיין נאָמען איצט הייליקן?
זאָל דער אָפּגרונט אויסרופן צו די הויכעונישן
און דיר אַ יתגדל ויתקדש אויסהילכן?

הער מיך צו, מיין גאָט, און ענטפער מיר,
פאַרנעם מיין געבעט און דערבאַרעם זיך,
הייל אויס מיין וויטאָג, שטעל מיך צוריק אויף
אַזוי אַז איך זאָל פאַר דיר ווייטער לעבן.

פאַרענדיקט, אין חורבות צעפאַלן
זענען צען טויזנטער קהילות אונדזערע — — —
פּיקסן גייען זיך דאָרט פריי אַרום
צווישן די הויפנס און הויפנס פון חורבן — — —
פון דער ווילדערניש יאָמערט אַ ווינט
פול מיט שרעק טאָג און נאַכט.
ס׳הייליקסטע פון פעלקער — איז דאָס שוין זיין סוף?
איז דאָס טאַקע דער לעצטער אָטעם זיינער?
זיינע פיינט האָבן פאַרדאָרבן, פאַרשוועכט,
אויסגעפירט די גרויזאַמסטע רשעותן —

נפץ ראשיו אל הסלע!
מה גדלה חטאת הזדים —
סגור חיים במכלאות מות
וחנק ברעלי אדים!
ענויי בלהות אלה —
העליון לא קצף.
פרצו ההרים ולשמים סערו:
ובחרת בחיים — הלא צוית —
מה אתו יקרה?
צוחו:
אותו ואת בנו לא תשחטו.
והנה שחוט שחטו.
קלגסי עמלק יפוצצו
עמודי ארץ ימוטטו — — —
ראה, אל, מעלליהם הרעים,
ושופט בצדקה היה!
שממת שואה מסביב —
מי שמך כעת יקדש:
התהום אל מרום היקרא
ויריע לך יתגדל ויתקדש?

שמע אלי ועגני,
הגיגי שעה ורחמני,
מכאובי חבוש, הקימני
וחיה אחיה לפניך.

תמו, נפלו למשואות
קהלות קודש לנו מרובבות — — — —
שועלים מהלכים שם
בין תלי חרבות — — —
רוח ישימות מיבבת
מלא אימים לילה ויום.
קדוש עמים היספה?
האחרונה נשימתו ינשום?
צוררימו הסאיבו, חללו,
בצעו זועות פשע —

קיין שום מורא האָט זיי נישט אָפּגעהאַלטן
פון צו בושעווען מיט טראַץ און טעראָר.
דורשטיק נאָך בלוט איז זייער געוואַלט־טואונג —
גיב מער, גיב מער, אַזוי ווי ס׳שלינגט די אונטערערד.
גערוישט האָבן זיי מיט ברוטאַלקייט אומבאַגרענצטער,
געאיילט זיך איבער אַלץ צו געוועלטיקן.
מיט גאווה הויך געריסן דעם קאָפּ
אַזוי ווי די וועלט וואָלט זיי אַנטקעגן געקומען.
די זיסע פרוכטן האָבן פאַר זיי געזונגען
און קיין קללה איז אין זיי נישט אַריין.
זיי בעטן נישט אויף קיין רעגן פון אויבן,
אויך נישט אויף קיין וואַסער פון אונטן.
די ערד זייערע איז מיט בלוט איבערזעטיקט —
זי שפּראָצט פאַר זיי און זי בליט.
זיי שטאַרקן זיך, פעסטער און פעסטער —
גרייסן זיך און בריקעווען
פון צופיל גוטס און שוואויל.
אָבער די תפילין פון דיין מאַכט, אַלמעכטיקער,
וואָס שטייט אין זיי געשריבן?
האָט דאָך דער תהילים זינגער שוין לאַנג געזונגען:
און אַזוי ווי דיין פאָלק ישראל
וואָסער איינציקע אומה איז נאָך דאָ אויף דער וועלט.
געדענק־זשע די אויסדערוויילטע דיינע —
ווען די גוים האָבן אַזוי אכזריותדיק באַפאַלן
און ווי רויב־פויגל און צערייצטע בערן
זיי צעריסן און דערוואָרגן!
רחמנותדיקער גאָט —
שוין צייט אויף אונדז זיך צו דערבאַרעמען,
שוין צייט אין אונדז זיך צו דערמאָנען.
געפין אויס די רשעים די זינדיקע
און צעשמעטער זייער אָרעם און קרוין.
פאַרמעטן אין פייער פאַרברענטע —
די הייליקייטן פונעם עם־הספר —
אין וועלכע יונג און אַלט האָבן זיך פאַרטיפט —
שרייען צו דיר פון די אַש־הויפנס אַרויס:

פחד לא פחדו להניאם
מלהתעלל בזדון ורשע.
עריצותם צמאה לדם —
הב רק הב כבלוע תחתית שאול.
סאנו בשצף וחצף,
רגשו לרדות בכל.
נשאו ראש גאוה
כאילו הארץ תקדם אותמו.
מגד פרים ירנן
ואין מארה למו.
לגשם מעל לא יחננו
ולא למי תהום מתחת.
כל ארצם מדם רוויה —
נובטה להם ופורחת.
יגברו בעצמתם —
ירהבו, יבעטו
מרוב טוב ונחת.
טוטפות עוזך, שדי,
אמנם מה כתוב באל?
חוה כבר נעים זמירות אמרתו:
ומי כעמך ישראל
גוי אחד בארץ.
זכרה איפוא בחיריך
עלימו הגויים כה אכזרית זנקו
וכעוף טרף ודוב שסוי
טרפו וחנקו!
האל הרחמן —
עת לרחם עלינו
ועת אותנו לפקוד.
דרוש עון זדים
והך להם זרוע וקדקוד.
גוילים יקודי אש —
קדשי עם הספר —
במו שקדו בחור וזקן —
לך משועים מערמות האפר:

יצחק ראַפּאָפּאָרט

וואו זענען זיי, מיינע גאָר טייערע!
זיי — וואָס זענען געווען פאַרן אויג אַ גלוסטעניש,
און סאַמע ליבשאַפט — זייער פּאַן.

הער מיך צו, מיין גאָט, און ענטפער מיר,
פאַרנעם מיין געבעט און דערבאַרעם זיך,
הייל אויס מיין ווייטאָג, שטעל מיך צוריק אויף
אַזוי אַז איך זאָל פאַר דיר ווייטער לעבן.

די טויערן פונעם בית־המדרש —
ווער וועט פרי איצט עפענען?
דער לערנער פון הלכות — וואו איז ער —
מיט זיין עולם־הבא אַזוי פאַרזיכערט?
איידער דער מאָרגן האָט נאָך אויפגעשיינט
און די שטערן האָבן נאָך אין זייער גאַנג געדרימלט,
האָבן שוין די פענצטער פון די שולן
פונקן אין בינטלעך פאַנאַנדערגעשפּריייט.
חצות אָפּצוריכטן און תפילה צו טאָן
האָבן דעם שלאָף פון די אויגן פאַריאָגט.
דיינע געטרייע האָבן זייער שטימע געלאָזט הערן
אין דער תורה־ירושה, זייער פייערדיק געזעץ.
אַן ערלעכע אמונה פאַר דיינע מצוות
און פאַר הייליקע מעשים האָבן זיי אָפּגעהיטן.
פאַר שלעכטס דיך צו לויבן ווי פאַר גוטס,
זענען זיי געווען העלדיש אַרומגעגאַרטלט.
דערצויגענע אין אונדזער ברית־אבות —
און צו דיר מיט ליבע־שטריק צוגעבונדן —
ווי פאַרהוילן פון זיי די וויזיע פון אַ נייעם אָנהויב!
דיין פאָלק — ווי פאַרשניטן זיין האַרץ!
קומען זאָל דער טאָג שוין שנעל
ווען דערזען וועט ווערן דיין האַנט די שטאַרקע,
דערשיינען זאָל אַ צייכן פון דיין גערעכטיקייט
און זאָל אונדזער האָפענונג מקוים ווערן אין דיר.
פון דער ערד שרייען די בלוטן אַרויס —
זיי טאָר מען נישט פאַרגעסן!

תחינה לזכר הקדושים שנספו בשנות השואה

איה הם חמודי?
לעין — תאוה
ודגלם כלו — אהבה.

שמע אלי ועננּי,
הגיגי שעה ורחמני,
מכאובי חבוש, הקימני
וחיה אחיה לפניך.

מי שערי בית המדרש
עכשו ישכם ויפתח?
שונה הלכות — איהו —
עולם הבא לו מובטח?
השחר טרם האיר,
במסילותם הכוכבים עוד רדומים,
נתזו אז חלוני בתי כנסת
ניצוצי אלומים.
תקן חצות ופלל
הנידו מעין שנת.
נשאו קולם נאמניך
בתורת מורשה — למו אש דת.
אמונת תום
לצווייך ומעש קודש שמרו,
ברך על הרע כטוב
כל גבורה אזרו.
נחנכו בברית אבותינו —
אליך קשורים בחבלי חבה —
חזון הקץ החדש איכה נסתם מנהה!
אומתך — מה אמלל לבה!
יוחש נא יום
בו תראה ידך הגדולה,
יופיע אות צדקך
ויאמן בטחוננו בך.
מאדמה צועקים הדמים —
אותם לא לשכח!

די פינף טויזנט זעקס הונדערט און ניין־און־ניינציקער —
זיי טאָר מען נישט פאַרגעבן!
געדענק דעם פּיין פונעם שרעקלעכסטן אומקום
און שוויג נישט!
דערהויב אונדזער האַרץ, אייל זיך
און העלף אונדז קעגן די הענט פון עשו און אדום.
לייז אויס דיין פאָלק וואָס איז
ווי אַ הירש פאַרפאָלגט און פאַרשטויסן.
ברענג אונדז צוריק אַהיים, מיר בעטן דיך,
שוין מער ווי גענוג פאַרטריבן געווען.
זיי אונדזער פעסטונג, דו, גאָט לעבעדיקער,
ווייל נאָר אין דיר וועלן מיר זיך האַלטן.
באַפעל די ברכה פון דיין אוצר
אויף ישראל אומענדלעך צו בלייבן.
מעכטיק און זיכער אין זיינע בערג
זאָל ער געדייען, שטאַרק און אומבאַזיגט,
איינגעוואָרצלט איבער אַלע זיינע גרענעצן —
ווי פונדאַמענטן פון פעלזן די ריזיקסטע.
איינגעהילט מיט אייביקער גלאָר זאָלן אויך זיין
די קרבנות דיינע — מיט לויטערקייט פאַרהייליקט —
און פון די פליגל די הויכע פון דיין שכינה
זאָלן זיי שיינען ווי דער גלאַנץ דער הימלישער —
ביז צום סוף פון דער צייט ווען אויפשטיין
פון דער ערד וועלן די דאָרט רוענדע,
ביז יעדער גייסט אויפלעבן וועט נאָך אַמאָל
אייביק זאָלן זיי ווי ליכטיקע שטערן לויכטן.

הער מיך צו, מיין גאָט, און ענטפער מיר,
פאַרנעם מיין געבעט און דערבאַרעם זיך,
הייל אויס מיין ווייטאָג, שטעל מיך צוריק אויף
אַזוי אַז איך זאָל פאַר דיר ווייטער לעבן.

*

חמשת אלפים ושש מאות ותשעים ותשעה —
חלילה מלסלח!
זכר יסורי השואה האיומה
ואל תדום!
קומם את קרננו — חושה
והושיענו מידי עשו ואדום!
ופצה עם זו
אשר כצבי הנו נרדף ונדח,
אספנו נא לביתנו,
רב לנו רב היות מודח.
משגב היה לנו, אתה אל חי,
כי רק בך נאחזים אנחנו.
צוה הברכה מאוצרך,
הריקה על ישראל עד בלי די.
איתן ובטח בהרריו
ישגשג בעוז אבירים,
לאורך גבולותיו ישרש
כמוסדי צור אדירים.
עוטי הוד נצחים גם יהיו
קרבנותיך — קדושי טוהר —
ובמעלות כנפי השכינה
יזהירו כרקיעי זוהר —
לעת קץ הימין
ישני אדמת עפר יקיצו,
מועד להחיות כל רוח
ככוכבי אור עד עולם יציצו.

שמע אלי ועננו,
הגיגי שעה ורחמני,
מכאובי חבוש, הקימני
וחיה אחיה לפניך.

*

פּשוטע ווערטער אָט די פון מיין ברודער משה־נתן ע"ה — אַזוי פּשוט אַז זיי ליגן כמעט אויף דער סאַמע אויבערפלאַך פון יידישן לעבן היינט־צו־טאָג. דו הערסט זיי אַרויס פון יעדן יידישן מויל — צי זיי ווערן געזאָגט אויפן הויכן קול, צי זיי ווערן אָנגעמערקט מיט אַ קרעכץ אָדער בלויז מיט אַ וואונק, מיט אַ רמז. און דאָך רופן זיי אין מיר אַרויס די שווערסטע איבערלעבענישן פון אַן אומבאַשרייבלעכן ווייטאָג — אויך היינט, שוין צוואַנציק יאָר נאָכן שרעקלעכן אומקום.

יעדעס מאָל וואָס איך לייען זיי, דאַכט זיך מיר אַז איך בין אַן עדות ווי דער חורבן שפּילט זיך אָפּ היינט — אינעם איצטיקן מאָמענט. און נישט נאָר בין איך אַן עדות. איך בין אַליין איינ־געלאָקט אינעם געראַנגל, און איך קעמף קעגן דעם שונא, ווייל אויך מיך מיינט ער אומצוברענגען. מיט אַנדערע כלי־זין אפשר. מיט כלי־זין פון אַ שטילער אָפּסאַמונג. אָבער דער רעזולטאַט וועט זיין דער זעלבער. די יידישקייט וועט אין מיר חס־וחלילה פאַרשווינדן, אַזוי אַז איך וועל אַוועקגעריסן ווערן פון מיין יידישן גורל — פון מיין הימלישער דערהויבונג, פון מיין זינגען אַ געזאַנג צום גאָט פון מיין געשיכטע.

דער שונא קעמפט קעגן מיר. דאָס מאָל וויל ער מיך אומ־ברענגען מיט אַ מיתה בנשיקה. אָבער אַ מיתה בנשיקה איז אויך אַ טויט — אַן אַבסאָלוטער טויט. און אַלס אַ ייד קעמף איך קעגן דעם שונא. מיט מיין יידישקייט שלאָג איך אים צוריק.

לא אמות כי אחיה ואספר מעשה יה — האָט דער בעל־התהילים זיך געבעטן, און איך זאָג נאָך אים נאָך —

איך וועל נישט שטאַרבן —

נאָר לעבן

און דערציילן די גרויסע טועכצער פון גאָט — — —

איך בין אַנטשלאָסן זיך נישט אונטערצוגעבן און נישט אומצוקומען, נאָר צו לעבן — און צו לעבן ווי אַ ייד. און דורך די דערמאָנטע ווערטער פון מיין ברודער נעם איך מיין אַנט־

שלאָסנקייט און לייג זי אַוועק — אַזוי ווי אַ הייליקן קרבן — פאַרן כסא הכבוד פונעם אויבערשטן.

*

אין דעם אָריגינעלן לשון־קודש איז די תחינה פון מיין ברודער פאַרפאַסט אינעם סטיל פון די פאַרהייליקטע פיוטים פון פריערדיקע דורות. אַזוי, למשל, לויפן צו ערשט די שורות פון אל״ף ביז ת״ו, און דערנאָך קומען זיי צוריק פון ת״ו ביז אל״ף. דערנאָך וויטער הויבן זיך די שורות אָן מיט די אותיות פונעם נאָמען פון מחבר, און צום סוף ענדיקן זיי זיך מיט אַ חזק ואמץ אינעם נאָמען פון באַשעפער פון דער אייביקייט.

אַזוי אַרום האָט דער ברודער אין זיי אַריינגעפלאָכטן דעם פראָטעסט פון אַ יידיש האַרץ, און דעם צער פון אַ יידישער נשמה, און די גרויזאַמע רשעותן פון דער נישט־יידישער וועלט, און די פאַרצייטיקטישע איבערגעבונג פון ישראל צו זיין הימלישן באַשעפער, און די צוקונפטיקע צוגעבונדנקייט פונעם ייד צו דעם זעלבן הימלישן באַשעפער — טראָגן אַלע נסיונות און טראָגן אַלע רדיפות — און פון דעם אַלעם האָט ער אַ תחינה צום רבונו־של־עולם אויסגעוועבט.

אָבער ער איז נישט געוועזן דער איינציקער. ווי שוין דער־מאָנט, זענען אַ סך תפילות און תחינות פאַרפאַסט געוואָרן אין די לעצטע יאָרן. אַ סך — אַזעלכע וואָס גיבן איבער נאָך אויף אַ פיל פעאיקערן אופן דאָס יסורים־בילד פון אונדזער פאָלק. אַזעלכע — וואָס שטעלן זיך אַוועק פאַרן באַשעפער און בעטן אַז אונדזערע צרות זאָלן שוין אויפהערן, אַז אַ קאָמפּלעטע ישועה זאָל שוין אונדזער פאָלק געגעבן ווערן.

די מחברים האָבן זיך אַרומגעקוקט — און זע! — פון אַלע האָפענונגען איז געוואָרן אַש און בלאָטע. עס איז נישטאָ קיינער אויף וועמען דו קענסט זיך פאַרלאָזן. נישט די אַזוי גערופענע פעלקער פון דער וועלט, און נישט די אַזוי־גערופענע אָנפירערס פון די גרויסע רעליגיעס, און זיכער נישט דאָס אַזוי־גערופענע געוויסן פונעם מענטש.

**פון אַלע האָפֿענונגען איז געוואָרן אַש און בלאָטע — אַ חוץ אײן האָפֿענונג, די אמתע ייִדישע האָפֿענונג, די האָפֿענונג וועגן וועלכער דער בעל־התהילים האָט זיך אויסגעדריקט, זאָגנדיק —**

בעסער זיך באַשיצן אין גאָט,
איידער זיך פֿאַרזיכערן אויף אַ מענטשן —
בעסער זיך באַשיצן אין גאָט,
איידער זיך פֿאַרזיכערן אויף פֿירשטן.

*

**ווען די ייִדן האָבן געזיפֿצט צוליב זייערע ליידן אין אַלטן מצרים, שטייט געשריבן אַז** וישמע אלוקים את נאקתם, **וואָס דער טייטש איז, אַז** גאָט האָט געהערט זייער געזיפֿץ און ער האָט געדענקט דעם בונד זײַנעם מיט אַברהמן און מיט יצחקן און מיט יעקבן — **ביז ענדלעך איז די אויסלייזונג געקומען.**

**אַזוי וועט אויך זײַן אין אונדזער דור.**

**אַ ייִדישער זיפֿץ איז אַ געבעט אין די אויערן פֿונעם אויבערשטן. אַ תחינה — וואָס מאַכט דאָס ייִדישע לעבן ריין און געטלעך.**

**און אין אַזאַ לעבן פֿאַרליבט זיך דער אויבערשטער — און ער היילט עס אויס איבער אַלע אויסהיילונגען, ער שטאַרקט עס איבער אַלע שטאַרקייטן און לייזט עס אויס איבער אַלע אויס־לייזונגען.**

In honour of

Mr. & Mrs. Morris Bursztyn

and their family

לכבוד

ר׳ משה מרדכי ב״ר דוד

וזוג׳ מרת אסתר דבורה בת ר׳ חיים יצחק

וכל בני ביתם יחיו

## ווען מיר זיצן ביים סדר־טיש

**פסח** איז אַ יום־טוב וואָס צווינגט אויף אַ מין פאַרטראַכטן זיך אויף אַ ברייטערן מאַסשטאַב. דער פייערלעך־באַדעקטער טיש, מיט דעם זיצן אָנגעלענטערהייט, מיט דער גלאַנצנדיקער זויבערקייט אין שטוב, און מיט דער כמעט אויטאָמאַטישער שמחה אינעם יידישן האַרץ — דאָס אַלץ דערוועקט ברחבותדיקע געדאַנקען אפילו ביים פשוטסטן ייד.

עס איז זמן חירותנו — אַ יום־טוב וואָס איז באַצייכנט אין אונדזער געשיכטע אַלס אַ צייט פון פרייהייט. דער גרעסטער יום־טוב — אויב עס איז איבערהויפּט מעגלעך צו מעסטן די גרויסקייט פון יום־טובים און צו פאַרגלייכן זיי אײנעם מיטן אַנדערן. דער פּראַכטפולסטער יום־טוב. דער מענטשלעך־שטאָלצסטער יום־טוב.

איז וואָס קומט אָבער דערויס...

ווי דערהויבן דער אידעאַל פון פרייהייט זאָל נישט זיין, האָט דער מענטש ווייניק וואָס געלעגנהייט זיך צו באַשעפטיקן מיט אים אין דעם צערייבנדיקן ווירוואַר פון זיין טאָג־טעגלעכן לעבן. ס'האָט איינער אַמאָל געזאָגט, אַז פרייהייט איז אזוי ווי דאָס געזונט: מען פאַרטראַכט זיך וועגן איר נאָר דעמאָלט ווען מען האָט זי שוין פאַרלוירן...

איז ביי אונדז יידן, קומט דער פסח און וויל אונדז אַוועקרייסן פון דער אָפּרעסיווער טאָג־טעגלעכקייט אונדזערער, מיט איר טויזנט־און־איינערליי אַנדערע באַשעפטיקונגען. און קוקנדיק אויפן סדר־טיש, באַמערקן מיר ווי דער אידעאַל פון פרייהייט שטעלט זיך ממש אַוועק ביים סאַמע מזרח־וואַנט פון אונדזערע מחשבות און פילט אויס יעדעס קעמערל פון אונדזערע מוחות.

*

פאַרשטייט זיך, אַז עס רעדט זיך דאָ וועגן דער פרייהייט פון אונדזער אייגענעם יידישן פאָלק.

עס איז אַ פרייהייט פון אַ ספּעציעלן מין — ווי דאָס גאַנצע יידישע לעבן איז אַ לעבן פון אַ ספּעציעלן מין. עס איז די פרייהייט פון — לאָמיר זאָגן — גיין אין דער גאַס און נישט שעמען זיך מיט זיין אַן אָפענער און אמתער ייד. עס איז די פרייהייט פון פילן און וויסן אַז צו זיין אַ ייד איז נישט קיין לאַסט נאָר אַ כבוד. עס איז די פרייהייט פון אויסלעבן זיך אָן מורא פאַרן אויסערלעכן שונא און אָן שרעק פאַרן אינערלעכן שונא.

אונדזער פרייהייט איז נישט נאָר אַן איינשטעלונג וואָס זאָל אונדז איבערצייגן, אַז אונדזער עקזיסטענץ איז אַ נאַטירלעכע און געזונטע דערשיינונג. זי דאַרף אונדז אויך דערמעגלעכן, אַז מיר זאָלן זיך אַנטוויקלען מיט אַן אינערלעכער פעסטקייט, מיט אַן אינערלעכער זיכערקייט. עס איז אַ פרייהייט וואָס דאַרף מיך מאַכן פילן, אַז מיינע מעשים זענען ריכטיקע און אַז מיינע שריט פירן מיך צום ריכטיקן ציל.

*

דעם היי־יאָריקן פּסח — ווי דורך אַ צופאַל — וועלן אונדזערע פרייהייטס־געדאַנקען אָננעמען אַ מער פּראַקטישע און קאָנקרעטע פאָרם.

אָט גרייט מען זיך, אין דער גאַנצער יידישער וועלט, אָפּצוהאַלטן דעם פופצן־יעריקן יובילייִ פון דער באַנייאונג פון מדינת־ישראל. דער נומער פופצן איז נישט נאָר אַ האַרמאָנישער נומער, מיט אַ סימן פון דערוואַקסנקייט אין אים. עס איז אויך אַ נומער, וועלכער — אין איצטיקן פאַל — ברענגט צו אַ גאָר בולטן אויסדרוק די זכרונות פון די געשעענישן, וואָס מיר האָבן מיטגעמאַכט ביז מיט פופצן יאָר צוריק. און אײן טאַטע אין הימל ווייסט ווי כמעט אומדערטרעגלעך־טראַגיש יענע געשעענישן זענען געווען.

און היינט איז שוין פופצן יאָר זינט די זון פון אַ באַנייטער יידישער מדינה האָט אויף אונדז אויפגעשיינט...

טעמפּ וועט זיין דער ייד, וועלכער וועט דעם היינטיקן פּסח נישט פילן, אַז זיינע אויגן פאַרלויפן זיך מיט טרערן פון פרייד צוליב טאַקע אָט דער דערוואַקסענער באַנייאונג פון אונדזער

פרייהייט. און עס ווילט זיך צוגעבן אַז אויב פסח איז אַ יום־טוב, וואָס ברענגט מיט זיך אַ נשמהדיקע דערהויבנקייט אין געוויינ־לעכע יאָרן, איז קיין ספק נישטאָ אַז אינעם פופצענטן יאָר פון ארץ־ישראלס באַנייאונג דאַרף די דערהויבנקייט זיין גרענעצלאָז, אַזוי צו זאָגן.

יאָ, איך שטעל זיך פאָר, אַז וואו נאָר יידן וועלן הייגטיקס יאָר זיצן ביים סדר־טיש, וועט די שטימונג זיין אַ לעילא־ולעילא־דיקע. וכל המרבה לספר... הרי זה משובח. און צווישן דעם וואָס מיר וועלן מוסיף זיין צו דער טראַדיציאָנעלער הגדה וועט מדינת־ישראל זיין דער צענטראַלער סוזשעט פון אונדזער לויב־געזאַנג.

אונדזערע חז״ל פון פאַרצייטנס זאָגן, אַז לעתיד לבוא וועט דער ייד דערמאָנען די נסים פון דער נייער דערלייזונג נאָך מער ווי די נסים פונעם אַמאָליקן יציאת מצרים. ביי אַ סך פון אונדז האָט זיך דער לעתיד לבוא טאַקע אָנגעהויבן מיט פופצן יאָר צוריק...

*

אַזוי צי אַזוי, די גרויסקייט פון אונדזער נאַציאָנאַלער באַ־פרייאונג וועט זיין אויף די ליפּן פון אונדז אַלעמען. און נאָך מער — אין די הערצער פון אונדז אַלעמען.

און דאָך ווייס איך נישט צי אַלע אונדזערע געדאַנקען אין דער איצטיקער צייט וועלן אונדז דערלויבן צו האָבן אַ געפיל פון אַ ריינער און וואַרעמער פריילעכקייט. די פופצן יאָר פון מדינת־ישראל, אפשר טאַקע צוליב זייער דערוואַקסנקייט, רופן ביי אונדז אַרויס אַ שטימונג פון אַ חשבון־הנפשדיקער געלעגנ־הייט. און צו מאַכן אַ חשבון־הנפש איז אַלע מאָל אַ שווערע אויפגאַבע און אַן אומעטיקע.

מיר דערמאָנען זיך וועגן דער טיפער פייערלעכקייט פון אַ יום־כיפור, ווען דער ייד רעכנט זיך אָפּ מיט אַ גאַנץ יאָר פון זיינע גייסטיקע שטרעבונגען.

ער ווייסט, אַז ער איז געווען שוואַך און זינדיק אינעם פאַר־גאַנגענעם יאָר — אַ געפיל וואָס איז אין זיך אַליין דערשלאָגנדיק גענוג, און מער ווי גענוג. וואָס דעפּרימירט אים אָבער נאָך מער און אַ סך טיפער איז דאָס וואָס ער זעט כמעט פאָראויס, אַז

איידער אינעם קומענדיקן יאָר וועט ער זיין נישט ווייניקער שוואַך און נישט ווייניקער זינדיק...

אויב אָבער יום־כּיפּור איז אַ טאָג פון חשבון־הנפש פאַרן יחיד, איז דער היי־יאָריקער פּסח אַ צייט פון אַ חשבון־הנפש פאַרן גאַנצן כּלל...

— וואו שטייען מיר אַלס אַ פאָלק... — דאַרפן מיר זיך פרעגן — און וואו גייען מיר אַלס אַ פאָלק?

ביז נישט לאַנג צוריק וואָלטן אַזעלכע פראַגן געווען טעאָ־רעטישע, ווייל אונדזערע רייד וועגן יידישער פרייהייט זענען געווען חלומותדיקע. היינט זענען דאָס פּראַקטישע פראַגן, ווייל היינט איז אונדזער פרייהייט אַ ממשותדיקע.

אמת, מיר האָפן צו דערגרייכן נאַציאָנאַלע שלימות נאָך אין אַ גרעסערער מאָס און אויף נאָך מערערע געביטן. אָבער די עצם באַפרייאונג איז שוין דאָ. די זון האָט שוין אָנגעהויבן צו שיינען.

> זע, דער ווינטער איז אַריבער,
> דער רעגן איז פאַרגאַנגען, אַוועק.
> די בלומען האָבן זיך באַוויזן אין לאַנד,
> די צייט פון געזאַנג איז געקומען — — —
> שטיי־זשע אויף, מיין געליבטע, מיין שיינע,
> און קום דיר...

און דאָ דערשיינט פאַר אונדז די גרויסע פראַגע: קום דיר — וואו? פרייהייט — צו וואָס? וואָס ווילן מיר אויפטאָן מיט דער דאָזיקער פרייהייט? און צוליב וואָס האָבן מיר זיך באַפרייט?

*

איך הער, אַז עמיצער זאָגט צו מיר:

— וואָס פרעגסטו עפּעס? האָסטו שוין פאַרגעסן, אַז ביז מיט אַ פאָר יאָר צוריק האָט מען דיין פאָלק באַהאַנדלט ווי בלאָטע? מען האָט עס געטרודפט און פאַגראָמירט, און עס באַ־טראַכט אַלס הפקר...

און דער עמיצער גיט צו:

— האָסט דאָך ערשט אַליין געזאָגט, אַז דעמאָלט זענען די געשעענישן געווען כּמעט אומדערטרעגלעך־טראַגישע. און היינט וועט דאָס שוין האָפנטלעך נישט פאָרקומען. די פרייהייט אונ־דזערע האָט דיר געגעבן שוץ פאַר דיין גוף און כּבוד פאַר דיין

נאָמען. און דאָס אַלץ האָט דאָס באַגייטע ארץ־ישראל באַוויזן צו טאָן. איז וואָס פרעגסטו עפּעס: צוליב וואָס האָבן מיר זיך באַפרייט?...

דער עמיצער איז גערעכט, אָבער נישט גענוג איבערצייגנ־דיק, ווייל אויב די פרייהייט האָט אויפגעטאָן טאָקע אַזעלכע גרויסע זאַכן וועלכע מיר האָבן פריער נישט געהאַט, טאָ פאַרוואָס האַלט מען אין איין שרייען אַז די יידישע צוקונפט אין דער וועלט איז אין אַ סכנה?!

אויב פרייהייט באַדייט אַז מ'איז פריי פון מכות און חרפות, איז פאַרוואָס דונערן אונדזערע הייגטיקע גרויסע מנהיגים וועגן אַן אונטערגאַנג, וואָס איז מוכן ומזומן צו קומען אויף אַלע אונ־דזערע ישובים אין די תפוצות הגולה, רחמנא ליצלן?

מיר זענען דאָך פריי! מען רודפט דאָך אונדז נישט מער! און מען נעמט דאָך דעם כבוד ביי אונדז מער נישט צו!

*

איך וועל זיך היינט ביים סדר־טיש פאַרטראַכטן אין אָט דעם פּראָבלעם. און איך וועל מסתמא נישט זיין דער איינציקער וואָס וועט דאָס טאָן. אָבער וויפיל פון אונדז וועלן אויך זיין אימשטאַנד אָנצוּווייזן אויף אַ לייזונג פאַרן פּראָבלעם?

*

בעצם איז עס נישט קיין נייער פּראָבלעם. ער פירט אונדז צוריק צום ערשטן יציאת־מצרים. אויך דעמאָלט האָט אויף אונדז געלויערט אַ סכנה פון אונטערגאַנג. און דער דעמאָלטי־קער מנהיג — משה רבינו — האָט פאַר אונדז געעפנט די טיפסטע סודות פון דעם ווי אַזוי עס דאַרף אויסזען די עקזיסטענץ פון אַ פריי יידיש פאָלק. עס האָט געזאָלט זיין אַ פּאָזיטיווע פרייהייט, און נישט נאָר קיין נעגאַטיווע.

אַ שליח פון גאָט איז דער דעמאָלטיקער מנהיג געווען. און אַ געטלעכע פרייהייט האָט ער געוואָלט אין אונדז אַריינגיסן.

ער איז נישט געווען קיין באַצויבערנדיקער רעדנער, אַן אָראַטאָר אין דעם אָנגענומענעם זין פון וואָרט. זיינע פראַזן האָבן נישט פאַרכישופט אַ טויזנט־קעפּיקן עולם. אַ שווער מויל האָט ער געהאַט. אָבער ווען זיינע ווערטער האָבן אָנגעהויבן פליסן, האָט איר געהערט אַז דאָ פליסט גערעכטיקייט. דאָס

זענען געווען ווערטער פון וועלכע עס האָט זיך אַרויסגעהערט אַ קלאַנג פון אייביקייט, פון געטלעכקייט.

אויף וואָס פאַר אַ יסוד האָט משה רבינו — דער געטלעכער שליח — געבויט דאָס פרייע יידישע פאָלק?

וואָס! ער האָט געזאָגט:

— רבותי, קומט אַרויס פון מצרים און גייט אַריין אין לאַנד כנען, און איר וועט זיין פריי?

אַזוי רעדט אַ דעמאַגאָג און אַ שאַנטאַזשיסט. ווייל אַרויס־גיין פון מצרים און אַריינגיין קיין כנען איז נישט קיין פרייהייט. מען קאָן זיין פאַרשקלאַפט אויך אין כנען...

משה רבינו האָט דעם פאָלק איבערגעגעבן אַ הימלישע בשורה. ער האָט זיי אָנגעוויזן אויף די פאַרשידענע פאַזן וואָס דאַרפן כאַראַקטעריזירן זייער טראַנספאָרמאַציע פון אַ האָרדע שקלאַפן אין אַ פאָלק וואָס איז געבענטשט מיט אַ געטלעכער פרייהייט. דורך זיין פאַרמיטלונג האָט דער רבונו־של־עולם גע־רעדט צום פאָלק, זאָגנדיק:

— והוצאתי אתכם מתחת סבלות מצרים, ראשית־כל וועל איך אייך אַרויסציען פון אונטער די לאַסטן פון מצרים...

אָבער דאָס איז נישט גענוג, ווייט נישט גענוג. דאָס פאָלק מוז דערהויבן ווערן צו אַ העכערער שטופע פון מענטשלעכער שטרעבונג, און נישט זיין סתם באַפרייט פון דער בייטש פונעם אונטערדריקער. אָן אַזאַ דערהויבונג בלייבט מען נאָך אַלץ שקלאַף. אָן אַזאַ דערהויבונג קאָן דער ייד געוויס נישט זיין פריי, און בכלל איז קיין טעם נישטאָ אין אַזאַ פרייהייט.

אַזוי אַרום קומט די צווייטע פאַזע פון ישראלס אויסלייזונג, און דער רבונו־של־עולם לאָזט וויסן דעם פאָלק דורכן געטלעכן שליח, זאָגנדיק:

— ולקחתי אתכם לי לעם והייתי לכם לאלוקים, און איך וועל אייך נעמען צו מיר פאַר אַ פאָלק, און איך וועל זיין אייער גאָט...

דאָס איז געווען דער תוכן פון דער דערהויבונג. דאָס איז געווען די נאַטור פון דער פּאָזיטיווער פרייהייט וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט אין זיך דעמאָלט איינגעפלאַנצט. אַ געטלעך אייגנטום איז ישראל געוואָרן, און אַלס אַזאַ אייגנטום האָט עס געהאַט אַ באַרעכטיקונג צו דער דריטער פאַזע וואָס האָט געדאַרפט קומען,

די פּאָזע וואָס דער געטלעכער שליח האָט אויסגעדריקט אין די ווערטער:

— והבאתי אתכם אל הארץ... — זאָגט דער אויבערשטער — און איך וועל אייך ברענגען אין דעם לאַנד וואָס איך האָב גע־שוואוירן עס צו געבן צו אברהם, יצחק און יעקב, און איך וועל עס אייך געבן אַלס אַ ירושה...

*

אַזוי האָט אויסגעזען דער שטעמפּל פון דער נאַציאָנאַל־יידישער פרייהייט, וועלכן דער בורא־עולם האָט אַרויפגעלייגט אויפן ניי־געבוירענעם עם־ישראל דעמאָלט אינעם ערשטן פסח, און דער שטעמפּל האָט געדאַרפט אויף אונדז אויף אייביק בלייבן. איינגעקריצט אינעם האַרץ איז ער געווען, און מען האָט אים געקענט אויסשניידן פון דאָרט נאָר ווען מען וואָלט אויך דאָס האַרץ געווען אויסגעשניטן.

דאָס איז אָבער אַ שטעמפּל, וועלכן אַ סך פון אונדזערע היינטיקע מיטצייטלער ווילן פאַרטושן...

מען רופט עס אָן אַ קולטור־קאַמף — די אינטעלעקטועלע רייבונגען וועלכע קומען היינט פאָר אין ארץ־ישראל און אין די גלות־לענדער. און אָט דער קאַמף ברענגט אַ שוואַרצן וואָלקן איבער דעם אידעאַל פון אונדזער פרייהייט.

איך זיץ אַזוי ביים סדר־טיש, און מיינע אויגן פאַלן אויפן מרור — און מיינע געדאַנקען ווערן אויפגעפרישט מיט זכרונות פון גרויסע און איבערגעגעבענע יידן אין אַלע אונדזערע דורות. אָבער איך זע אויך ווי דער מאָדערנער ייד איז אַ צו גוטער תלמיד פון די מאָדערנע אויפפאַסונגען אין דער וועלט — אויפפאַסונגען וועלכע האַרמאָניזירן איבערהויפּט נישט מיט אונדזערע עקזיס־טענץ־שטרעבונגען היינט־צו־טאָג.

דער מאָדערנער ייד פאָלגט נאָך זיין עקסעלענץ דעם גוי, און זאָגט, אַז די תורה אונדזערע איז פאַרעלטערט, און אלס אַ פועל יוצא דערפון וואַרפט ער זי אַוועק, אַזוי ווי מ׳וואַרפט אַוועק אַן אַלטן בגד. אַנשטאָט אַ באַנייאונג פון אונדזער נאַציאָנאַל־יידישן לעבן, אינעם פולסטן פאַרנעם פון דעם באַגריף, וויל ער אַ ניי לעבן וואָס איז אָפּגעהאַקט פון זיינע געשיכטלעכע וואָרצלען. ווייניק וואָס זעט ער אויס צו פאַרשטיין, אַז אָן וואָרצלען קאָן קיין בוים נישט וואַקסן. ער וויל אַרויסלאָזן דעם ולקחתי אתכם לי

לעם והייתי לכם לאלוקים. ער וויל אַרויסגיין פון דעם מאָדער־נעם מצרים און אַריינגיין אינעם גאָט־צוגעזאָגטן ארץ־ישראל — אָבער ער וויל נישט די חברותא פונעם געטלעכן צוזאָגער...

ער שפּירט גאָרנישט, אַז אַזאַ מין גאולה איז אַ פאַלשקייט און אַן אוממעגלעכקייט. אַזאַ מין דערלייזונג האָט קיין פונדאַ־מענט נישט. זי איז ווי אַ זייפנבלאָז, ווי אַ מיראַזש וואָס קאָן קיינמאָל נישט פאַרווירקלעכט ווערן. און ווייל מיר ווילן בויען אין די לופטן, און אָן אַ פונדאַמענט, הערן מיר אַז אונדזער גאַנצע צוקונפט וואַקלט זיך עפּעס.

געוויס וואַקלט זי זיך, און נאָך ווי זי וואַקלט זיך! און אַזוי איז אין דער גאַנצער וועלט אונדזערער. און עס ווילט זיך אויסשרייען צו אַלע אונדזערע מענטשן אַז קיין שום דונערן וועלן אונדזער בוי־אַרבעט נישט פאַרפעסטיקן. דאָס פאָלק נויטיקט זיך אין אַ געזונטערן און אַ מער פּאָזיטיוון צוגאַנג צום פּראָבלעם פון אונדזער קיום.

*

איך מאַך אַ ברכה אויפן מרור, איך לויב השם־יתברך פאַר געבן מיר די מצוה פון עסן ביטערע קרייטעכצער. און איך דער־מאָן זיך, אַז אַן אויסטערלישע ביטערקייט האָט מיין פאָלק באַ־גלייט אין אונדזער געשיכטלעכן גערעאַנגל. און אויך פאַר אָט דער ביטערקייט ווילט זיך מיר לויבן מיין באַשעפער. זי איז געווען ווי דער שאָטן, וועלכער שטרייכט אונטער די גרויסע מעלות און די זיסקייט פון ליכט...

איך זאָג זיך, אַז פאַרצייטנס האָט דער ייד געוואוסט צוליב וואָס ער וויל זיין פריי. דער ולקחתי אתכם לי לעם — דאָס געטלעכע פאָלקס־וועזן איז געווען זיין לעבנס־צוועק. און דער גלות האָט טויזנטפאַכיק אונטערגעשטראָכן די געבענטשטקייט פון אַזאַ לעבנס־צוועק. אויף אַזאַ פרייהייט איז כדאי געווען צו וואַרטן.

דער היינטיקער ייד וויל אָבער איגנאָרירן דעם צוליב וואָס פון אונדזער געשיכטע. און נאָך אַ פּופצן יאָר פון דער נייער פרייהייט האָבן זיך ביי אים די אויגן געעפנט און ער זעט, אַז — אַן אונטערגאַנג לויערט גאָר אויף אים. און מערקווירדיק — דאָס זעט ביי אים אויס צו זיין גאָר אַ פּאַראַדאָקס...

און נאָך איין גרויסן טעות מאַכט דער מאָדערנער ייד.

מער ווי אין וועלכן עס איז פריערדיקן פעריאָד, געפינען מיר זיך היינט אונטער אַ כסדרדיקן שרעק פון מלחמות — אין איצטיקן דור איז עס די געפאַר פון אַן אַטאָמישער מלחמה — און דער מענטש איז געוואָרן אַ ציניקער. אכול ושתה כי מחר נמות איז די לאָזונג וואָס כאַראַקטעריזירט די מאָדערנע וועלט, און דער סתם ייד וויל גאָרנישט מער ווי זיין איינער צווישן די מיליאָנען מענטשן וועלכע ער זעט ארום זיך. ער וויל אויפגעבן דאָס שטרעבן צו עפּעס העכערס. ער לאָזט זיך באַגניגן מיט חיי שעה און — דעם מאָרגן מעג דער טייוול נעמען...

די וועלט אַרום אונדז האָט באמת נישט קיין שום אינער־לעך־גייסטיקע אָדער מאָראַלישע וואָרצלען. היינט קומט איין דענקער אָדער שטאַטסמאַן — און זאָגט אַזוי, און מאָרגן קומט אַ צווייטער דענקער — אָדער שטאַטסמאַן — און זאָגט עפּעס אַנדערש. אָבער נישט דאָס ערשטע האָט אַ קיום און נישט דאָס צווייטע האָט אַ קיום. אָט לעבט מען פאַרן איצטיקן טאָג, אָדער פאַרן איצטיקן מאָמענט.

עס איז אַזוי ווייט דערגאַנגען, אַז היינט האַלט מען אין דער דענקערישער וועלט, אַז די גייסטיקע אויפפאַסונגען און די מאָראַלישע ווערטן זענען אָפּהענגיק פון די עקאָנאָמישע באַדינגונגען אין וועלכע די מענטשלעכע געזעלשאַפט געפינט זיך איז אַ געגעבענער צייט.

אַלץ איז עקאָנאָמיע. אַלץ איז גוף און חומר. אַלץ איז אַ מאַטעריאַליסטישע אויסטייטשונג פון לעבן און זיינע פאַרשי־דענע פּראָבלעמען — סאָציאַלע, פילאָזאָפישע און רעליגיעזע.

דאָס איז די שטעלונג פון דעם אַלגעמיינעם מענטש, אין אויך דער ייד האָט זיך אַריינגעלאָזט אין אַזאַ מין נעגאַטיוון דענקען. און ווען מען דערמאָנט אים וועגן דער גרויסער און העראָאישער געשיכטע פון אונדזער פאָלק, קומט ער גאָר אַרויס מיט אַ שפּאָגל־נייע אויפפאַסונג.

*

— דערציילט מיר נישט וועגן קיין געטלעכע שטרעבונגען...

— זאָגט ער — וואָס זאָלן האָבן אינספּירירט אונדזערע פריער־דיקע דורות צו בלייבן יידן. ווען נישט די אונטערדריקונגען,

די אויטאָ־דאַ־פע פייערן און די פאַרשידענע עלילת־דם פּראָ־צעסן... — טענהט ער — וואָלט דאָס יידישע פאָלק שוין פון לאַנג געוועזן צעפאַלן.

דאָס רשעות פון דעם גוי האָט די יידן געצוואונגען, אַז זיי זאָלן זיך האַלטן צוזאַמען...

אַזאַ מין אינטערפּרעטאַציע לייגט דער היינטיקער ייד אַרויף אויף דעם פאַקט וואָס אונדזער געשיכטע דויערט שוין אַזוי לאַנג.

ער זאָגט אַז מען קאָן די יידישע לאַגע פאַרגלייכן מיט דעם שטיק טייג, וואָס מ׳האָט צוגעגרייט אויף מצה פאַר פסח. ווי לאַנג מען קנעט און מ׳וועלגערט דאָס טייג איז עס כשר אויף מצה. און ווי נאָר מ׳הערט עס אויף צו קנעטן און צו וועלגערן ווערט דאָס טייג חמצדיק, און מען מעג עס שוין אַרויסוואַרפן...

דאָס הייסט, ווי לאַנג דער גויאישער רשע קנעט דעם ייד און וועלגערט אים צווישן די וואַלצן פון פיינטשאַפט און פּאָגראָ־מען, וועט דער ייד זיך האַלטן ביי זיין יידישקייט, אָבער נישט ווען ער ווערט באַפרייט און די טירן פון דער וועלט שטייען אָפן פאַר אים...

✱

און מיט אַזאַ צינישער אינטערפּרעטאַציע איז קיין וואונדער נישט וואָס עס זענען דאָ ביי אונדז גענוג אַזעלכע, וואָס ווילן איינפּאַקן זייער פּעקל און פאַרלאָזן די בינע פון דער יידישער וועלט.

דער מנהיג דונערט, אָבער די ווידערשפעניקע נאָכפאָלגער הערן נישט דעם דונערן. זיי ווייסן אַז זיי זענען פריי פון מכות און רדיפות. אָבער זיי ווייסן נישט צוליב וואָס זיי זענען פריי — און זיי גייען אַוועק.

✱

וואָס דען איז דער סך־הכל פון אונדזער חשבון־הנפש? איז עס מעגלעך, אַז מיר האָבן היינט פאַר זיך אַ וועלט אין וועלכער מיר מוזן דעצידירן און אויסקלויבן איינע פון צווישן צוויי קעגנגעזעצטע אַלטערנאַטיוון: אָדער פרייהייט אָן יידישע עקזיסטענץ — אָדער יידישע עקזיסטענץ אָן פרייהייט?

קוק איך זיך צו צום איצטיקן יום־טוב פון פסח און איך ווייס אַז דער באַוואוסטזיניקער ייד וועט קיינמאָל נישט אָננעמען,

אַז דאָס איז דער גורל זיינער אין דער מאָדערנער תקופה. דער סדר־טיש מיינער איז נישט נאָר פופצן יאָר אַלט. ער איז דריי־און־אַ־האַלב טויזנט יאָר אַלט, און די סודות וועלכע ער דערציילט מיר באַוויזן, אַז די אינערלעכסטע שטרעבונג פונעם ייד איז צו האָבן ביידע: סיי פרייהייט און סיי יידישע עקזיסטענץ.

די שמחה וואָס דערוועקט זיך כמעט אויטאָמאַטיש אין מיין האַרץ דעם היינטיקן יום־טוב, זאָגט מיר, אַז אַזוי ווי מיר האָבן איבערגעלעבט די צייטן פון די אויטאָ־דאַ־פעס און די רדיפות, אַזוי וועלן מיר אויך איבערלעבן די איצטיקע צייטן פון די צינישע אויפפּאַסונגען און פון די מאָדערנע יידישע פאַלשקייטן.

שוין היינט רעדט מען אין ארץ־ישראל וועגן דערציען דעם יונגן דור אונדזערן אינעם גייסט פון יידישער באַוואוסטזיניקייט.

די גרויסע פירער אין מדינת־ישראל האָבן זיך אַרומגעזען און זיי האָבן אויסגעפונען, אַז ווען דער יונגער מענטש ווייסט נישט וואָס אַזוינס עס איז די סדרה פון דער וואָך — ווייעט אַ פוסטקייט אין דער נשמה פון אַזאַ מענטשן. זיי האָבן זיך ארומגעזען און אויסגעפונען, אַז ביי אַ ייד איז דאָס לעבן ווי אומגעזאַלצן ווען דאָס יידישע האַרץ אין נישט באַהאַוונט מיט דעם וואָס מיר רופן אָן אַ סידור אָדער אַ מחזור...

אויף דעם באָדן פון אַזאַ פוסטקייט און אומגעזאַלצנקייט וואַקסט יידישע אַפּאַטיע און יידישער ציניזם ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן, און מען שטעלט אַזוי ארום אין סכנה אונדזער גאַנצע נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ. רעדט מען שוין דעריבער וועגן איינפלאַנצן יידישע באַוואוסטזיניקייט אין די הערצער פון דעם יונגערן דור אונדזערן.

און עס איז גאָר מעגלעך, אַז איידער די דערמאָנטע פירער וועלן דערגרייכן זייערע מאה־ועשרים־שנה, וועלן זיי נאָך איינזען, אַז אמתע יידישע באַוואוסטזיניקייט פאַרלאַנגט נאָך אַ ביסל מער. זי פאַרלאַנגט, אַז דער יידישער מענטש זאָל זיין פאַראייניקט מיט דער יידישער תורה, מיטן יידישן שולחן־ערוך, און מיט יידישער צניעות און מיט יידישער קדושה. פאַראייניקט — נישט נאָר אויף אַ טעאָרעטישן אופן, דורך סתם זיין באַקאַנט מיט יידישקייט, אַזוי ווי מען איז באַקאַנט למשל מיטן מיטלאַלטער־לעכן סכאָלאַסטיציזם אָדער מיט אַלט־אָריענטאַלע פילאָזאָפישע

באַטראַכטונגען, נאָר טאַקע פּאַראיינִיקט דורך פּראַקטיצירן דאָס יידישקייט אינעם טאָג־טעגלעכן לעבן אונדזערן.

טאַקע אמתע באַוואוסטזיניקייט. טאַקע דורכגעדרונגען מיט יידישקייט אומעטום און אַלעמאָל. אַזוי ווי דוד המלך האָט עס אַמאָל אויסגעדריקט:

וואוהין זאָל איך אַוועקגיין פון דיין גייסט?
און וואוהין זאָל איך פון דיין פּנים אַנטלויפן?
זאָל איך אַרויפגיין אין הימל — ביסטו דאָרטן,
און זאָל איך מיר אויסבעטן אין אונטערערד —
ערשט ביסט דאָ.
זאָל איך נעמען די פליגל פון פרימאָרגן —
זאָל איך רוען אין עק פון ים —
וועט אויך דאָרטן מיך פירן דיין האַנט,
און מיך וועט האַלטן דיין רעכטע.

*

און וואָס די פירער אין ארץ־ישראל האָבן שוין איינגעזען ווילט זיך האָפן אַז אויך די מנהיגים אין אַנדערע לענדער וועלן באַלד איינזען. אויך זיי — ווילט זיך האָפן — וועלן אָננעמען די יידישע באַוואוסטזיניקייט אַלס דעם איינציקן יסוד פאַר אונדזער עקזיסטענץ אַלס אַ פאָלק — אַלס אַ פריי פאָלק. ס'איז נישטאָ קיין אַנדערער אויסוועג. נישטאָ קיין אַנדערע לייזונג פאַר אונ־דזערע אָנגעווייטיקטע פּראָבלעמען.

און איך מיין דאָ די יידישע באַוואוסטזיניקייט אין דעם ערלעכסטן אויסטייטש פונעם וואָרט — די תורה, וועלכע איז איבער אַלעם ווי אַ היילנדיקע מעדיצין פאַר אַ קראַנקן מענטש.

מיר ווייסן נישט ווי אַזוי אַ מעדיצין מאַכט עפּעס אַן אומ־געזונטן מענטש — געזונט. מיר גייען אין דער אַפּטייק אַריין, מיט אַ דאָקטאָרס רעצעפּט אין דער האַנט, און דער אַפּטייקער גרייט צו די טראָפּנס אָדער די טאַבלעטן — און דער חולה נעמט זיי און ער ווערט געזונט.

פאַרוואָס אָבער זאָלן אַזעלכע טראָפּנס אָדער טאַבלעטן אָפּ־שטעלן די קראַנקהייט — ווייסן מיר נישט. נישט נאָר מיר — פּשוטע מענטשן — נאָר געלערנטע דאָקטוירים ווייסן אויך נישט

זוי אַזוי דער היילונגס־פּראָצעס קומט פאָר. סתם, מען האָט אויסגעפונען אין דער לאַבאָראַטאָריע — דורך אַ צופאַל אפשר — אַז מיט געוויסע מיטלען קאָן מען אויסהיילן געוויסע קראַנקהייטן, באַנוצט מען די דאָזיקע מיטלען און מען היילט די מענטשן אויף וויפיל עס לאָזט זיך.

אפשר מיט דער צייט וועט מען פאַרשטיין דעם סוד פון דער היילונג, און עס וועט קיין סוד מער נישט זיין. און אַזוי איז עס אויך בעצם מיט אונדזער תורה.

מיר פאַרשטייען דערווייל נישט ווי אַזוי די תורה האָט אונדז אויפגעהאַלטן אין די לאַנגע און שווערע גלות־יאָרן אונ־דזערע. געגנוג, אַז זי האָט אונדז אויפגעהאַלטן. און דאָס זעט נישט נאָר דער בעל־מאמין, נאָר אויך דער ייד, וועלכער איז ווייט פון דער מדרגה פון אַ מאמין, ווי לאַנג ער איז נאָר נישט קיין ציניקער, ווי לאַנג ער איז נאָר נישט ווי דער צווייטער זון פון די ארבעה בנים פון דער הגדה...

קיין פייערן האָבן אונדז נישט פאַרברענט, כאָטש די שונאים האָבן אַ סך אַזעלכע פייערן פאַר אונדז געהאַט אונטערגעצונדן. אויך אנלאָקונגען זענען געווען אַ סך מצד דער גויאישער סביבה, אָבער אויך זיי האָבן אונדז פון אונדזערע הייליקייטן נישט אַוועק־געשלעפּט. די תורה האָט אונדז געשטאַרקט און אויף אונדז גע־ווירקט ווי די בעסטע און זיכערסטע מעדיצין.

דאָס אַלץ האָט אונדז באַוויזן אונדזער געשיכטע — אַ גע־שיכטע וועלכע האָט אונדז געדינט ווי אַ לאַבאָראַטאָריע. פון איר האָבן מיר געלערנט — אויך ווען מיר ווילן זיך נישט פאַרלאָזן אויף דער ריינער אמונה בלויז — אַז מיט דער תורה וועט מען איבערלעבן אַלע גויאישע רשעותן און אַלע זייערע אנלאָקונגען. און מיט איר קאָן מען שפּרייזן בטחונדיק פון איין פּסח צום אַנדערן, און פון איין דור צום אַנדערן, און פון איין באַפרייאונג צו דער אַנדערער...

*

ביים ברחבותדיקן סדר־טיש וועט דער באַוואוסטזיניקער ייד זיך היינט וועגן דעם אַלעם דערמאָנען. אַז מען לעבט אינעם ליכט פון דער תורה, קומט מען גאָרנישט צו אַ מצב אין וועלכן

מען דאַרף אויסוויילן צווישן די אַלטערנאַטיוון פון אָדער אַזוי אָדער אַזוי, אָדער פרייהייט אָדער יידישע עקזיסטענץ.

תורה גיט דעם ייד ביידע. אי פרייהייט אי יידישע עקזיס־טענץ. און ווען דו האָסט אַזאַ אויפפאַסונג, וועט דיין זמן חירותנו ביי דיר קיינמאָל נישט זיין פאַרוואָלקנט מיט קיין שווערע און אומעטיקע חשבון־הנפש. דו ווייסט צוליב וואָס דו האָסט זיך באַפרייט. און דער פופצנטער יובילײ פון דיין נאַציאָנאַל־יידי־שער באַפרייאונג וועט דיר נאָך בולטער אָנווייזן וואָס דו זאָלסט טאָן מיט דיין ניי־געפונענער פרייהייט.

דו באַדויערסט וואָס די וועלט האָט דיך אַזוי לאַנג אונטער־דריקט. אָבער דו דאַנקסט און לויבסט גאָט, אַז דו ביסט דאָך אַלץ אַריבערגעקומען, און אַז היינט בליסט דו נאָך אַמאָל אויף ווי אַ בלום נאָך אַ שלאַגסרעגן.

דו טרויערסט אויף די חורבנות וואָס דיינע אַזוי גערופענע מיט־מענטשן האָבן אויף דיר אַזוי פיל מאָל געבראַכט, און דיר אַ סך שלעכטס געטאָן און אַ סך אומגערעכטיקייט. אָבער דו פרייסט זיך, ווייל דו ביסט פון די קנוילן רשעותן אַרויסגעקומען אויסגערייניקט און אויסגעלייטערט...

היינט פאַרשטייסטו נאָך טיפער דעם לעבנס־צוועק מיט וועלכן דער הימל האָט דיך באַשאָנקען, ווען ער האָט פאַר דיר דעם ים־סוף געשפּאָלטן.

ווי זאָגט זיך דיר אינעם יום־טובדיקן הלל:

ווען ישראל איז אַרויס פון מצרים,
דאָס הויז פון יעקב פון אַ ווילדן פאָלק —
איז יהודה געוואָרן זיין הייליקטום,
ישראל זיין געוועלטיקונג.

דאָס איז נאָך אַלץ דיין לעבנס־צוועק. און ווען דו האַלטסט זיך אָן ביי אים, ווייסטו אַז דו קענסט ווענדן די אויגן פון דיין האַרץ צו דעם געטלעכן אויסלייזער מיט אינערלעכער פעסטקייט און זיכערקייט. דו ווייסט, אַז אויך ווען עס וועט נאָך אַ ביסל צייט דויערן, וועט דאָך די דריטע פאַזע פון אונדזער אויסלייזונג אויפשיינען און קומען.

עס איז די פאַזע פון אונדזער באַנייטן והבאתי, ווען דער אויבערשטער וועט אונדז ברענגען אינעם לאַנד וואָס ער האָט

געשוואוירן צו אונדזערע אבות, אַז ער וועט עס אונדז געבן אַלס אַ ירושה.

*

נייך! אויפן געביט פון מענטשלעכן לעבן און שטערבן איז נישטאָ גאָרנישט וואָס מיר יידן קענען — אָדער דאַרפן — זיך אָפּלערנען פון אונדזערע מיט־מענטשן אין דער וועלט.

ליידער, ליידער, לויט זייערע אויפפּאַסונגען — די אויפּ־פּאַסונגען פון אונדזערע מיט־מענטשן — און לויט זייערע האַנד־לונגען — די האַנדלונגען פון אנדזערע נישט־יידישע שכנים אין משך פון אונדזער פריערדיקער געשיכטע — וואָלטן מיר שוין לאַנג געדאַרפט זיין אָפּגעשווענקט פון דער אויבערפלאַך פון דער ערד.

אויב זיי — אונדזערע מיט־מענטשן פון פריערדיקע יאָרן — וואָלטן געוועזן געהאַט דעם שליסל צו אונדזער גורל, וואָלטן מיר היינט נישט געווען געציילט דעם פופצענטן יובילײ פון אונדזער נאַציאָנאַל־יידישן ווידערגעבורט. מיר וואָלטן קיין פופצען טעג נישט געווען אויסגעהאַלטן, ווען אונדזער גורל וואָלט געווען געלעגן אין זייערע הענט.

געדענקען מיר דאָך די ווערטער וואָס דער בעל־הגדה זאָגט וועגן אונדזערע דערפאַרונגען אין די אַלע יאָרן זינט אונדזערע אבות האָבן געליטן אונטער פרעה מלך מצרים!

נישט בלויז איינער פון זיי איז אויפגעשטאַנען
קעגן אונדז און געוואָלט אונדז פאַרטיליקן —
נאָר אין יעדן דור שטייען זיי אויף קעגן אונדז
און ווילן אונדז חס־וחלילה אומברענגען —

אַזעלכע זענען געווען אונדזערע דערפאַרונגען. מיט אַ פרעה, און אַ המן, און אַ טאָרקוועמאַדאַ, און אַ צאַר, און אַן אדום און אַ ישמעאל — ביזן היינטיקן טאָג.

און אויב מיר זענען אָנגעפילט מיט ביטערניש און צאָרן ווען מיר דערמאָנען זיך וואָס אונדזערע מיט־מענטשן האָבן אונדז געוואָלט טאָן — און אַ סך מאָל אויך געטאָן — דאַרפן מיר אָבער צוזאַמען מיטן בעל־הגדה אויך געדענקען, אַז והקדוש־ברוך־הוא

מצילנו מידם, אַז דער אויבערשטער האָט אונדז אַלע מאָל גע־ראַטעוועט פון זייערע שפּאָנעס. אַז אין אַלע יאָרן האָט דער הייליקער, געבענטשט זאָל ער זיין, אונדז מציל געווען פון די הענט פון אונדזערע בלוט־שונאים. און אָט די דערמאָנונג דאַרף אויספילן אונדזערע הערצער מיט פרייד אומבאַגרענעצטער און אונדזערע געדאַנקען מיט לויב אומאויסשעפּבאַרן צום אויבערשטן אין הימל.

איז פאַרטראַכט זיך, לייענער מיינער, וועגן דעם באַגאַזש פון דיינע געשיכטלעכע זכרונות, דווקא אינעם איצטיקן יום־טוב. און דו וועסט אויפהערן דיין אַזוי גערופענעם קולטור־קאַמף קעגן די הייליקייטן פון דיין אייגענעם פאָלק — אַ קאַמף וועלכער איז בעצם קעגן דיין אייגענעם יידישן איך — אַ קאַמף וועלכער קאָן דיר אַ סך מער שאָדן ברענגען ווי דער שונא פון דרויסן האָט עס דיר געוואָלט טאָן.

פאַרטראַכט זיך אין די פּסחדיקע מחשבות פון אמתדיקער יידישער באַפרייאונג, און מיט שטאָלץ און מוט וועסטו אויפהויבן דעם כוס וויין אין דיין רעכטער האַנט, און וועסט זינגען אַ גע־זאַנג פון אמתער דאַנקבאַרקייט פאַר דיין געטלעכן באַשיצער, זאָגנדיק, אַזוי ווי משה רבינו האָט געזאָגט אין די טעג פונעם ערשטן פּסח —

מיין שטאַרקייט און מיין געזאַנג איז דער אויבערשטער,<br>און ער איז מיר געווען אַ ישועה —<br>דאָס איז מיין גאָט, און איך וועל אים באַשיינען,<br>דער גאָט פון מיין פאָטער, און איך וועל אים דערהייבן.

אין אַזאַ פאַרטראַכטונג וועסטו איינזען, אַז דורך דער תורה זיינער האָט ער דיך ביז היינט געראַטעוועט, און דורך דער זעלבער תורה וועט ער דיך ווייטער ראַטעווען און שטאַרקן, און דיך פירן אויפן וועג פון דיין פאַרהייליקטן גורל — אַ גורל איבער וועלכן עס וועט געוועלטיקן נאָר ער אַליין, הקדוש־ברוך־הוא אַליין, בכבודו ועצמו.

זאָלן מיר אַלע זוכה זיין צו אַ לעבן וואָס פאַראייניקט ביידע עלעמענטן — סיי פרייהייט און סיי יידישע עקזיסטענץ — און אונטער אַזעלכע באַדינגונגען וועט דער אַנטדערטהאַלב צענדליק יאָרן פון אונדזער באַפרייאונג אין ארץ־ישראל וואַקסן ביז אומענדלעכקייט.

In honour of

The President and Committee of

The Melbourne Chevra Kadisha

לכבוד

הנשיא וחברי הועד של החברה קדישא

דק״ק מעלבורן — אוסטראליא

# רבי יהודה הלוי

## דער גרויסער יידישער דיכטער און פילאָזאָף

דער נאָמען פון רבי יהודה הלוי איז איינער פון די ליב־לעכסטע און וואַרעמסטע נעמען וועלכע באַצירן די בלעטער פון דער יידישער געשיכטע.

ביז נישט לאַנג צוריק, אין אונדזערע אייגענע צייטן, געדענק איך ווי מ'האָט געפּלעגט דערמאָנען דעם דאָזיקן נאָמען מיט עפּעס אַ ספּעציעלן געפיל פון צוגעבונדנקייט. מיר האָבן אַלע געוואוסט אַז דער מענטש איז שוין לאַנג־לאַנג נישטאָ אויף דער וועלט. מיר האָבן אויך געוואוסט אַז ווען ער האָט געלעבט — אינעם פּעריאָד פון אייראָפּעאישן מיטלאַלטער — האָט ער אויך געוואוינט אין אַ לאַנד וואָס איז געווען ווייט־ווייט פון דעם וואוין־אָרט אין וועלכן מיר האָבן געלעבט. און דאָך האָבן מיר וועגן אים גערעדט מיט עפּעס אַ געפיל פון אַ ספּעציעלער נאָענטקייט.

*

רבי יהודה הלוי האָט אַ סך געשריבן. און פון זיינע שריפטן איז אַ היפּשער טייל איבערגעבליבן ביזן היינטיקן טאָג.

צווישן די שריפטן איז פאַראַן אַ בוך וואָס איז באַקאַנט אַלס דער כוזרי, אָדער ספר הכוזרי. דאָס איז אַ בוך וואָס אַנטהאַלט אין זיך אַ סך פילאָזאָפישע געדאַנקען און באַהאַנדלט אַזעלכע פּראָבלעמען וואָס זענען נישט אַלע מאָל פאַרשטענדלעך פאַרן פּשוטן לייענער. עס זענען פאַראַן אינעם בוך אַזעלכע פראַגן וואָס דער געוויינלעכער מענטש קאָן זיי נישט לייכט פאַרשטיין. און עס קאָן זיך מאַכן אַז די דאָזיקע פראַגן זאָלן דעם גלויביקן ייד אַראָפּפירן פון זיין אמונה.

אַן ענלעך בוך האָט אויך אָנגעשריבן, מיט אַ פופציק יאָר שפּעטער, דער גרויסער יידישער גאון און דענקער, ר' משה בן מיימון, דער רמב"ם. דאָס בוך הייסט דער מורה נבוכים. און

ווייל דער רמב״ם האָט אין אים אויך באַרירט יסודותדיקע פילאָ־זאָפישע פראַגן, האָט דער גלויביקער ייד געהאַלטן אַז מען דאַרף דעם מורה נבוכים נישט לייענען. ער האָט מורא געהאַט אַז די געדאַנקען, וואָס זענען דאָרט געווען אויסגעדריקט, וועלן ביי אים דערוועקן אַזעלכע ספיקות וואָס וועלן אפשר שאַדן ברענגען זייגע רעליגיעזע אויפפאַסונגען.

האָט טאַקע דער פרומער ייד דעם מורה נבוכים פונעם רמב״ם נישט געלייענט. און אַז עס האָט זיך אַמאָל געמאַכט, אַז איינער האָט יאָ געוואָלט אַ קוק געבן אינעם ספר אַריין, האָט ער דאָס געטאָן בחדרי־חדרים, באַהאַלטענערהייט, אַזוי אַז אַנדער'ע מענטשן זאָלן פון דעם נישט וויסן.

אָבער דעם ספר פון רבי יהודה הלוי האָט מען אַנדערש טראַקטירט. אמת, דער כוזרי האָט אויך געקענט דערוועקן ספי־קות, אָבער פאַר די ספיקות האָט מען עפּעס אַזויפיל נישט מורא געהאַט. אין רבי יהודה הלוי האָט מען געזען אַ פריינד מער ווי אַ פירער, אַ פאָטער מער ווי אַ לערער, אַ דערציילער מער ווי אַן אויפקלערער. און מען האָט געהאַט צוטרוי צו אים. מען האָט זיך געפילט זיכער און וואַרעם אין זיין געזעלשאַפט.

*

נאָך אַן אַנדערע זאַך האָט מען געפונען אין רבי יהודה הלויס שריפטן.

עס נויטיקט זיך קוים צו זאָגן אַז יעדער מענטש האָט געוויסע סענטימענטן און פאַרלאַנגען. מען טוט אָפּ אַ טאָג אַר־בעט און דערנאָך לאָזט מען אויפשווימען די געפילן. אַמאָל איז עס אַ געפיל פון ליבע און אַמאָל פון האַס. אַמאָל ווילט זיך זינגען און אַמאָל טרויערן. אַמאָל בענקט זיך איינעם נאָך דער פאַרגאַנגענהייט און אַמאָל חלומט ער וועגן דער צוקונפט.

דער ייד איז איינער פון די מענטשן, ביי וועלכע די איינער־לעכע עמאָציעס האָבן אַ סך מאָל דורכגעדרונגען זייער גאַנץ וועזן. די סיבה איז אַ פּשוטע. פון לאַנגע־לאַנגע יאָרן איז די ווירק־לעכקייט ביי דעם ייד געווען אַן אומעטיקע און אַ גאָר נישט פריילעכע. ער איז געווען ארומגערינגלט מיט שונאים פון וועלכע ער האָט זיך נישט געקאָנט באַפרייען, און אין אַזאַ לאַגע איז ער געווען געצוואונגען צו בענקען און צו חלומען.

**און פּלוצלונג קומט צו גיין אַ רבי יהודה הלוי און דריקט אויס אַט די חלומות און באַגערן אין האַרציקע לידער און אין שיינע און זיסע ווערטער.**

**ער שרייבט וועגן שוואַרצן גלות אין וועלכן ער געפינט זיך און ער טרויערט. און ער שרייבט וועגן דעם ליכטיקן ארץ־ישראל אין וועלכן ער וועט אַמאָל זיין פריי און ער זינגט. און דער ייד לייענט די לידער און איז איבערצייגט, אַז דאָס איז ער אַליין וועלכער טרויערט, און אַז דאָס איז ער אַליין וועלכער זינגט. און עס ווערט אים לייכטער אויף זיין נשמה.**

*

**ווי איך וועל שפּעטער דערציילן קומט דער טאָג און רבי יהודה הלוי גייט פאַרווירקלעכן זיין בענקשאַפט נאָך ארץ־ישראל. אַ ליאַדע מאָמענט — און ער וועט זיך געזעגענען מיט זיין שטאָט, מיט זיין געבורטס־לאַנד און מיט זיינע טייערע, און ער וועט נעמען אַ שיף און אָפּפאָרן אינעם הייליקן לאַנד אַריין. דער טאָג וועט ביי אים זיין דער גליקלעכסטער, און דאָס וואָס דאַרף באַלד פאָרקומען באַשרייבט ער אין די פאָלגנדיקע שורות —**

כ׳האָב פארגעסן אַלע ליבסטע,
כ׳האָב פאַרלאָזן מיין אייגן הויז,
כ׳האָב דעם ים זיך אָפּגעגעבן:
טראָג מיך, ים, צום מוטערס שויס!

און דו, מערב־ווינט, געטרייער,
טרייב מיין שיף צו יענעם ברעג,
וואָס מיין האַרץ מיט אָדלער־פליגל,
זוכט שוין לאַנג צו אים אַ וועג!

ברענג מיך נאָר אַהין בשלום —
נאָך דעם פלי זיך דיר צוריק,
גריסן זאָלסטו אַלע ליבסטע,
און דערצייל זיי פון מיין גליק! *)

**ים־לידער**

---

*) די דאָזיקע איבערזעצונג פון העברעאיש אויף יידיש איז געמאַכט געוואָרן פון דעם מאָדערנעם העברעאישן דיכטער **חיים נחמן ביאַליק**, און געפינט זיך אין זיין **ספר שירים**, אַרויסגעגעבן

דער ייִד האָט געליייענט די דאָזיקע צאַרטע ווערטער און ער האָט געמיינט, אַז דאָס איז ער אַליין וואָס פאָרט אָפּ צו זיין מוטערס שויס. די באַדינגונגען זענען געווען אַזעלכע, אַז ער האָט געשטרעבט מיט זיינע טיפסטע געפילן זיך אַריבערצוטראָגן אין דעם לאַנד פון זיינע אבות. עס זענען אָבער געווען שטערונגען, און ער האָט נישט געקענט אַליין דערציילן וואָס ער האָט אַזוי שטאַרק געוואָלט האָבן. און ווען ער האָט געזען, אַז אַ מאַן ווי רבי יהודה הלוי, מיט זיינע טאַלאַנטן און זיינע דערגרייכונגען, פאָרט יאָ אָפּ און לאָזט נישט קיין שום שטערונגען שטיין אין זיין וועג, האָט ער אין אים אָנערקענט אַן אמתן וועגווייזער. ער האָט אין אים געזען דעם אמתן אידעאַל פון דעם יידישן פאָלק.

און אַלס אַזאַ אידעאַל איז רבי יהודה הלוי געשטאַנען פאַר די אויגן פון שפּעטערדיקע דורות. און ביי אַ סך פון אונדז שטייט ער אַלס אַזאַ אידעאַל אויך נאָך היינט־צו־טאָג.

*

לאָמיר זיך איצטער צוקוקן אַ ביסל נענטער צום געשטאַלט פונעם דאָזיקן מאַן און לאָמיר זיך אַ ביסל באַקענען מיט זיין לעבן און שאַפן. ווער איז געווען רבי יהודה הלוי? וואו און ווען האָט ער געלעבט און געאַרבעט? און וואָס האָט ער געוואָלט באַצוועקן מיט זיינע שאַפונגען?

מיר האָבן אַלע געהערט וועגן שפּאַניע, אַ לאַנד וואָס ליגט אין סאַמע מערב־ענד פונעם אייראָפּעאישן קאָנטינענט. מיר רעדן איצט וועגן אַ תקופה, וואָס נעמט אונדז צוריק אַן ערך אַכט ביז ניין הונדערט יאָר.

מיר, וואָס שטאַמען פון מזרח־אייראָפּע, דאַרפן זיך פאָרשטעלן, אַז אין יענער צייט איז נאָך נישט געווען קיין יידישער ישוב נישט אין פוילן און נישט אין דער ליטע און נישט אין

---

פון **כלל־פאַרלאַג**, בערלין, 1922. די איבערזעצונג פון רבי יהודה הלוים אַנדערע דאָ־ציטירטע פּאָעמעס האָב איך גענומען פון י. י. שוואַרצעס **אונדזער ליד פון שפּאַניע**, ניו־יאָרק, 1931. כדי איבערצוגעבן דעם אָריגינעלן טעקסט אַ ביסל בעסער, האָב איך אין אַ קליינער מאָס געענדערט שוואַרצעס איבערזעצונג פון אַ **תפילה** און **צום ליכטיקן מזרח**.

רוסלאַנד. די גרויסע יידישע קהילות זענען דעמאָלט נאָך געווען אין בבל, אין אַזיע, און אין מצרים און אין אַנדערע לענדער אין צפון־אַפריקע.

אין יענער צייט זענען אויך די היינטיקע גרויסע מלוכות כמעט גאָרנישט געווען באַקאַנט. ענגלאַנד איז געווען ערגעץ פאַרוואָרפן וואו מ'האָט נישט געקענט לייכט צוקומען. און אַמעריקע איז אפילו נאָך נישט געווען אַנטדעקט.

דאָס איינציקע פאָלק — אויב מען קאָן עס אָנרופן אַ פאָלק — וואָס האָט דעמאָלט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע, זענען געווען די אַראַבישע מוזולמענער, וואָס האָבן זיך געהאָט אַרויסגעלאָזט פון דעם גרויסן אַראַבישן האַלב־אינדזל און האָבן פאַרשפּרייט זייער מאַכט איבער די ווייטסטע און פאַרשידנסטע לענדער. מיט דער צייט זענען די אַראַבער אויך אָנגעקומען קיין שפּאַניע, וואָס איז געווען אַ קריסטלעך לאַנד.

אין יענער צייט האָבן שוין יידן געוואוינט אין שפּאַניע. די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט זיי אָבער אונטערדריקט. און מען דערציילט, אַז צוליב אָט דער אונטערדריקונג האָבן זיי טאַקע צוגעהאָלפן די מוזולמענער אין דער דעראָבערונג פון דעם שפּאַנישן לאַנד.

די ערשטע יידן וואָס האָבן זיך געהאָט באַזעצט אין שפּאַניע זענען געווען פון די, וועלכע דער אַלט־רוימישער גענעראַל טיטוס האָט געהאַט פאַרטריבן פון ארץ־ישראל, בשעתן חורבן פון בית־המקדש. צווישן די פאַרטריבענע זענען געווען — זאָגט מען — משפחות פון דער אַלטער ארץ־ישראלדיקער אַריסטאָקראַטיע, און זיי האָבן פאַרשטענדלעך מיט שטאָלץ געדענקט זייער אָפּשטאַמונג.

איינע פון די משפחות האָט געהאַט די טראַדיציע, אַז אירע אבות האָבן געפלעגט אויסאַרבעטן די פרוכתן פאַרן בית־המקדש. און עס איז נישט שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז אַזאַ משפחה האָט סימבאָליזירט דעם שטאָלץ פון אַלטן ירושלים און אַזוי אַרום אויפגעהאַלטן די געשיכטלעכע זכרונות ביי די שפּאַנישע יידן און זיי דערמאָנט וועגן זייער אַמאָליקער נאַציאָנאַלער אומאָפּהענגי־קייט אין זייער אייגן לאַנד.

מיט דעם אָנקום פון די אַראַבער זענען קיין שפּאַניע צוגע־

קומען יידן אויך פון אַנדערע לענדער, און ביסלעכווייז זענען זיי געוואָרן דער גרעסטער און חשובסטער ישוב אין יענער צייט.

*

און דאָס איז אַזוי געשען. פון לאַנגע צייטן צוריק האָבן יידן געהאַט זייער אייגענע קולטור. דער תנ״ך און די משנה און גמרא זענען געוועזן די יידישע קוואַלן פון וויסנשאַפט און פאָר־שונג. זיי זענען אויך געוועזן דער פונדאַמענט, אויף וועלכן דאָס גאַנצע יידישע לעבן איז געוועזן אויפגעבויט.

איצט, ווען די אַראַבער זענען געקומען, האָבן זיי נישט נאָר געעפנט נייע האָריזאָנטן, נאָר אויך געברענגט מיט זיך כל מיני נייע פּראָבלעמען. זייער מוזולמענישע ציוויליזאַציע האָט זיך צוזאַמענגעשטויסן מיט דער קריסטלעכער ציוויליזאַציע. אַ שאַר־פער קאָנפליקט איז אַזוי אַרום אַנטשטאַנען אויפן שפּאַנישן באָדן, און דער קאָנפליקט האָט געהאַט אַ גאָר באַדייטנדיקן איינפלוס אויך אויפן יידישן ישוב.

די יידן האָבן זיך געמוזט צופּאַסן צו די נייע באַדינגונגען. אַ דאַנק זייערע איינגעבוירענע פעאיקייטן איז זיי געלונגען זיך צו מאַכן פאַרדינסטפול סיי אין דעם אַראַבישן ווי אויך אין דעם קריסטלעכן טייל פון דעם לאַנד. זיי זענען געוואָרן דיפּלאָמאַטן, פינאַנציעלע ראַטגעבער און האַנדלס־אונטערנעמער, און פון צייט צו צייט האָבן זיי דערגרייכט די העכסטע פּאָסטנס ביי די הערשער פון די ביידע צדדים.

ליידער, אָבער, האָט מען זיי אויך פון צייט צו צייט געלאָזט וויסן, אַז זיי זענען נישט קיין בירגער גלייך מיט אַלע אַנדערע. ווען עס האָט די הערשער געפעלן, דעם מוזולמענער אָדער דעם קריסט, האָבן זיי פּאָגראָמירט די יידן אויפן זעלבן שטייגער ווי ביי אַנדערע פעלקער אין די שפּעטערדיקע צייטן. אַזוי אַז פון סאָציאַלן און עקאָנאָמישן שטאַנדפּונקט האָט די זון אַמאָל אויפ־געשיינט פאַר די יידן אין שפּאַניע, און אַמאָל איז זי אונטערגעגע־גאַנגען — אַ דערשיינונג מיט וועלכער מיר פון היינטיקן דור זענען גאָר גוט באַקאַנט פון אונדזערע אייגענע דערפאַרונגען.

אין זאַך האָבן די שפּאַנישע יידן דעמאָלט פאַרשטאַנען ווי עס דאַרף צו זיין, און דאָס איז אַז מ׳דאַרף זיך האַלטן צוזאַמען. און טראָץ דעם וואָס זיי זענען געוועזן אין צוויי מחנות, האָבן זיי

באוויזן צו אַנטוויקלען דעם יידישן גייסט ביז צו דער העכסטער שטופע. דאָס איז באמת געווען אַ תקופה פון יידישער אחדות און קלוגשאַפט, און פון טרייהייט צו אונדזער געטלעכער אמונה.

עס זענען געעפנט געוואָרן ישיבות אין פאַרשידענע שטעט. איינער פון די גרעסטע יידישע גאונים האָט דעמאָלט געלעבט — דאָס איז געווען רבי יצחק אלפסי, דער רי״ף, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער באַקאַנטער ישיבה אין לוצענא. עס האָבן זיך אויך באַוויזן דעמאָלט אַ צאָל זייער טאַלאַנטירטע שרייבער, דיכטער און דענקער.

מיר געדענקען די נעמען פון רבי שמואל הנגיד, רבי שלמה אבן גבירול, רבינו בחיי אבן פקודא, רבי משה אבן עזרא און רבי אברהם אבן עזרא. די גייסטיקע אַרבעט פון די און פון אַ סך אַנדערע באַרימטע פערזענלעכקייטן איז אויסגעפאַלן אַזוי גלענצנדיק, אַז מ׳האָט די תקופה אין וועלכער זיי האָבן געלעבט אָנגערופן די גאָלדענע תקופה.

רייכע יידישע מעצענאַטן האָבן אונטערגעשטיצט יונגע יידישע געלערנטע, און האָבן זיי כבוד אָפּגעגעבן און מיט זיי זיך אַרומגערינגלט. עס האָט אויפגעבליט אַ שיינע און מעכטיקע יידישע קולטור וואָס האָט איר גלייכן ערגעץ אַנדערש נישט געהאַט.

*

און אין מיטן פון יענער גאָלדענער תקופה, בערך אינעם יאָר 1080, איז געבוירן געוואָרן דער מאַן וועגן וועלכן מיר רעדן דאָ, רבי יהודה הלוי. דער מאַן וועמען עס איז געווען באַשערט אויפצושיינען ווי אַ ליכטיקער שטערן אויפן יידישן האָריזאָנט.

די שטאָט אין וועלכער ער איז געבוירן געוואָרן איז נאָך היינט באַקאַנט אונטערן נאָמען טאָלעדאָ, און דעמאָלט איז טאָלעדאָ אויך געווען די הויפטשטאָט פון קאַסטיליע, אין דעם קריסטלעכן טייל פון שפּאַניע. די עלטערן זיינע זענען געווען חשובע מענטשן און — עס זעט אויס — אויך גוט סיטואירט. דער קליינער יהודה האָט אין זיין קינדהייט שוין באַוויזן, אַז ער איז געווען באַשאָנקען מיט מער ווי דורכשניטלעכע פעאיקייטן. ער איז געווען אַ פריילעך קינד, און אַזוי ווי ער אַנטוויקלט זיך, שעפּט ער פון אַלע גענוסן פון לעבן.

שפּאַניע איז פון דער נאַטור אַ שיין לאַנד — זוניק און וואַרעם, מיט טאָלן און בערג, פרוכטבאַרע פעלדער און טייכן און ימען — אַלץ וואָס אַפּעלירט צום עסטעטישן געפיל. יהודה הלוי האָט זיך מיט דעם אַלעם אָנגעזאַפּט, און די איבערלעבעכע איבער־לעבונגען זיינע האָט ער פון יונגווייז אָן געמומען אויסדריקן אין דער פאָרם פון פּאָעזיע.

ער האָט געקוקט אויף אַלץ מיט אַן אויג פון אַן אַרטיסט. ער האָט געפילט מיט אַ האַרץ פון אַן אמת־נאַבעלן מענטש. ער האָט געטראַכט מיט באַגריפן פון אַ טיף־געטרייען ייד. און אַלץ וואָס ער האָט דורכגעלעבט האָט ער אויסגעדריקט אויפן פּאַפּיר אין ווערטער פון דיכטונג, וועלכע האָבן נאָך היינט אַ צויבערנ־דיקע פרישקייט.

מען זאָגט אַז אַלץ צוזאַמען האָט ער אָנגעשריבן אַ טויזנט פּאָעמעס, אָבער אין משך פון דער צייט זענען אַ סך פון זיי פאַר־לוירן געוואָרן. היינט האָבן מיר נישט מער ווי דריי הונדערט פון זיינע דיכטערישע שאַפונגען, און זיי אַלע שפּרודלען מיט אַ רייכקייט פון אויסדרוק און מיט פּאָעטישע בילדער וועלכע מ'קען נישט לייכט פאַרגעסן.

די שפּראַך אין וועלכער ער האָט גערעדט איז געווען שפּאַניש אָדער אַראַביש. אָבער די לידער האָט ער געשריבן אין לשון־הקודש.

ווי מיר ווייסן, איז לשון־הקודש דעמאָלט נישט געווען קיין שפּראַך מיט וועלכער מען זאָל זיך געווען באַנוצן אין טאָג־טעג־לעכן לעבן. מען האָט זי בעצם אויפגעהערט צו רעדן מיט אַ טויזנט יאָר פריער, און געקענט האָט מען זי נאָר פון ספרים, פון תפילות און פון יידיש לערנען. דעריבער איז עס נאָך מער וואונדערבאַר צו זען ווי דער יונגער יהודה הלוי האָט די שפּראַך אַזוי מייסטערהאַפט באַהערשט, און אויסגעדריקט זיך אין איר נישט געקינצלט, נאָר גראַציעז, נאַטירלעך און מיט אַ לעבעדיקער פלינקייט.



יהודה הלוי איז יונג, און ווי ביי אַלע יונגע מענטשן איז ביי אים דאָס האַרץ אָפן. ער זוכט ליבע. ער בענקט נאָך דער נאָענטקייט פון אַ יונגער נשמה, ווי ער איז אַליין. עס ברענט

אין אים דאָס פּייער פונעם יונגן בלוט, און ער דערציילט אונדז וועגן דעם גאַנץ אָפן. ווייל אין יענע צייטן האָט זיך דער ייד נישט געשעמט מיט די געפילן פון זיין קערפּער, און מען האָט נישט אויסבאַהאַלטן די געדאַנקען וואָס מענטשן פילן איינער פאַרן אַנדערן פון עמאָציאָנעלן שטאַנדפּונקט.

און יהודה הלוי חלומט וועגן דער געזעלשאַפט פון אַ פריינדין. און מער ווי איין מאָל שרייבט ער אין זיינע לידער וועגן פאַרשידענע חברטעס וועלכע ער האָט געליבט. ער טרעפט זיך מיט זיי. ער טראַכט וועגן זיי. און ער צערטלט זיך מיט זיי.

און ווען איינע אַזאַ חברטע פאַרלאָזט אים, פילט ער דאָס ווי אַ טיפע וואונד. און ער זעצט זיך אַוועק און ער גיסט אויס זיינע געפילן אין אַט אַזעלכע ווערטער:

אויב שיידן זיך איז אונדז ביידע באַשערט,
איז וואַרט אַ רגע איידער גייסט אַוועק.
איך ווייס נישט, איז מיין האַרץ ביי מיר פאַרבליבן,
צי וואַנדערט עס מיט דיר אין דיין וועג...

געדענק די טעג פון אונדזער ליבע, איך באַשווער דיך,
ווי איך געדענק די נעכט פון לוסט צעשטראַלט...
צווישן זיס און ביטער הענגט מיין האַרץ,
דיין וואָרט האָט עס אויף דין צעהאַמערט,
צעשוירן האָבן עס דיינע הענט אויף שטיק...

באַפעל דעם טויטן לעבעדיק צו מאַכן,
איך בין אַ קרבן דאָ געפאַלן צו דיין לוסט,
דו האָסט מיין האַרץ אין וועג מיט זיך פאַרנומען,
באַפעל, עס זאָל זיך אומקערן צוריק אין ברוסט.

## אַ ליבע־ליד

דאָס דאָזיקע ליד און אַנדערע ליבע־לידער זענען אָבער אַ קליינער טייל פון יהודה הלויס דיכטונג. ער קוקט אויף די זאַנגען אין די פעלדער, און אויף די וויינטרויבן אין די גערטנער, און אויף דעם זון־אונטערגאַנג איבער די בערג — און די אַלע דערשיינונגען שפּיגלען זיך אָפּ אין זיינע פּאָעמעס.

אַמאָל שטייט ער ביים ברעג פון ים, און ער זעט ווי די וואַסערן ווערן געטריבן פון אַ שטורעם־ווינט, און אָט אַזוי באַשרייבט ער דעם איינדרוק וואָס די סצענע מאַכט אויף אים:

יצחק ראַפּאַפּאָרט

כוואַליעס יאָגן, כוואַליעס שלאָגן,
ברויזן, רוישן אין דעם מער —
ס׳זידט דאָס וואַסער, ראַש און ראַשער,
ס׳מישט זיך, גיסט זיך טריב און שווער...

כוואַליעס קומען, כוואַליעס ברומען,
ס׳ברעכט דער ווינט דעם מאַסט פון יבוים —
ביז צום הימל איז געטומל,
שפּריצט דער ווינט מיט גרויען שוים.

**אויפן ים**

לאָמיר אָבער ווייטער נאָכפאָלגן דעם לעבנס־וועג פון דעם יונגן דיכטער. ער איז אַ יידֿ, און ער איז טיף־באַוואוסטזיניק וועגן זיין צוגעהעריקייט. ער איז קוים פופצן יאָר אַלט ווען ער פאַר־לאָזט זיינע עלטערן און פאָרט אַוועק לערנען אין דער ישיבה פון רבי יצחק אלפסי אין לוצענאַ.

*

היינט געדענקען מיר די נעמען פון אַזעלכע באַקאַנטע ישי־בות אין דעם אָקאָרשט פאַרגאַנגענעם דור ווי די סלאָבאָדקער ישיבה און די וואָלאָזשינער ישיבה. און מיר רעדן וועגן אַזעלכע גאונים ווי דער ווילנער גאון און רבי חיים בריסקער, און שטייען מיט יראת הכבוד ווען מ׳דערמאָנט אָט די גרויסע קעפּ. מיר באַ־טראַכטן די ישיבות אַזוי ווי זיי וואָלטן געווען די קוזשניעס, אין וועלכע מ׳האָט אויסגעהאַמערט דעם שטאָל־אייזערנעם כוח פון יידישן גייסט.

אויב עס איז מעגלעך, דאַרף מען זיך פאָרשטעלן, אַז פיל מאָל גרעסער און איינפלוסרייכער איז געווען די ישיבה אין לוצענאַ, מיט וועלכער רבי יצחק אלפסי האָט אָנגעפירט. מען זאָגט אַז ווען דער אלפסי וואָלט געווען געלעבט אין די צייטן פון די תנאים, וואָלט ער אַליין געווען איינער פון די תנאים. אַזאַ פאַרנעם האָט ער געהאַט אין דעם ים־התלמוד. און פון זיינע תלמידים זענען אַרויסגעקומען גאונים פון ערשטן ראַנג.

אויף איינעם פון זיי — רבי יוסף אבן מיגאש — האָט דער אלפסי געזאָגט, אַז אפילו אין די צייטן פון משה רבינו וואָלט ער געווען איינער פון די גרעסטע מוחות. און אין דער דאָזיקער

ישיבה האָט יהודה הלוי געלערנט און זיך געחברט מיט די גדולים און די גאונים פון יענער צייט, ממש די גרעסטע קעפּ פון מיטל־אַלטערלעכן יידנטום. אַז יהודה הלוי איז אַליין געווען אַן אויס־געצייכנטער תלמיד איז צו זען פון דעם, אַז מיט יאָרן שפּעטער האָט ער אַליין געגרינדעט אַ ישיבה און אַ סך תלמידים זענען געזעסן ביי זיינע פיס און געשעפּט זיין תורה.

דערווייל איז כדאי צו באַמערקן, אַז אין אלפסים ישיבה האָט מען אים באַטראַכט אַלס דעם אומגעקרוינטן פּאָעט־לאַורעאַט. ווען נאָר עפּעס אַ וויכטיק געשעעניש — און יהודה הלוי האָט וועגן אים געדיכטעט און געשריבן.

ווען רבי יוסף אבן מיגאש האָט געפייערט זיין חתונה, איז די שמחה געווען אומגעהויער גרויס איבער גאַנץ שפּאַניע. און ווען יהודה הלוי האָט לכבוד דער חתונה פאַרפאַסט אַ ליד וואָס מ'האָט אומעטום רעציטירט איז די שמחה געווען נאָך פיל גרעסער.

ווען רבי יצחק אלפסי איז נפטר געוואָרן, און אַ וואָלקן פון טרויער האָט פאַרהילט דעם יידישן ישוב, האָט יהודה הלוי אויס־געדריקט דעם טרויער אין דיכטערישע פערזן, און דער וואָלקן פון פאַריתומטקייט איז נאָך שוואַרצער געוואָרן.

איך האָב פריער דערמאָנט אַז צווישן די שפּאַנישע יידן זענען געווען אַלטע אַריסטאָקראַטישע משפחות פונעם אַמאָליקן ארץ־ישראל, און אַז צווישן די משפחות איז געווען איינע וואָס האָט געשטאַמט פון די וועלכע האָבן געוועבט פרוכתן פאַרן בית־המקדש.

אַ זון פון אָט דער משפחה האָט אויך געלערנט אין דער ישיבה פון אלפסי, און יהודה הלוי האָט זיך מיט אים זייער באַ־פריינדט. ער האָט געפלעגט אַריינקומען אין הויז פון זיינע עלטערן און האָט זיך אָפטער צוגעהערט צו די דערציילונגען וועגן בית־המקדש, וואָס די משפחה האָט אָפּגעהיטן אין אירע זכרונות. און ווען אַ קינד איז געבוירן געוואָרן ביי אָט דעם פריינד זיינעם, און די יידישע קהילות האָבן באַגריסט די בייעס, איז עס ווידער אַמאָל געווען יהודה הלוי וואָס האָט אָנגעשריבן אַ הערלעכע דיכ־טונג לכבוד דעם געשעעניש.

*

דער יונגער דיכטער האָט אָבער פֿאַרבראַכט זיין צייט נישט נאָר אין דער ישיבה. ער האָט אויך געלערנט די קולטור פֿון דער אַרטיקער באַפעלקערונג. ער האָט געלייענט זייערע וויסנשאַפט־לעכע אָפּהאַנדלונגען און גרינטלעך זיך באַקענט מיט די אַראַבישע און קריסטלעכע וועלט־אַנשויאונגען.

אַלס אַ מקור פֿאַר פּרנסה האָט ער שטודירט מעדיצין. און ווען ער האָט פֿאַרענדיקט זיינע לימודים האָט ער זיך אומגעקערט קיין טאָלעדאָ און פּראַקטיצירט אַלס אַ דאָקטאָר. מיר וויסן אַז ער איז געווען אַ מומחה אין זיין פֿאַך און איז געווען באַלאַגערט פֿון פּאַציענטן, וועלכע האָבן זיך געוואָלט ביי אים היילן.

ער שאַפֿט זיך אויך אַ משפּחה־לעבן, מיט אַ פֿרוי פֿון אַ מיוחסדיקער יידישער אָפּשטאַמונג, און אַ טאָכטער ווערט ביי אים געבוירן. ער איז צוגעבונדן צו זיין משפּחה מיט אַ סך ליב־שאַפֿט, ספּעציעל צוליב דעם וואָס די טאָכטער איז ביי זיי געווען אַ בת־יחידה.

דאָס וואוינען אין טאָלעדאָ גיט אים אָבער נישט קיין צו־פֿרידנהייט, און ער ציט זיך איבער קיין קאָרדאָוואַ, וואָס איז אין דעם אַראַבישן טייל פֿון לאַנד. ער איז נאָך אַלץ אַ דאָקטאָר, אָבער ביסלעכווייז הערט ער אויף זיך צו פֿאַרנעמען מיט רפֿואות.

ער פֿילט, אַז דער אמתער באַרוף זיינער איז נישט אַזוי פֿיל צו היילן דעם קערפּער, ווי צו היילן די נשמה. און מער און מער הויבט ער זיך אָן ווידמען די גייסטיקע פֿאַרלאַנגען פֿון זיינע מיטברידער.

די לייכטקייט מיט וועלכער ער האָט פֿריער געשפּרייזט דורכן לעבן ווערט איצט פֿאַרוואַנדלט אין אַ טיפֿער ערנסטקייט. און אָט אַזוי דריקט ער אויס די נייע שטימונג זיינע:

דו ליגסט אין אַ קינדערישן חלום —
ווי לאַנג וועסטו אַזוי ליגן?
זיי וויסן, דיין יוגנט פֿאַרפֿליט באַלד,
פֿאַרשעמט און פֿאַרשוויגן...

איז טרייסל זיך אָפּ פֿון דעם צייטגאַנג,
צי טרויעריק, צי מונטער —
ווי פֿייגל וואָס טרייסלען פֿון זייערע פֿליגל,
דעם נאַכט־טוי אַרונטער...

אוּן יאָג זיך נאָך דיין גאָט, דיין קעניג,
זיין סוד צו דערגרייכן —
ווי אַלע נשמות וואָס לעכצן
צו אים אין די הייכן...

**אַ חלום**

**רבי יהודה הלוי ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ רעליגיעזן דיכ־טער. אַלץ וואָס גיסט זיך אַרויס פון אונטער זיין פעדער, רופט דעם מענטש צו אַ העכערן געפיל פון אחריות. ער פאַרגלייכט דאָס לעבן צו אַ טויב, און ער זאָגט:**

דו נאַרישע טויב, פאַלסט מיט איטליכן שריט,
די קערנדלעך זעסטו — די נעץ אָבער נישט;
דיין וועלט גייט פאַרביי, און עס בלייבט די נעץ ניי —
און וואָס וועסטו ענטפערן דעם גאָט דיינעם טריי?...

מאַכסט שווער דיין געמיט, און דאָס לעבן פאַרפליט —
און דיין קראַפט גייט אַוועק, קוק זיך צו צו דיין וועג,
און באַטראַכט נאָר געשווינד,
פון וואַנען דו קומסט און וואו גייסטו אַצינד!

**צו דער נשמה**

**יהודה הלוי האָט געעפנט אַ נייע עפּאָכע אין זיין קינסטלע־רישער שאַפונג מיט אָט די לידער זיינע.**

**ביז איצט האָט ער געדיכטעט וועגן זיך אַליין. די וועלט זיינע איז געווען אַ וועלט פון וויין און ליבע און פריינד. אַלץ איז באַהאַנדלט פון זיין אייגענעם אינדיווידועלן קוק־ווינקל. ער איז אַ יחיד, און ער שטייט אינעם צענטער פון די פאַסירונגען. דער געזאַנג זיינער, דער שמערץ זיינער און די חלומות זיינע — דאָס אַלץ איז פון אַ יחיד, פון אַ זייער באַגאַבטן יחיד, פון אַ באַליבטן און הויך־געשעצטן יחיד, אָבער דאָך נאָר פון אַ יחיד.**

**אָבער פון איצט אָן הויבט ער אָן רעדן אינעם נאָמען פון כלל. ער איז איצט דער פאַרשטייער פון אַ גאַנצן ציבור. און אויב אַ ציבור זוכט ערדישע גענוסן, איז עס דאָך אַ יידישער ציבור, און אַלס אַזעלכער דאַרף ער דאָך ריכטן זיין אויפמערק־זאַמקייט אויך אויף די הימלישע באַדערפעניש. און יהודה הלוי הויבט אָן צו ווירקן אין אָט דער ריכטונג.**

ווי אַמטיפסטן איז ער דורכגעדרונגען מיט אַ נייעם גייסט, דעם גייסט פון אַן אוניווערסאַלער געטלעכקייט, וועגן וועלכער ער דערציילט זיין יידישן פאָלק אין אָט אַזעלכע ווערטער:

גאָט, וואו זאָל איך דיך געפינען —
אַז דיין פּלאַץ איז פאַרהוילן, פאַרשטעלט,
און וואו זאָל איך דיך נישט געפינען —
אַז דיין כבוד אומעטום פּילט אָן די וועלט...

**אַ ליד צו גאָט**

דאָס איז אַ מיסטיש־פילאָזאָפישער געדאַנק, וואָס איז דער־הויבן איבער אַלע דערהויבנקייטן, און אין דער נאָענטסטער תקופה זעען מיר יהודה הלוין אַלס אַ דיכטער פון אָט אַזעלכע לידער ווי אויך אַלס דעם פאַרפאַסער פון זיין גרויסן פילאָזאָפישן ספר, דעם כוזרי.

*

פאַריאָגט און פאַרפּלאָגט איז דער מענטש אין דעם טאָג־טעגלעכן לעבן. עס זענען פאַראַן זאָרגן פון פּרנסה, פון געזונט און פון קינדער. ביי דעם ייד איז נאָך דאָ די זאָרג פון וואָגלען זיך אין דער פרעמד, אין אַ סביבה, וואָס פאַרשטייט אים נישט, אין אַ סביבה אין וועלכער די גויים באַשמוצן און פאַרפאָלגן אים.

אין אַזאַ מצב איז מען געניינט אַ סך צו פאַרגעסן. מען לאָזט אַראָפּ די פליגל. בכלל אַז מען איז אין גלות איז נישט גוט. איז דער ייד מצליח — ווערט ער פויל אין זיין יידישקייט. רודפט מען אים אַלס אַ ייד — איז אים דאָס יידישקייט נאָך מער אומבאַקוועם. אַזוי גייט אַוועק אַ טאָג נאָך אַ טאָג, און אַ יאָר נאָך א יאָר, און מ'פאַרגעסט אַז מ'האָט אין זיך אַ נשמה וואָס וויל שוועבן צו איר באַשעפער.

און אַזוי קומט יהודה הלוי און העלפט דעם יידישן מענטש זיך אויפצוהויבן איבער די מאָנאָטאָנקייט פון לעבן. ער ווייזט אים אַ וועלט וואָס איז שענער און אמתער.

ווי אַן איבערגעגעבענער פריינד לערנט ער דעם ייד זוכן אַ מער נאָבעלן צוועק. די ערדישע זאָרגן זענען ווי אַ שווערע לאַסט, אונטער וועלכער מען קאָן זיך צוזאַמענברעכן. דער ייד דאַרף אָבער קענען אויפהויבן זיינע אויגן און באַפרייען זיך פון

מאָמענטאַלע תאוות און אינטערעסן. דעמאָלט וועט ער דערזען דעם ריכטיקן סוד פון זיין עקזיסטענץ. און דער סוד — אין יהודה הלויס ווערטער — איז אַזעלכער:

בין איך ווייט פון דיר, אָ גאָט,
שטאַרב איך ביים לעבן —
בין איך נאָענט צו דיר,
לעב איך אין טויט...

**אַ תפילה**

און אין דעם גייסט — פון דעם בונד צווישן מענטש און גאָט — פאַרפאַסט יהודה הלוי זיינע דיכטונגען, און דער יידישער עולם לייענט זיי מיט נחת־רוח און ער שליסט זיי איין אין זיינע תפילות און אין זיינע זמירות.

דער דיכטער שרייבט אין די זעלבע טענער און אויף די זעלבע מאָטיוון ווי דוד המלך האָט אַמאָל געשריבן אין זיינע קאַפּיטלעך תהלים. אין נאָמען פון פאָלק ווענדט ער זיך צו גאָט און בעט הילף פאַר זיי, ווייל זיי זענען שוואַך, אָפּגעלאָזט און אונטערדריקט. און אין נאָמען פון גאָט ווענדט ער זיך צום פאָלק און פאַרלאַנגט, אַז זיי זאָלן פאַרלאָזן זייערע זינדיקע וועגן און אָנהויבן שטרעבן צו ריינקייט פון טאָט און געוויסן, און צו־ריקקערן זיך צו זייער אור־קוואַל פון געטלעכקייט.

*

יהודה הלוי גייט נאָך ווייטער, אָבער, אין זיין אנטוויקלונג אַלס דער וואָס דריקט אויס די צילן פון יידישן פאָלק. יאָרן גייען פאַרביי און ער שטעלט אויף אַ בנין וואָס דינט אַלס אַ ליכט־טורעם פאַרן גאַנצן יידנטום אין משך פון אַ סך דורות.

ער האָט זיך צוגעקוקט צו די אינטעלעקטועלע שטרעמונגען פון דער דעמאָלטיקער אַראַבישער און קריסטלעכער וועלט. היינט, למשל, זעען מיר ווי די גרויסע געלערנטע פאַרנעמען זיך מיט פאָרשן די נאַטור פון מאַטעריע, מיט אונטערזוכן די ביאָלאָ־גישע און פּסיכאָלאָגישע סובסטאַנץ פונעם מענטש, און בכלל מיט אויפדעקן די געהיימנישן פון דער גאַנצער שאַפונג אַרום אונדז. פונקט אַזוי האָט מען אויך אין יענע צייטן געוואָלט אויס־געפינען דעם רעטעניש פון אַלעם וואָס געפינט זיך נאָר אין דער גאָרער וועלט.

דער שווערסטער פּראָבלעם איז געווען וואָס דער מענטש האָט געזוכט צו פאַרשטיין ווי אַזוי די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן, און ווען זי איז באַשאַפן געוואָרן, און — ווי אַזוי דער באַשעפער זעט אויס. און אַזוי האָט מען געזוכט און געזוכט ביז מען האָט געפונען, אַז צווישן די אַלטע גריכישע דענקער איז געווען איינער, אַ גרויסער פילאָזאָף, וואָס האָט זיך שוין אַמאָל מיט די אַלע פּראָבלעמען געהאַט פאַרנומען, און מען האָט אָנגעהויבן שטודירן זיינע טעאָריעס.

דער דאָזיקער פילאָזאָף האָט געהייסן אַריסטאָטעל, וועלכער האָט געלעבט אַן ערך פיר הונדערט יאָר פאַר דער איצטיקער צייט־רעכענונג. אויך היינט־צו־טאָג איז ער אָנערקענט אַלס איינער פון די גרעסטע דענקער אין דער מענטשלעכער געשיכטע, כאָטש פון זיינע טעאָריעס האַלט מען איצט גאָר־גאָר ווייניק. פאַרקערט, היינט זאָגט מען, אַז אַריסטאָטעל האָט מיט זיינע טעאָריעס געשטערט אין דעם פּראָגרעס פון דער וויסנשאַפט, ווייל זיינע טעאָריעס זענען געווען פאַלש, און אַז מען בויט אויף פאַלשע יסודות קומט מען צו פאַלשע אויספירן.

אין די צייטן פון רבי יהודה הלוי, אָבער, זענען די געלערנ־טע געווען נאָך אַלץ פּרימיטיוו. אַלץ איז בעצם נאָך געווען פּרימיטיוו: די מעדיצין, און די כעמישע און פיזישע וויסנשאַפטן און אויך די אַסטראָנאָמישע קענטעניש. אָבער ווייניק מענטשן זענען פאַראַן אין דער וועלט וועלכע — זייענדיק פּרימיטיוו — וועלן אַליין פאַרשטיין אַז זיי זענען פּרימיטיוו. און דאָס איז אויך געווען דער אינטעלעקטועלער מצב אינעם מיטלאַלטער. אַלע ידיעות וואָס מען האָט דעמאָלט געהאַט זענען אָנערקענט געווען אַלס מאָדערנע ידיעות. מען האָט נישט געגלויבט אַז עס קענען זיין אַנדערע ידיעות. און אַזוי ווי אַריסטאָטעל איז געווען אָנער־קענט אַלס דער גרויסער פילאָזאָף, דער גרעסטער פון דעם גריכישן אַלטערטום, האָט מען זיך געבוקט פאַר זיינע טעאָריעס און צוגעשריבן זיי דעם העכסטן אמת.

און אַז די גויים האָבן זיך פאַרנומען מיט שטודירן די ווערק פון אַריסטאָטעל, פאַרשטייט זיך אַז דער ייד האָט נישט געוואָלט זיין הינטערשטעליק. אויך דער ייד האָט געוואָלט זיין מאָדערן, ווייל פאַסט עס דען פאַרן ייד נישט צו זיין מאָדערן?...

די צרה איז אָבער געווען, וואָס די אויספּאַסונגען פון אַריס־

טאָטעל האָבן נישט געשטימט מיט די אויפפאַסונגען פון דער תורה. אַזוי אַרום האָט דער ייד זיך געפונען אין אַנבליק פון אַן אינערלעכן קאָנפליקט: אָדער ער זאָל האַלטן פון אַריסטאָטעל — און דערווייטערן זיך פון אמתער יידישער אמונה — און זיין מאָדערן, מכלומרשט, אָדער ער זאָל האַלטן פון דער תורה — און בלייבן אַ ייד.

*

רבי יהודה הלוי האָט געזען דעם קאָנפליקט. ער האָט געהאַט שטודירט אַריסטאָטעלס שריפטן און ער איז געווען אי־בערצייגט, אַז דער גריכישער דענקער איז נישט געווען אין באַזיץ פון אמת. ער האָט דעריבער געוואָרנט זיין דור און געזאָגט, אַז זיי זאָלן זיך נישט לאָזן פאַרפירן פון דער גריכישער פילאָ־זאָפיע.

די גריכישע פילאָזאָפיע — האָט ער געטענהט — האָט אַן אויסזען פון אמת, אָבער נישט קיין אמתע סובסטאַנץ. זי האָט בלומען וואָס קוקן אויס שיין, אָבער זי האָט נישט קיין פרוכטן וואָס זאָלן קענען שטילן דעם הונגער פון דעם דענקענדיקן מענטש.

אַזעלכע פרוכטן געפינען זיך אין דער תורה פון משה רבינו, האָט רבי יהודה הלוי באַהויפּטעט, און דאָס האָט ער זיך אונ־טערגענומען צו באַווייזן אין זיין ספר הכוזרי, וועלכן איך האָב פריער דערמאָנט.

דער כוזרי איז טיפּזיניק, און ברייט אין פאַרנעם. ער איז געשריבן אין דער פאָרם פון אַ דיאַלאָג, דאָס הייסט — אַ גע־שפּרעך צווישן צוויי מענטשן, אין וועלכן איינער פרעגט און דער אַנדערער ענטפערט, און אַרום דער טעמאַטיק פון דעם געשפּרעך אַנטוויקלט זיך אַ דורכדרינגענדיקע דיסקוסיע צווישן די ביידע אַנטיילנעמער. אין יהודה הלויס בוך קומט דער דיאַלאָג פאָר צווישן אַ גויאישן קעניג און אַ יידישן געלערנטן.

די אידיי צו שרייבן דעם כוזרי אין אַזאַ פאָרם האָט אונדזער מחבר גענומען פון אַ פאַל, וואָס איז אַמאָל פאָרגעקומען אין דערווירקלעכקייט, און דער פאַל איז געווען אַזעלכער.

אין דרום־רוסלאַנד, ביים קאַספּישן ים, האָט אַמאָל גע־וואוינט אַ געצנדינעריש פאָלק. זיי האָבן געהייסן די כאַזאַרן, און דער קעניג זייערער — דער כוזרי — איז געווען אַ טיף־רע־

ליגיעזער מענטש. אַזוי ווי ער איז אָבער נישט געווען צופרידן מיט זיין אייגענער אמונה, האָט ער געלאָזט רופן חכמים פון אַנדערע לענדער כדי צו דיסקוטירן מיט זיי זיינע פּראָבלעמען, און צו זען צי זיי קענען אים אפשר אָנבאַטן עפּעס בעסערס.

זענען די חכמים געקומען און ער האָט זיי דערציילט אַז עטלעכע מאָל האָט ער געהאַט אַ חלום, און אין דעם חלום האָט אַ מלאך צו אים געזאָגט: דיינע כוונות זענען גוטע, אָבער דיינע מעשים זענען נישט קיין גוטע. דעריבער פרעגט ער ביי די חכמים — די גויאישע געלערנטע — ווי אַזוי קאָן מען געפינען אָנשויאונגען, לויט וועלכע נישט בלויז די כוונות פון דעם מענטש נאָר אויך זיינע מעשים זאָלן זיין גוטע...

און יעדער איינער פון די חכמים האָט דעם קעניג פון די כאַזאַרן פאָרגעלייגט זיינע טעאָריעס. אָבער קיין איינע פון זיי האָט אים נישט געפעלן.

צווישן די חכמים איז איינער געווען אַ פילאָזאָף, דער צווייטער אַ נוצרי און דער דריטער אַ מוזולמענער. קיין ייד איז צווישן זיי נישט געווען, ווייל דער קעניג האָט געהאַט געהערט אַז די יידן זענען אַן אָרעם און דערשלאָגן פאָלק. האָט ער זיך געטראַכט: וואָס קאָן מען שוין לערנען פון אַזאַ פאָלק!...

ווען אָבער די גויאישע געלערנטע האָבן אים אַנטוישט, האָט דער קעניג באַשלאָסן צו רופן אַ יידישן געלערנטן. אַזאַ געלערנטער איז דאַן געקומען און האָט דעם קעניג פאָרגעלייגט די יידישע אויפפאַסונגען. ווען ער האָט פאַרענדיקט — דערציילט די געשיכטע — איז דער קעניג געווען אַזוי שטאַרק באַגייסטערט, אַז ער האָט זיך מגייר געווען און צוזאַמען מיט אים האָט אויך די גאַנצע כאַזאַרישע באַפעלקערונג אָנגענומען דעם יידישן גלויבן.

*

דאָס איז געווען דער היסטאָרישער פאַל, אויפן יסוד פון וועלכן רבי יהודה הלוי האָט אויפגעבויט דעם דיאַלאָג אין זיין ספר הכוזרי. און אין דעם ספר לייענען מיר וועגן די פילאָזאָפישע און רעליגיעזע פראַגן, וועלכע דער מחבר האָט אַריינגעלייגט אינעם מויל פון דעם קעניג פון די כאַזאַרן, און וועגן די

אויספירלעכע ענטפערס וואָס דער יידישער געלערנטער האָט אים געגעבן.

די פאַרשידנסטע פראַגן זענען דאָרט באַרירט, פון אַריס־טאָטעל און — להבדיל — פון דער תורה; פון די נוצרים און פון די מוזולמענער. דאָס זענען אייגנטלעך געווען די אַקטועלע פּראָבלעמען פון דעם דור פון רבי יהודה הלוי אַליין — אַ דור אין וועלכן די גויאישע וועלט האָט אַטאַקירט די יידישע אמונה און אָפּגעשפּאָט פונעם יידישן פאָלק — און די ענטפערס פון אונדזער מחבר באַווייזן דעם שטאָלץ, די טיפע איבערצייגונג, און די נאָבעלע האָפענונג וואָס עס האָט געהאַט דער גרויסער יידי־שער דענקער. דערצו האָט רבי יהודה הלוי אַליין באַצייכנט זיין כוזרי אַלס אַ בוך פון אויפקלערונג און באַווייז צו פאַר־טיידיקן אַ פאַרשעמטן גלויבן.

עס איז קיין ספק נישטאָ — זאָגט ער — אַז עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט, און אַז דער גאָט האָט דעם גאַנצן אוניווערס באַשאַפן. אין דעם זענען אַלע מודה, אויך אַריסטאָטעל און אויך אַלע אַנדערע וויסנשאַפטלער. אָבער דער גאָט פון דעם געלערנטן איז נישט אַזעלכער ווי די פילאָזאָפן שטעלן זיך אים פאָר, ווייל מיט פילאָזאָפיע קאָן מען איבערהויפּט די געטלעכקייט נישט באַגרייפן.

דער שכל פון דעם מענטשן איז באַגרענעצט און קאָן נישט משיג זיין וואָס אַזעלכעס גאָט איז, ווי אַזוי ער עקזיסטירט, און ווי אַזוי ער פירט אָן מיט דער וועלט. דער גאָט פון די פילאָ־זאָפן איז אַ קאַלטער גאָט; אַזעלכער וואָס אינטערעסירט זיך נישט מיטן גורל פון דעם מענטש. ער איז אַ גאָט וואָס איז נישט מער ווי אַ מעכאַנישער כוח, וועלכן מען קאָן פאַרגלייכן צו אַ ווייטן און אומענדלעכן מאָטאָר, אָן אַן אָנהויב און אָן אַ סוף, אָן אַ סיבה און אָן אַ צוועק.

גאַנץ אַנדערש איז אָבער דער יידישער צוגאַנג צו דער פראַגע פון גאָט. נישט מיטן שכל האָבן מיר אים אויסגעפונען, כאָטש דער שכל באַשטימט אויך זיין עקזיסטענץ, נאָר מיט אַ היסטאָרישן פאַקט, וועגן וועלכן די גאַנצע וועלט ווייסט. און דאָס איז געשען — זאָגט רבי יהודה הלוי — ווען די געטלעכקייט האָט זיך אַנטפּלעקט צו דעם יידישן פאָלק ביים באַרג סיני.

דאָס איז אַ פאַקט וועלכן מען קאָן נישט אָפּלייקענען, ווייל

טויזנטער און טויזנטער מענטשן זענען דערביי געווען. זיי האָבן געזען די אַנטפּלעקונג, און זיי האָבן אויך געהערט וואָס דער געטלעכער ווילן פאָדערט פון זיי.

דער דאָזיקער גאָט האָט דעם יידישן פאָלק געגעבן די תורה, און דערנאָך האָט ער צו זיי געשיקט די נביאים — די דערהויבנ־סטע טיפן פונעם מענטשלעכן מין — ווייל דער דאָזיקער גאָט, דער יידישער גאָט, איז יאָ פאַראינטערעסירט אינעם מענטשלעכן גורל, און ער פאַרלאַנגט אַז דער ייד זאָל זיין אַ מאָראַליש־רעליגעזער באַשעפעניש.

דער ייד האָט דעריבער די איבערצייגונג, נישט נאָר אַז אַ גאָט עקזיסטירט, ווייל אַזאַ איבערצייגונג האָט אויך דער פילאָ־זאָף. דער ייד ווייסט אָבער אויך וואָס פאַר אַ מעשים גאָט פאָדערט פון אים. דאָס זענען די מצוות פון דער תורה. און ווען דער ייד טוט די מעשים באַווייזט ער, אַז זיין לעבן איז אַזוי ווי דער גאָט פון דער וועלט האָט געוואָלט אַז עס זאָל זיין.

*

דער קעניג פון די כאַזאַרן הערט זיך צו צו די אַרגומענטן פון דעם יידישן געלערנטן, און ער איז אַזוי באַאיינפלוסט אַז ער נעמט אָן די יידישע אמונה. פון איצט אָן פילט ער אַז נישט בלויז זיינע כוונות נאָר אויך זיינע מעשים זענען גוטע.

ער וויל אָבער נאָך מער וויסן וועגן דעם יידישן פאָלק. און דער געלערנטער רעדט מיט אים ווייטער און דערקלערט אים, אַז אַזוי ווי דאָס האַרץ איז דער וויכטיקסטער און נאָבלסטער אבר צווישן די אברים פון מענטשלעכן גוף, אַזוי איז דאָס יידישע פאָלק דאָס וויכטיקסטע און נאָבלסטע צווישן די פעלקער פון דער וועלט. אויב עפּעס אָן אבר אינעם גוף איז נישט געזונט, ווערט אויך דאָס האַרץ נישט געזונט. און דאָס גלייכן — זאָגט ער — איז אויך מיטן יידישן פאָלק. אויב מיר זענען היינט נישט גע־זונט, און מיר זענען אָרעם און דערשלאָגן, איז עס צוליב דעם וואָס די פעלקער פון דער וועלט זענען מאָראַליש און רעליגיעז אַזוי אומגעזונט.

און אַזוי ווי דאָס יידישע פאָלק איז דאָס האַרץ פון די פעל־קער, אַזוי איז אויך דאָס יידישע לאַנד — ארץ־ישראל — דאָס האַרץ פון די לענדער, און אַזוי איז אויך די יידישע שפּראַך —

לשון הקודש — דאָס האַרץ צווישן די שפּראַכן פון דער וועלט.

אַזוי האָט רבי יהודה הלוי — דער יידישער געלערנטער פון ספר הכוזרי — געגלויבט, און טיף געגלויבט, און אויף אַזאַ אופן האָט ער פאַרטיידיקט דאָס יידנטום אינעם פינצטערן מיטלאַלטער, אין אַ צייט ווען די יידישע אמונה האָט זיך געוואַקלט אונטער די אָנפאַלן פון די גויאישע פילאָזאָפן ווי אויך אונטער די רדיפות פון די אַראַבישע און קריסטלעכע רעליגיעס.

דער כוזרי איז אַ ריזיקע אַרבעט, און זי האָט דעם ייד צוריקגעגעבן דעם נאַציאָנאַלן כבוד, וועלכן די וועלט האָט ביי אים געוואָלט צורויבן.

עס וואָלט אונדז געפירט צו ווייט אויב מיר וואָלטן דאָ געוואָלט אַריינגיין אין די פּרטים פון רבי יהודה הלוים אויספירונגען. מיר נעמען אָבער אָן זיינע באַווייזן און מיר גלויבן אויך אַז אונדזער פאָלק איז אַ פאָלק פון עפּעס אַ העכערער קוואַליטעט, און אַזוי איז אויך אונדזער ארץ־ישראל און אונדזער לשון־הקודש. זיי אַלע האָבן עפּעס ספּעציעלס צווישן די פעלקער, לענדער און שפּראַכן פון דער וועלט.

און דאָ קומען מיר צום צענטער פון דעם טיפן יידישן אני מאמין וואָס רבי יהודה הלוי האָט אַרויסגעשטעלט.



ער זאָגט צו דעם קעניג פון די כאַזאַרן, אַז די גלאָררייכסטע תקופה וואָס מיר האָבן אַמאָל געהאַט איז געווען דעמאָלט, ווען אונדזער פאָלק און אונדזער לאַנד און אונדזער שפּראַך זענען געווען פאַראייניקט. דעמאָלט האָט די געטלעכע שכינה אויף אונדז גערוט אין איר ליכטיקסטן גלאַנץ. דעמאָלט האָבן די נביאים אונדז פאַרבונדן מיט אַ געטלעכער אייביקייט. דאָס יידישע פאָלק איז דעמאָלט געשטאַנען אויף דער העכסטער שטופע פון זיין געטלעך־נאַציאָנאַלן לעבן.

היינט אָבער — זאָגט דער יידישער געלערנטער אַרויס מיט אַ געפיל פון אויפריכטיקן צער — זענען מיר אין גלות, און גלות איז די גרעסטע קללה וואָס האָט געקענט קומען אויפן יידישן פאָלק. די שכינה איז פון אונדז אָפּגעטראָטן. דאָס פאָלק אונדזערס איז ווי אַ צעבראָכענע כלי, אומזיכער, און פול מיט ליידן און ביטערע דערפאַרונגען. דער איינציקער וועג ווי אַזוי אויסצו־

היילן אונדזערע וואונדן און צו באַנייען אונדזער גאַנצקייט, איז דער וועג פון צוריקקערן זיך אין דעם הייליקן און אויסדער־ווײלטן ארץ־ישראל.

אויף אַט דעם אני מאמין זאָגט צו אים דער כאַזאַרישער קעניג, מיט אַ טאָן פון אַ שווערן פאַרוואורף —

— אויב ארץ־ישראל איז טאַקע אַזוי הייליק און אַזוי גרויס און אַזוי ווערטפול, טאָ פאַרוואָס שטרעבסטו נישט און פאַרוואָס שטרעבן נישט די יידן צו באַנייען זייער היים אין דעם געטלעכן ארץ־ישראל?

און מיר זעען כמעט ווי דער יידישער געלערנטער לאָזט זײַנע אויגן אַראָפּ פון בושה, און דער איינציקער ענטפער וועלכן ער קאָן געבן איז —

— איך שעם זיך באמת צוליב דעם...

און וואָס שייך די יידן, זאָגט ער, אַז דאָס פאָלק האָט נישט דעם ווילן אַרויסצוגיין פון גלות. עס איז נאָר בלויז מיט די ליפּן וואָס די יידן בעטן אויסגעלייזט צו ווערן פון זייער איצטיקן מצב, אָבער מיט זייער ווערן זענען זיי צוגעבונדן צו זייערע פאַר־מעגנס אין די פרעמדע לענדער. דאָס איז די סיבה וואָס דער גלות דויערט אַזוי לאַנג. און לכל־הפחות וועגן זיך אַליין, זאָגט ער, אַז ער האָט באַשלאָסן צו פאַרלאָזן דעם גלות און גיין קיין ארץ־ישראל.

און אַזוי הויבט זיך אָן דאָס לעצטע — און אויך דאָס שענ־סטע — קאַפּיטל אינעם לעבן פון רבי יהודה הלוי.



ער איז אפשר פופציק יאָר אַלט. ביי אַזאַ עלטער הויבן זיך מענטשן אָן צוריקצוציען פון צופיל אָנשטרענגונגען. אָבער אין רבי יהודה הלוי צעפלאַקערט זיך אַ פייער, און פון דעם פייער האָבן זיך געראַטעוועט פונקען וואָס האָבן געוואַרעמט און באַ־לויכטן די יידישע הערצער פון אומצאָליקע שפּעטערדיקע דורות אונדזערע.

ציון, דאָס לאַנד פון יידישער פרייהייט, דאָס לאַנד פון דוד המלך און פון ישעיהו הנביא און ירמיהו הנביא, דאָס לאַנד פון אונדזערע כהנים און לוויים, דאָס לאַנד פון בית־המקדש — צום

לאַנד פון ציון ווידמעט איצט רבי יהודה הלוי אַלע זיינע כוחות.

ער ווייסט אַז דאָס הייליקע לאַנד איז אין חורבות — און ער־טרויערט. ער זעט ווי די אַמאָליקע בעלי־בתּים זענען פאַרטריבן און פאַרפלאָגט פון די פיינט — און ער קלאָגט און וויינט:

שלמהס פאַרהאַנגען, ווי זיים איר
שוואַרץ געוואָרן מיט די יאָרן —
צווישן טאַטערישע געצעלטן
האָט איר אייער פּראַכט פאַרלוירן.

ס׳האָט אַמאָל געבראַויזט מיט פריידן,
אויף דעם פּלאַץ פון אונדזער טרויער —
וויסט פאַרוויסט האָט אונדז דער שונא,
און צעבראָכן וואַנט און מויער.

*שלמהס פאַרהאַנגען*

רבי יהודה הלוי קאָן די באַדינגונגען וואָס רינגלען אַרום די יידישע ישובים. ער ווייסט, אַז וואו זיי זענען נאָר — ליידן זיי:

גאָטס רעכטע האַנט, די שטאַרקע,
מיין הילף פון איביקע יאָרן —
ווי אַזוי האָסטו היינט מיך פאַרלאָזן
אין טיפן גרוב פון צאָרן!...

מיין קראַפט איז אויסגערינען,
מיין לייב צעפּליקט אין שטיקער,
ווי לאַנג וועסטו מיך האַלטן
אַלס שקלאַף ביים אונטערדריקער!...

*די געטלעכע האַנט*

ווען די צייטן זענען שלעכט, איז עס נאַטירלעך אַז מ׳זאָל האָפן אויף בעסערע צייטן. ווען די ווירקלעכקייט איז פינצטער, איז עס נאַטירלעך אַז מען טראָגט זיך איבער אין אַ ווירקלעכקייט, וועלכע וועט אַמאָל קומען און וועט אויך ליכטיקער זיין. מיט אַנדערע ווערטער הייסט דאָס אַז מען חלומט אויפגעוועקטערהייט. אויך רבי יהודה הלוי חלומט. ער חלומט פון ארץ־ישראל, און ער זינגט:

יצחק ראַפּאַפּאָרט

עס דאַנקט דיר, אָ גאָט, מיין נשמה,
עס לויבט דיך מיין טיפסטער געזאַנג,
מיט איטליכן שטויס פון די כוואַליעס,
מיט איטליכן שטורעם־געדראַנג...

און ווען ס׳פעלט מיר אויס עסן און טרינקען,
דיין נאָמען איז מיין שפייז און געטראַנק...
וואָס אַרן מיך געלט און היזיקות —
עס טוט מיר אויף קיין זאַך נישט באַנג...

ביז כ׳קום אין דיין טויער מיט דאַנקען,
אין טויער פון דיין הייליקער שטאָט,
און ברענג דאָרט אַ האַרץ פול געזאַנגען —
אַ קרבן צו דיר און דיין גענאָד.

**ים־לידער**

*

**און אין אַ געוויסן טאָג ווערן זיינע תלמידים געוואָר, אַז ער וויל אַוועקפאָרן. די נייעס פאַרשפרייט זיך איבערן גאַנצן ישוב. און אַ געפיל פון אומעטיקייט כאַפּט זיי אַרום. וואָס? איז עס מעגלעך אַז דער מענטש, וועלכן זיי האָבן כמעט פאַרגעטערט אַזוי פיל יאָרן, זאָל זיי איצט פאַרלאָזן?! אַ מענטש וואָס האָט געלעבט מיט זיי, געטרויערט זייער טרויער, געזונגען זייער געזאַנג — איז עס מעגלעך אַז זיי זאָלן זיך איצט פאַנאַנדערשיידן?**

**ער קאָן אָבער אַנדערש נישט האַנדלען. ער קאָן נישט צוזען ווי דאָס אַמאָל־אויסדערוויילטע פאָלק זאָל זיך אַזוי לאַנג וואַלגערן צווישן די אומווירדיקע פעלקער פון דער וועלט. און ער האַלט פאַראיבל די יידן וועלכע ווילן זיך נישט רירן פון זייערע ערטער.**

**ווי גוט וואָלט אונדז געווען — זאָגט ער — אויב די יידן, וועלכע זענען אַמאָל געווען אין גלות בבל, וואָלטן זיך געווען דעמאָלט צוריקגעקערט אין זייער אייגן לאַנד אַריין, אַלע אָן אויסנאַם! ווי גוט ווען, אנשטאָט דינען זייערע אייגענע אַמביציעס, זיי וואָלטן געווען אויפגעבויט ארץ־ישראל — דאָס אָרט וואָס גאָט האָט זיך פאַר זיין וואוינונג אויסגעקליבן! זיי, די גולי בבל, זענען באַגאַנגען אַ חטא וואָס מען קאָן נישט מוחל זיין מיט דעם וואָס זיי זענען צוריק געבליבן אין גלות. און ער, יהודה הלוי, וויל דעם זעלבן חטא נישט איבערחזרן.**

ער האָט באַשלאָסן, און קיינעם קאָן אים נישט באַוועגן דעם באַשלוס זיינעם צו ענדערן.

ער דאַרף זיך שיידן מיט זיין איינציקער טאָכטער. איז עס גרינג פאַר אַ פאָטער דאָס צו טאָן, און נאָך פאַר אַזאַ פאָטער וואָס קאָן די באַדייטונג פון ליבע און די באַדייטונג פון אַ היים?! אָבער אויך פון זיין טאָכטער שיידט ער זיך, און אויך פון זיין איינציקן אייניקל און פון זיינע איבערגעגעבענע פריינד און זיינע צאָל־רייכע פאַרערער. און פון זיין שטאָט, און פון זיין געבורטסלאַנד, און פון זיין זוניקער סביבה. פון אַלעם שיידט ער זיך און פאָרט אַוועק דאָרט וואו ער האָפט צו געפינען די העכסטע ליבע און די שענסטע היים.

אומעטום וואו ער קומט באַגריסט מען אים מיטן וואַ־רעמסטן כבוד. און נאָך אַמאָל זאָגט מען אים צו די גרעסטע פאַר־געניגנס, אַז ער זאָל נאָר מיט זיי וועלן בלייבן, אָבער אַלץ וואַרפט ער אָפּ און ענטפערט:

מיין האַרץ איז אין מזרח,
און איך בין אין מערב געפאַנגען —
ווי זאָל מיר ליב זיין דאָס לעבן,
ווען זיס איז אין ביטער געגאַנגען...

ווי טייער עס איז ביי מיר שפאַניע,
איר גליק און איר שמייכל,
נאָך טייערער איז ביי מיר
דער שטויב פון דעם חרובן היכל.

**צום ליכטיקן מזרח**

ער נעמט אַ שיף, און מיר באַגלייטן אים אויפן ים. מיר זעען דעם שטורעם וואָס ברעכט אויס, און די שיף ווערט כמעט צעשמעטערט. די מאַטראָזן זענען מאַכטלאָז, און די רייזנדע זענען פאַרצווייפלט. אָבער נישט דער טרוימער פון ציון. און אויך ווען —

עס פליען צעריסן די זעגלען,
און עס ברעכן און קראַכן די ביימער,
דער ווינט יאָגט און שטופּט מיט די כוואַליעס,
וואָס קאָכן און זידן און שוימען —

אויך דאָן האָט ער גאָר איין תפילה, און ער בעט:

טראָג שנעלער זיך, שיף מיינע,
באַגריס די מדינה —
וואו ס'הויערט און שוועבט נאָך
די געטלעכע שכינה.

ים־לידער

דאָן, נאָך לאַנגע וואַלגערנישן, זעען מיר אים אין מצרים. וואו די רייכע נגידים ווילן אים פאַרהאַלטן. אויך דאָרט, אין מצרים — זאָגן זיי — האָבן גרויסע און טיף־פילבאָרע יידן געלעבט, און אויך דאָרט האָט די שכינה גערעדט מיט משה רבינו...

קיינער קאָן אים אָבער נישט אָפּווענדן פון זיין וועג. ער דערנענטערט זיך צו זיין העכסטן ציל. ער קומט אָן אינעם הייליקן לאַנד אריין, און אָטעמט אָפּ מיט דער לופט פון די פאַר־הייליקטע מקומות.

*

ווי לאַנג ער איז דאָרט פאַרבליבן, ווייסן מיר נישט. עס איז אויך אַ ספק צי ער האָט געקענט האָבן גרויס נחת ווען ער האָט זיך צוגעזען ווי דאָס לאַנד ווערט פאַרשוועכט פון די נייע בעלי־בתים, די אייניקלעך פון אדום און ישמעאל...

און דער טאָג קומט — דערציילט די מסורה — און ער דער־גרייכט די טרעפּ וואָס פירן צו די סאַמע הייליקסטע פּלעצער. דאָרט — דערמאָנט ער זיך — האָט אַמאָל געשפּרייזט די משפּחה פון זיין יוגנט־פריינד ווען אירע מיטגלידער האָבן געוועבט פּרוכתן פאַרן בית־המקדש. איצט אָבער איז אַלץ חרוב. און רבי יהודה הלוי לייגט זיך אַוועק אויף דער ערד, און, מיטן פּנים געווענדט צום אָרט וואו דאָס בית־המקדש איז אַמאָל געשטאַנען, זינגט ער דאָס ליד, ציון הלא תשאלי לשלום אסיריך.

זיין עקסטאַז האָט קיין גרענעץ נישט, און ער זאָגט:

אַך, ציון פּראַכטיקע, פול חן און ליבשאַפט,
וואו דיינע קינדערס הערצער זענען צוגעבונדן,
וואָס פרייען זיך מיט דיין נאָמען און ווייטיקן
פון חורבן דיינעם, און באַוויינען דיינע וואונדן...

ציון

נאָך מיט יאָרן צוריק, ווען ער איז נאָך געווען צווישן זיינע פריינד און פאָרערער אין טאָלעדאָ און אין קאָרדאָווע, האָט ר' יהודה הלוי געווידמעט אַ גאַנצן ציקל פּאָעמעס צו זיין געליבטער, די מוטער ציון. אַזוי ווי דער נביא פון פאַרצייטנס איז געווען באַצויבערט פונעם געדאַנק וועגן דעם הייליקן לאַנד, אַזוי האָט אויך רבי יהודה הלוי געפילט זיך ווי פאַרכישופט פון ציון. אַזוי זאָגט ער:

נאָר חלום איך פון דיין דערליזונג ווידער —
ווער איך אַ האַרפע פאַר דיינע לידער.

אומפאַרגעסבאַר זענען זיינע ווערטער ווען ער זאָגט:

נישט זון און נישט לבנה און נישט שטערן —
נאָר גאָט אַליין האָט דיך מיט הימלישע ליכט באַגאָסן...

דאָס הייליקע לאַנד איז אַ מוטער צו אים — אַ מוטער פון וועלכער דאָס בני־בית איז צוליב אומפאַרמיידלעכע סיבות פאַר־טריבן געוואָרן אין די וויטסטע ווייטענישן, און דאָך האָבן זיי איר נישט פאַרגעסן, נישט אין מוח און נישט אין האַרצן. דעריבער — זאָגט דער דיכטער —

באַדאַרפסט זיך פרעגן אויף דיינע קינדער,
ווי זיי, צעזייטע און צעשפּרייטע, פרעגן.
פון מזרח און מערב, פון צפון און דרום — נעם דעם גרוס
פון נאָענט און ווייט, פון אַלע וואַנדער־וועגן.

געוויס איז רבי יהודה הלוי באַהאַונט מיטן טרויעריקן מצב, אין וועלכן ציון געפינט זיך:

דו, קעניגס הויז, דו, שטול פון גאָט — ווי האָבן קנעכט
אויף טראָנען פון דיינע פרינצן ברייט זיך צעשטעקט...
דערמאָן איך שומרון — טרינק איך זאַט דיין צאָרן,
דערמאָן איך ירושלים — טו איך דיינע הייזען שלינגען...

נאָר טאַקע אַן אמתער פאַרליבטער קאָן אַזוי צערטלעך רעדן וועגן זיין געליבטער. ווען מיר לייענען רבי יהודה הלוים ציונים — ווי מיר טוען דאָס אין די קינות יעדן תשעה־באב אין דער פרי — פילן מיר אַז דאָס איז די נשמה וואָס רעדט פון אים אַרויס. צוזאַמען מיט אים הויבן מיר אויך אָן צו בענקען נאָך אונדזער מוטער־ציון, און אונדזער בענקעניש איז אומבאַגרייפלעך טיף

**אין אונדזערע הערצער. מיר פילן אַז מיר זענען דאָס די וואָס ווילן גיין קיין חברון און אויסוויינען זיך ביי די קברים פון אונ־דזערע הייליקע אבות. מיר זענען דאָס די וואָס ווילן דעם הייליקן באָדן מיט אונדזערע אָרעמס ארומנעמען, אַוועקלייגן זיך אויף זיינע שטיינער און זיין שטויב מיט ליבע באַדעקן. מיר זענען דאָס די וואָס ווילן זען דעם** הר־העברים, **דעם** הור־ההר, **דעם באַרג־אויף־באַרג.**

וואו עס רוען דאָרט נאָך פון קיינעם נישט געפונען
דיינע צווײ לויכטנדיקע לערער, דיינע גרויסע זונען...

**מיר זענען דאָס די וואָס פילן, אַז מיר זענען מיט רבי יהודה הלוי גרייט —**

נאַקעט און באָרוועס אויף ציונס חורבות צו שפּאַנען,
וואו ס׳זענען דיינע פּאַלאַצן אַזוי שטאָלץ אַמאָל געשטאַנען...

**אָבער דער מצב איז טרויעריק ביז גאָר. די ווילדע הינט האָבן בייגעקומען די לייבן, און זייערע קערפּער שלעפּן זיי אויפן מיסט אַרום. ווי לאַנג נאָך — פרעגט יהודה הלוי — ווי לאַנג נאָך וועלן אונדזערע יסורים אַזוי דויערן? ווי לאַנג נאָך וועט אונדזער זון זיין באַהאַלטן הינטער די שוואַרצע וואָלקנס? אויך פון אונדזערע ליפּן פאַלן די זעלבע פראַגן, און אַזוי ווי פון זיין האַרץ, אַזוי רייסט זיך אויך פון אונדזער האַרץ אַרויס די ברכה, זאָגנדיק,** אשרי מחכה ויגיע ויראה עלות אורך:

גליקלעך איז דער וואָס וועט דערלעבן זען,
ווען ס׳גייט אויף דיין מאָרגנשטערן...
ווען די כמאַרעס פון דיין עלנט געשווינד פאַרפליען,
און דו באַנייט און יונג וועסט ווידער ווערן.

**ציון**

*

**און אַזוי ווי דער דיכטער ליגט אויף דער ערד, פאַרטיפט אין אַ הימלישער התלהבות, מער מלאך ווי מענטש — דערציילט די מסורה ווייטער — איז אַן אַראַבער פלוצלונג אָנגעקומען, רייטנדיק אויף אַ פערד, און ווען ער האָט געזען ווי אַ ייד ליגט מיט אויסגעשפּרייטע הענט אין תפילה, איז ער אויף אים מער־דעריש אַרויפגעריטן...**

רבי יהודה הלוי איז מער נישט אויפגעשטאַנען. די נשמה זיינע האָט ער אויסגעהויכט אונטער דעם אַראַבישן אָנפאַל. דאָס לעבן וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין אַ פרעמד לאַנד, און אונטער פרעמדע הימלען, האָט זיך פאַרענדיקט אין אַן אייגן לאַנד, און אונטער אייגענע הימלען. און אויך ווען רבי יהודה הלוי האָט דאָרט קיין ערדיש גליק נישט געפונען — צו האָבן אַ הייליק לאַנד, מוז מען צוערשט דאָרט הייליקע אַרבעט אַריינלייגן — האָט דאָך זיין גייסט אָפּגעהאַלטן דעם גרעסטן נצחון...



היינט בליקן מיר צוריק אויפן לעבן וואָס האָט געהייסן יהודה הלוי. מיר זענען פון אים דערווייטערט אויף אַ מרחק פון העכער אכט־הונדערט יאָר. דורות זענען אין צווישן געקומען און אַוועקגעגאַנגען. ריזיקע פערזענלעכקייטן זענען געבוירן געוואָרן און האָבן געלויכטן אויף דער בינע פון אונדזער געשיכטע: גאונים, פוסקים, צדיקים, דענקער, פּאָעטן און ליטעראַטן. זיי האָבן אַלע איבערגעלאָזט אַ דויערנדיקן שטעמפּל אויף אונדזער לעבנס־וועג. זיי זענען אַלע אַן אומצערייסבאַרער טייל פון אונדזער פאָלק. אָבער אין פאַרגלייך מיט זיי אַלע איז רבי יהודה הלוי נישט נאָר אַ טייל — נאָר דאָס אמתע האַרץ פונעם פאָלק.

ער איז געווען דער, וועלכער האָט געמאַכט פליסן דאָס רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע בלוט אין די אָדערן פון דעם יידישן מענטש.

זוכסטו אַ גאָט — דעם אמתן באַשעפער און אויסוויילער פון ישראל — קענסטו אים געפינען אין די געדאַנקען פון יהודה הלוי.

זוכסטו אַ האָפענונג פאַר זיך און פאַרן יידישן פאָלק — געפינסטו זי אין די געפילן פון יהודה הלוי.

זוכסטו אַ האַרמאָנישע שלימות פון גוף און נשמה, געפינסטו זי אינעם לעבן פון יהודה הלוי.

אויב מיר האָבן היינט ארץ־ישראל, און מיר האָבן עס דורכן גאַנצן גלות אונדזערן נישט פאַרגעסן, איז עס אויך נישט ווייניק צוליב דעם וואָס אַ יעדן תשעה־באב אין די לעצטע אכט־הונדערט יאָר, ווען מיר האָבן געקלאָגט אויפן חורבן פון ירושלים,

איז אין אונדז אויפגעלעבט געוואָרן דער יידישער פונק, ווען מיר האָבן געלייענט די ציון־לידער פון רבי יהודה הלוי.

און אויב מיר האָבן היינט אונדזער אמונה, און מיר אָנער־קענען זי אַלס די אײדלסטע פון אַלע אמונות, איז עס אויך צוליב דעם וואָס רבי יהודה הלוי האָט אין זיין ספר הכוזרי באַוויזן דעם געטלעכן מקור פון אונדזער תורה, און אַזוי האַרציק און איבער־צייגנדיק פאַרטיידיקט די אײביקע גרויסקייט און גערעכטיקייט פון אונדזער יידישן גלויבן.

*

אינעם יידישן פאָלקלאָר, אַזוי ווי אין אַן אַלטן מדרש, איז דאָ אַ טראַדיציע וואָס דערציילט, אַז ווען דער אויבערשטער האָט באַשאַפן די נשמה פון יהודה הלוי, איז ער געוועזן אַזוי אַנטציקט מיט איר שיינקייט, אַז ער האָט זיך נישט געקענט איינהאַלטן און איר אַ קוש געגעבן. אַן ענלעכע ליבשאַפט לעבט אין אונדז אַלעמען פאַרן גייסט און די צאַרטע נאָבלקייט פון דעם אומ־שטערבלעכן דיכטער אונדזערן.

זיין לעבנס־וועג איז ביי אונדז אַלעמען נאָך אַלץ אַ הייליקער אידעאַל. אין אונדזער צעוואָרפנקייט אין די פיר עקן פון דער וועלט טרוימען מיר נאָך אַלץ וועגן אונדזער אויסלייזונג. און ווען דער חלום וועט מקוים ווערן, און די שכינה וועט זיך צוריק־קערן צום הייליקן לאַנד, און דאָס פאָלק וועט זיך פאַרזאַמלען צו דינען גאָט אין די הויפן פון דעם באַנייטן בית־המקדש, דעמאָלט — זענען מיר זיכער — וועלן די לוויים זינגען אויך די לידער פון יהודה הלוי.

דאָס וועט זיין דער אײביקער מאָנומענט צו איינעם פון אונדזערע גרעסטע דענקער, און די אײביקע דאַנקבאַרקייט פון ישראל פאַר איינעם פון זיינע ערלעכסטע און נאָבלסטע קינדער.

# אַ גרויסער מנהיג באַזוכט אונדז
# אין אויסטראַליע

**צום אָנקומען פון הרב הכולל ר׳ ישראל בראָדי שליט״א**

## אַ גרויסער מנהיג באַזוכט אונדז אין אויסטראַליע

צום אָנקומען פון הרב הכולל ר׳ ישראל בראָדי שליט״א*)

ווען די דאָזיקע שורות וועלן אין אַ פּאָר טעג אַרום דער־שיינען אין דרוק, וועט אין אויסטראַליע שוין האָבן אָנגעקומען איינער פון די גרעסטע און אָנגעזעענסטע יידישע מנהיגים אין אונדזער דור. דאָס איז דער באַרימטער הרב הכולל פון דער בריטישער אימפּעריע, הרב ד״ר ישראל בראָדי שליט״א, אָדער ווי מען רופט אים לויט זיין ענגלישן טיטול — דער טשיף ראַביי.

אגב, הרב בראָדי קומט אין דער באַגלייטונג פון זיין פרוי, הרבנית פאַני בראָדי תחי׳, און מיר זענען שטאָלץ צו וויסן אַז אויך די רביצן איז, אין אירע אייגענע רעכט, אַ באַגאַבטע, באַ־קאַנטע און איבערגעגעבענע עסקנית אין אַ סך וויכטיקע יידישע ענינים.

אין איצטיקן מאָמענט געפינט זיך שוין דער הרב הכולל אין דער שטאָט פּערט אין מערב אויסטראַליע, וואו ער פירט אויס פאַרשידענע אַנגאַזשירונגען אין צוזאַמענהאַנג מיט זיין אָפיציעלן באַזוך ביי דער דאָרטיקער יידישער קהילה. אין די נאָענטסטע פּאָר וואָכן און חדשים וועט ער ממשיך זיין דעם אָפיציעלן באַזוך זיינעם — דעם אַזוי גערופענעם פּאַסטאָראַל טור פון דעם הויפּט־גייסטלעכן פונעם בריטישן יידנטום — און ער וועט פאָרן פון קהילה צו קהילה, ביז ער וועט האָבן באַזוכט

*) די דאָזיקע אָפּהאַנדלונג — אין אַ קורצערער פאָרם — איז געווען געדרוקט אין אַ היגער צייטונג דעם 19־טן יאַנואַר 1962, צום באַזוך פון הרב ישראל בראָדי שליט״א אין אויסטראַ־ליע.

**אַלע יידישע ישובים אויפֿן אויסטראַלישן קאָנטינענט ווי אויך אין ניי־זעלאַנד.**

**לאָמיר באַלד פֿון אָנהויב פֿעסטשטעלן אַז מיר, יידן אין מעלבורן, קוקן אַרויס מיט גרויס בענקשאַפֿט און אומגעדולד אויפֿן טאָג ווען** דער טשיף ראַבײַ **וועט צו אונדז דאָ אָנקומען. שוין איצט שפּירט זיך אין דער לופֿט, אַזוי צו זאָגן, אַ גייסטיקע דערהויבונג צוליב דעם באַזוך, און מיר ווייסן אַז דער קבלת־פּנים פֿאַר הרב בראָדי און זיין פֿרוי וועט זיין פֿול מיט אינער־לעכער פֿרייד און האַרציק־וואַרעמע ברכות.**

קומט דאָך צו אונדז אַ העכסט־באַליבטער מענטש, אַ ווירדיקער פֿאָרשטייער פֿונעם היינטיקן יידישן דור, אַ **גרויסער תּלמיד־חכם און געלערנטער, אַן אמתער אוהב ישראל, אַ שטילער אָבער אַנטשלאָסענער קעמפֿער פֿאַר די אויטענטישע הייליקייטן פֿון דער גע**טלעכער יידישער אמונה — אַזאַ איינער וועלכער ברענגט מיט זיך שטאָלץ און שטאַרקייט פֿאַרן יידישן פֿאָלק וואו נאָר ער טרעט אויף אין נאָמען פֿון זיין חשובן אַמט, צי דאָס איז **אין ענגלאַנד, צי אין עפּעס אַן אַנדער לאַנד פֿון דער בריטישער** אימפּעריע, צי בכלל אין איינעם פֿון די לענדער פֿון דער וועלט, **אָדער גאָר אויך אין ארץ־ישראל.**

**אַזאַ גאַסט ברענגט מיט זיך אַ געפֿיל פֿון אויפֿלעבונג פֿאַרן יידישן האַרץ, און מיר דאָ וועלן — איך בין זיכער — וויסן ווי אַזוי געהעריק אָפּצושאַצן דעם ווערט פֿון דעם פֿאָרקומענדיקן באַזוך.*)**



*) ווי דער לייענער וועט באַמערקן, שרייב איך דאָ וועגן דעם טשיף **ראַבײַ** אין צוויי באַזונדערע אָפּהאַנדלונגען. בשעת די צווייטע אָפּהאַנדלונג איז אין גאַנצן אַ נייע און איך האָב זי ערשט לעצטנס אָנגעשריבן, איז אָט די ערשטע אָפּהאַנדלונג אין אַ היפּשער מאָס באַזירט אויף אַן אַרטיקל וואָס איך האָב פֿאַרעפֿנטלעכט אין דער היגער יידישער פּרעסע דעם 19־טן יאַנואַר 1962. זינט דעמאָלט האָב איך דעם אַרטיקל אויסגע־ברייטערט, און אין זיין איצטיקער פֿאָרם האָב איך אים באַ־שלאָסן אַריינצונעמען אין **מיין שטאַרקייט און מיין געזאַנג** צוליב צוויי טעמים לכל הפּחות.

**לאָמיר זיך אָבער אויך אַ מאָמענט אָפּשטעלן אויפן אָמט פון דעם** טשיף ראַביי **און באַקענען זיך מיט עטלעכע שטריכן, וועלכע ברענגען אים אין שייכות מיטן יידישן ישוב דאָ אין מעלבורן.**

**דאָס פּערמאַנענטע ביוראָ פון הרב בראָדי געפינט זיך אין לאָנדאָן — הויפּט־שטאָט פון גרויס־בריטאַניע — און פון דאָרט**

---

ראשית, אַלס אַ מעמענטאָ פון אַ גאָר באַדייטנדיקער געשעעניש וואָס איז פאָרגעקומען אין אונדזער יידישן ישוב דאָ אינעם ווייט־פאַרוואָרפענעם אויסטראַליע.

מיר דערמאָנען זיך, אַז ווען הרב בראָדי איז דאָ געווען מיט אַ דריי יאָר צוריק האָבן מיר אומעטום געפילט אַז עס הערשט ביי אונדז עפּעס אַן אויסערגעוויינלעכע יום־טובדיקייט. אַ זיסע היימישקייט האָט דעמאָלט געשוועבט איבער דער יידישער גאַס — אַ היימישקייט וועלכע פעלט אונדז דאָ אויס, ווייל בדרך כלל זענען מיר אינעם דאָזיקן לאַנד זייער איזאָלירט. מיר זענען ווייט פון אונדזערע יידישע צענטערס און אָפּגעריסן פון די פולסירנדיקע יידישע שטראָמען אין אַנדערע טיילן פון דער וועלט. און מיר דערמאָנען זיך אַז מיט זיין באַזוך אין יענער צייט האָט הרב בראָדי אונדז פאַראייניקט גייסטיק און עמאָציאָנעל מיט אונדזער פאָלק אין אַנדערע לענדער.

ער האָט אונדז יידישלעך אויפגעפרישט, **אַזוי צו זאָגן, און** ביי אונדז דערוועקט אַ גרויסע בענקעניש פאַר **יידישער אחדות.** און היינט פילן מיר זיך פיל רייכער **טאָקע צוליב די זכרונות פון יענע טעג.**

און דער צווייטער טעם פאַרוואָס איך נעם די **דאָזיקע אָפּהאַנדלונג דאָ אַריין איז ווייל זי וועט העלפן** דעם לייענער בעסער **צו פאַרשטיין די אַנטוויקלונגען וואָס האָבן זיך אין די לעצטע** דריי יאָר אָפּגעשפּילט אויף דער יידישער בינע אין ענגלאַנד. פון יידישן שטאַנדפּונקט אויס זענען די אַנטוויקלונגען געווען הערצרייסנד־טראַגיש — און דער שפּיל איז, לײדער, נאָך ווייט נישט פאַרענדיקט.

אין דעם אַרטיקל פון 1962 האָב איך דערמאָנט אַז **הרב בראָדי איז נישט פּטור פון די קאָפּ־ווייטאָגן וואָס אַ קהילה איז געוויינלעך גורם צו איר מנהיג רוחני.** מיט אָט די ווערטער

פירט ער אָן מיט זיין טעטיקייט אַלס הויפּט־רב פון אַן ערך זעכציק אָדער זיבעציק שולן, וואָס זענען אַלע פּראַקטיש איינס אין אַן אָרגאַניזאַציע אונטערן נאָמען יונייטעד סינאַגאָג.

פאַר זיי אַלע — דאָס הייסט פאַר די העכער פופציק טויזנט יידן קיין־עין־הרע וואָס זענען דירעקטע מיטגלידער פון די פאַר־שידענע בתי־כנסיות פון דער יונייטעד סינאַגאָג — איז הרב

---

האָב איך געוואָלט אָנווייזן אויף געוויסע זאַמען פון מחלוקת וועלכע זענען דעמאָלט פאַרזייט געוואָרן אין לאָנדאָן, טאַקע אין צוזאַמענהאַנג מיט דער העכסט־לאָיאַלער שטעלונג פון הרב בראָדי אין ענינים פון דער יידישער אמונה. מענטשן — וועלכע זענען אינערלעך געטריבן צו אַסימילאַציע — האָבן אָנגעהויבן אַן אָפענע קעגנערשאַפט צו זייער גייסטיקן פירער. היינט — דריי יאָר שפּעטער — זעען מיר ווי ליידער האָבן זיך די דאָזיקע זאָמען זינט דעמאָלט צעוואַקסן און אויסגעטראָגן אַ סך אומ־געוואונטשענע פרוכטן — פרוכטן פון נישט־שלום און פרוכטן פון נישט־אחדות און פרוכטן פון נישט־אמונה צווישן ברייטע שיכטן פון ענגלישן יידנטום.

וועגן דעם אַלעם שרייב איך אין דער צווייטער אָפּהאַנדלונג און כ׳קלער אויף די סיבות פון דער קריגעריי און די פּראָבלעמען וואָס זענען דערמיט פאַרבונדן. אין דער זעלבער צייט זאָג איך אַרויס אַ מיינונג, וואָס ווייזט אָן אויף אונדזער טיפער באַאומ־רואיקונג צוליב די אַנטוויקלונגען אין ענגלאַנד און איך דריק אויס אַ פּאָר ווערטער וועגן אונדזער אייגענער שטעלונג אין דער אָנגעלעגנהייט.

איך גלויב אַז דער גאַנצער ענין דאַרף זיין פון דער העכס־טער וויכטיקייט אויך פאַרן לייענער דאָ אינעם ווייטן אויסטראַ־ליע, ווייל אַ סך פון אונדזער געזונטער יידישער צוקונפט הענגט ממש אָפּ פון דעם ווי אַזוי דער סוף פון דער מחלוקת וועט אויספאַלן.

וועט דער הרב הכולל דאָ זיגן — אין נאָמען פון דער ריינער אורטימלעכער יידישער אמונה — אָדער וועט זיגן די גרופּע אַסימילאַטאָרן וואָס אַטאַקירן די אמתדיקייט פון דער יידישער אמונה און פּראָקלאַמירן אַן אָפּלייקענונג פון דער געטלעכקייט פון אונדזער תורה?...

בראָדי דער הויפּט־מנהיג רוחני, און אַלס רעליגיעזע אינסטיטור־ציעס פירן זיך די אַלע שולן — אָדער זיי דאַרפן זיך פירן — לויט די אָנווייזונגען פון אָט דעם מנהיג זייערן.

אויב אָבער הרב בראָדי איז דער אָפיציעלער הויפּט־רב פון דער יונייטעד סינאַגאָג, קוקט דאָך דער גאַנצער יידישער ישוב אין ענגלאַנד אויף אים אַלס זייער העכסטע גייסטלעכע אינסטאַנץ, און אַלע יידיש־רעליגיעזע ענינים זענען קאָנצענט־רירט אין זיינע הענט.

ווייטער, דער טשיף ראַביי איז אָפיציעל אָנערקענט דורך דער ענגלישער רעגירונג אַלס דער הויפּט־רעליגיעזער פאָר־שטייער פון דער ענגליש־יידישער קהילה, און וואָס עפּעס אַ פּראָבלעם שווימט אויף און איז נוגע אונדזערע אינטערעסן, שטייט דער הרב הכולל אין ענגן קאָנטאַקט מיט דער רעגירונג און אונטערהאַנדלט מיט איר לטובת דער יידישער קהילה.

איינער אַזאַ פּראָבלעם איז אין צוזאַמענהאַנג מיט שחיטה. ווי באַקאַנט זענען צווישן די גויים פאַראַן די אַזוי־גערופענע צער־בעלי־חיימניקעס, וואָס קענען כמעט נישט שלאָפן, ווייל די יידן האָבן די דערלויבעניש צו שעכטן זייערע בהמות — און דאַרפן זיי נישט אָוועקהרגענען, אַזוי ווי די נישט־יידן טוען דאָס.

— היתכן... — טענהן זיי — די יידן זענען דאָך אַזוי אכזריותדיק ווען זיי לייגן אַוועק אַ בהמה אויף דער ערד און שעכטן זי מיט אַ חלף. די בהמה האָט שמערצן פון אַזאַ מין שעכטן, אַזוי אַז מען דאַרף זיין צו איר מער הומאַניטאַריש. דעריבער זאָל מען די יידן נישט דערלויבן צו באַנוצן זיך מיט שחיטה, און אויב זיי ווילן דווקא יאָ עסן כשר־געשאָכטן פלייש, טאָ זאָלן זיי צוערשט שיסן די בהמה אויף האַלב־טויט — אָדער צוערשט עלעקטריש פאַרטויבן — און דערנאָך ערשט שעכטן.

*

אין דעם צוזאַמענהאַנג דערמאָנען מיר זיך אַז אין נאַצי־דייטשלאַנד האָט מען פאַר דער מלחמה פאַרבאָטן די יידישע שחיטה, ווייל דער שחיטה־מעטאָד איז מכלומרשט געווען צו אכזריותדיק אין די אויגן פון די נאַצישע דייטשן. אַבי מען זאָגט, אַז די נאַציס ימח שמם וזכרם האָבן אין זיך נישט געהאַט קיין ניצוץ פון דערבאַרעמקייט...

אַזוי האָבן אויך די ענדעקעס אין פאַר־מלחמהדיקן פּוילן געוואָלט דורכפירן אַ געזעץ, לויט וועלכן שחיטה זאָל זיין פאַר־באָטן. ווייזט אויס, אַז אויך די ענדעציע האָט געקעמפט פאַר די הומאַניטאַרישע רעכט פון דער בהמה. איר הערט? זיי — די גויאישע צער־בעלי־חיימניקעס — שרייען אַז מען דאַרף האָבן רחמנות אויף אַ בהמה און נישט צולאָזן אַז מען זאָל זי שעכטן מיט אַ חלף, אָבער אין זייערע ווילדע רשעותן האָבן זיך די אַנטיסעמיטן קיינמאָל נישט צוריקגעהאַלטן פון דורכפירן די גרויזאַמסטע שחיטות אויפן יידישן פאָלק!

אָבער אַזוי איז עס שוין — עס איז אַ וועלט פון אומבאַ־גרענעצטער צביעות — און אויך אין ציוויליזירטן ענגלאַנד זענען פאַראַן גרופּעס, וועלכע — אונטערן מאַנטל פון מכלומרשטע הומאַניטאַרישע מאָטיוון — פאָלן אָן אויף דער יידישער שחיטה און פאַרלאַנגען אַז מען זאָל זי אָפּשאַפן אין ענגלאַנד. אַזוי אַז דער הרב הכולל מוז אינטערוועניר‌ן ביי דער רעגירונג און כסדר שטיין אויף דער וואַך און באַשיצן די ספּעציפישע יידישע ענינים.

*

אַן ענלעכער פּראָבלעם פון דער גרעסטער וויכטיקייט איז לעצטנס אויפגעשוואומען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אַזוי־גערו־פענער באַוועגונג צו רעפאָרמירן דעם קאַלענדאַר. דער צוועק פון דער דאָזיקער באַוועגונג איז איינצופירן אַזאַ מין קאַלענדאַר וואָס וועט זיין דער זעלבער אין דער גאַנצער וועלט, אָבער לויט וועלכן אונדזער יידישער שבת וועט יעדעס יאָר אויספאַלן אויף אַן אַנדערן וואָכן־טאָג. ער וועט אויספאַלן אויף אַ זונטיק אָדער אַ מאָנטיק אָדער אַ דינסטיק און אַזוי ווייטער און אַזוי ווייטער, אָבער ער וועט מער נישט זיין דער פּערמאַנענטער זיבעטער טאָג פון דער וואָך אַזוי ווי די וועלט האָט אים ביז איצט געקענט.

מילא, פאַר די נישט־יידישע פעלקער איז נישט קיין אונ־טערשיד וועלכן טאָג אין דער וואָך זיי האַלטן פאַר זייער חגא אָדער זייער רו־טאָג. אָבער פאַרן ייד — דער ייד האָט זיך דאָך די קדושת־שבת אַליין נישט געשאַפן. דער דאָזיקער הייליקער טאָג איז אים געגעבן געוואָרן אין דער תורה, און אויב די וועלט וועט אָננעמען דעם סיסטעם פון אַן אומפּערמאַנענטן שבת —

שטעלט זיך פֿאַר וואָס פֿאַר אַ אומגעהויערע שוועריקייטן וועלן פֿון אַזאַ ענדערונג אַריינקומען אין אונדזער יידישן לעבן!

לאָמיר זאָגן אַז שבת וועט אין אַ יאָר אַרום אויספֿאַלן אין אַ מאָנטיק, אָדער אַ דינסטיק, אָדער אַ מיטוואָך, און דער ייד — אַלס אַ רעליגיעזער ייד — וועט וועלן גיין אין שול אַריין, אַזוי ווי מען דאַרף דאָס טאָן אום שבת. קומט אויס אַז דער דאָזיקער ייד וועט מוזן האַלטן זיין געשעפֿט אָדער פֿאַבריק געשלאָסן, ווייל ביי אים איז דאָך דער טאָג זיין הייליקער שבת — בשעת זיינע נישט־יידישע שכנים וועלן האַלטן זייערע געשעפֿטן און פֿאַבריקן אָפֿן, ווייל פֿאַר זיי וועט דאָך דער טאָג זיין אַ פּשוטער מאָנטיק דינסטיק אָדער מיטוואָך.

און אַזוי וועט זיין אַ גאַנץ יאָר — דער ייד וועט נישט אַרבעטן אין דער צייט ווען אַלע אַנדערע וועלן יאָ אַרבעטן, און אַזאַ מצב וועט דאָך אים גורם זיין אַ גרויסן מאַטעריעלן פֿאַר־לוסט. און אויב ער וועט אַזאַ פֿאַרלוסט נישט קענען אויס־טראָגן, וועט ער מוזן צעברעכן זיין הייליקן שבת און צום סוף וועט דאָס דערפֿירן צו אַן אַלגעמיינעם צוזאַמענברוך ביי אונדזער יידישן פֿאָלק.

אַזוי פֿאַרלייגט זיך שוין דער שטן. אויב מיר האָבן נישט גענוג צו זינגען און צו זאָגן צוליב אַלע אַנדערע פֿאָרמען פֿון דער אויפֿפּרעסנדיקער אַסימילאַציע אַרום אונדז, וויל מען ביי אונדז איצט אויך צורויבן דאָס לעצטע ביסעלע הייליקייט וואָס מיר האָבן נאָך אָפּגעראַטעוועט — די הייליקייט פֿונעם שבת.

און נאָך אַמאָל איז עס די אויפֿגאַבע פֿון דעם ענגלישן הרב הכולל אַרויסצוטרעטן אַלס פֿאַרטיידיקער פֿון דעם ביז־איצט אָנ־גענומענעם קאַלענדאַר, און אונטערצונעמען פֿאַרשידענע איינ־טערווענצן ביי דער ענגלישער רעגירונג ווי אויך ביי די איינ־סטאַנצן פֿון די פֿאַראייניקטע פֿעלקער, און צו נישט־צו־מאַכן די אָנשטרענגונגען פֿון דער דערמאָנטער באַוועגונג צו רעפֿאָרמירן דעם קאַלענדאַר.

*

פֿאַרשטייט זיך, אַז די סאַמע עיקרדיקסטע אַרבעט פֿונעם הרב הכולל איז אויפֿן געביט פֿון רעליגיעזן לעבן פֿון דעם ענגלישן יידנטום. דער הרב הכולל איז דער אָפּהיטער ביי וועמען אין די הענט עס ליגן אָנפֿאַרטרויט די לוחות פֿון דער

יידישער אמונה. ער איז דאָס דער מענטש צו וועמען דאָס פאָלק ווענדט זיך און פאַרלאַנגט פון אים גייסטיקע פירערשאַפט — לויט די אָנווייזונגען פון דער תורה אונדזערער.

אין דעם צוזאַמענהאַנג איז כדאי צו דערמאָנען, אַז צווישן די גרעסטע אחריותן וואָס הרב בראָדי טראָגט אויף זיך איז די שטעלע וואָס ער פאַרנעמט אַלס ראש־אב־בית־דין פון דעם וועלט־באַקאַנטן בית־דין אין לאָנדאָן.

די דיינים וואָס זיצן אין לאָנדאָנער בית־דין זענען אַלע גרויסע למדנים און רבנים. אָבער אַ סך פון זיין רעליגיעזער און גייסטיקער וואָגיקייט ציט דער דאָזיקער בית־דין פון דער הערלעכער, תורה־קענענדיקער און תורה־טרייער פערזענלעכ־קייט פון הרב בראָדי.

אייגנטלעך איז דער לאָנדאָנער בית־דין שוין פון לאַנגע יאָרן אָנערקענט אַלס אַ רעליגיעזער מוסד פון אַ וועלט־פאַרנעם. נאָך פאַר דער לעצטער מלחמה איז ער געווען דער צענטראַלער פונקט צו וועלכן עס האָבן זיך געוואָנדן די ישובים פון מזרח־אייראָפּע, פון ארץ־ישראל, פון אַמעריקע און פון די בריטישע קאָלאָניעס און דאָמיניעס. אַזוי אַרום איז ער געווען נישט נאָר אַ רבנישע אינסטיטוציע פאַר פסקענען שאלות און אַרויסגעבן תשובות אין וויכטיקע הלכה־פראַגן, נאָר ער האָט אויך געשפּילט די ראָל פון אַ רעליגיעזן פאַראייניקונגס־אינסטרומענט צווישן די פאַרשידנסטע ישובים פון אונדזער צעשפּרייטן פאָלק. און אַלס אַזעלכער האָט ער זיך טאַקע אויך געהאַט קונה שם געווען אין אַלע עקן פון דער יידישער וועלט.

אָבער זינט דער לעצטער וועלט־מלחמה האָט זיך די וויכ־טיקייט פונעם לאָנדאָנער בית־דין דערהויבן צו דער העכסטער מדרגה.

עס איז טרויעריק צו דערמאָנען אַז אין דער לעצטער מלחמה זענען רחמנא ליצלן אומגעקומען די גרויסע צענטערס פון אמת־יידישקייט אין אייראָפּע. אין יענער צייט זענען דאָס רוב פון אונדזערע קהילות איינגענומען געוואָרן דורכן שונא, און קיין איינע פון זיי איז נישט געבליבן גאַנץ און אומבאַשעדיקט. פאַרקערט, דער גרעסטער טייל זענען אין גאַנצן פאַרשוואונדן און צוזאַמען מיט זיי זענען אויך אָפּגעמעקט

געוואָרן די באַרימטע ישיבות און מקום־תורהס פון מזרח־ און צענטראַל־אייראָפּע.

און צוזאַמען מיט זיי אַלע — ליידער — זענען אויך פאַר־שוואונדן די וועלט־באַקאַנטע תורה־אויטאָריטעטן און לומדים און ראשי־ישיבות פון אונדזער פאַר־מלחמהדיקן דור. נישטאָ מער דער חפץ־חיים, נישטאָ מער דער לובלינער רב מיט זיין ישיבת חכמי לובלין, נישטאָ מער דער ראָגאַטשאָווער גאון זצ״ל און נישטאָ דער בריסקער גאון זצ״ל און נישטאָ דער דווינסקער גאון זצ״ל, און צענדליקער אַנדערע צדיקים און גאונים, וועלכע זענען געווען די גייסטיקע ליכט פון אונדזערע אויגן און לויט וועמענס וואָרט די אמת־יידישע יידן האָבן זיך געפירט אין זייער לעבן און אין זייער האַפן און אין זייער דינען דעם רבונו־של־עולם.

פון גאַנצן אייראָפּעאישן יידנטום איז די איינציקע קהילה וואָס איז דורכגעקומען די לעצטע מלחמה אומבאַשעדיקט און אומבאַרירט דורכן שונא — געווען טאַקע די קהילה אין ענגלאַנד. זאָל זיין אַ דאַנק און לויב דעם באַשעפער פאַר אָט די הצלה פורתא!



זינט די מלחמה־יאָרן האָט דער יידישער ישוב אין ענגלאַנד זיך פאַרגרעסערט מיט אַ היפּשע צאָל ניי־געקומענע יידן — פליטים פון דעם גרויסן אייראָפּעאישן חורבן, און צווישן אָט די ניי־געקומענע זענען אויך געווען אַזעלכע וואָס האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט אַ סך יידישע אמונה און אַ סך טריישאַפט צו די טראַדיציאָנעלע הייליקייטן פון דער געטלעכער תורה.

מיט דער צייט האָבן די דאָזיקע יידן אָנגעהויבן אויפשטעלן נייע בתי־מדרשים אין די פאַרשידענע ענגלישע שטעט, און נייע שטיבלעך און נייע ישיבות און ישיבהלעך. אַזוי אַרום האָבן די מענטשן פאַריונגערט דאָס יידישע ענגלאַנד און אַריינגעבראַכט אין אים אַ נייעם רוח־חיים.

מיר ווילן דאָ נישט באַהויפּטן אַז דאָס ענגלישע יידנטום האָט זיך אַנטוויקלט צוליב דעם אַלעם אַלס אַ קהילה פון סאַמע צדיקים. ליידער איז עס גאַנץ ווייט פון אַזאַ מצב — אַזוי ווי מיר וועלן באַלד דאָ באַשרייבן און אָנווייזן אויף דעם גייסטיקן קריזיס וועלכער באַדראָט די גאַנצקייט און די רעליגיעזע ער־

לעכקייט פון דעם רוב בנין און רוב מנין פון אונדזער ישוב אין יענעם לאַנד. וואָס עס איז אָבער אמת איז אַז אַ סך פונעם זאַפטיקן און וואַרעמען יידישן לעבן וואָס מיר האָבן געקענט אין דעם פאַר־מלחמהדיקן אייראָפּע האָט זיך אין די לעצטע נאָך־מלחמה־דיקע יאָרן באַוויזן צווישן פאַרשידענע סעקטאָרן אינעם ענגלישן יידנטום — און דער איינפלוס פון אָט די סעקטאָרן איז שטאַרק אָנזעעוודיק.

מען לערנט היינט תורה אין ענגלאַנד, און מען רעדט היינט תורה אין ענגלאַנד. עס זענען היינט פאַראַן אין ענגלאַנד יונגע מענער און פרויען, וועלכע באַזיצן הויכע וועלטלעכע ביל־דונג צוזאַמען מיט אַ סך יידישע קענטעניש — און די אַלע מענטשן לעבן זיך אויס טיף יידיש. די מענער דאַווענען אין טלית־און־תפילין — און דאָס איז ביי זיי פילאָזאָפיש אויסגעע־האַלטן, און די פרויען היטן אָפּ די דינים פון טהרת־המשפחה — און אויך ביי זיי איז דאָס פילאָזאָפיש אויסגעהאַלטן.

אַ נייע און האָפענונגספולע ריכטונג אינעם יידישן שטרעבן איז היינט פאַראַן אין ענגלאַנד. און ווען די צייט וועט קומען און דער געשיכטע־שרייבער וועט אָפּשאַצן די דאָזיקע פּאָזיטיווע דערשיינונג, איז קיין ספק נישטאָ אַז ער וועט מודה זיין אַז אָט די נייע ריכטונג שעפּט אַ סך קראַפט פון דער פירערשאַפט פון דעם לאָנדאָנער בית־דין — פון יענעם בית־דין וועלכער נעמט זיין איניציאַטיוו און אויטאָריטעט פון דעם ראש־אב־בית־דין — הרב בראָדי שליט״א.

אַן ענגליש־געבוירענער, איז הרב בראָדי אַליין הויך־גע־בילדעט אין וועלטלעכע וויסנשאַפטן — ער האָט שטודירט אויף די אוניווערסיטעטן פון לאָנדאָן און אָקספאָרד — און ער איז אויך טיף־באַהאַוונט אין אַלע צווייגן פון אינטעלעקטועלן יהדות. ער איז אַ שפּראַכן־קענער, אַ באַגאַבטער רעדנער און בעל־דרשן; אַז מען הערט אים רעדן ווייסט מען אַז מען האָט אין אים אַ ווירדיקן יידישן פאַרשטייער און אַ דורך־אויס איבערגעגעבענעם גייסטיקן פירער.

דערצו א׳ ז ער אויך בטבע אַ ייד מיט אַן אידעלן כאַראַק־טער און מיט אַן אידעלער התנהגות. ער איז באמת אַ מענטש מיט גרויסע מעלות און מיט די שענסטע יידישע מידות.

*

אַלס טשיף ראַביי איז ער אויפגענומען געוואָרן אינעם יאָר 1948, נאָך דעם ווי ער האָט אין די מלחמה־יאָרן און אויך שפּע־טער געדינט אַלס דער הויפּט־מיליטער־ראַבינער אין דער ענג־לישער אַרמיי. זינט זיין אויפגענומען ווערן צו אָט דעם הויכן און וויכטיקן יידיש־רעליגיעזן אַמט, האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט זיין טעטיקייט און איבערגעבנקייט אויף די פאַרשידנסטע געביטן פון עפנטלעכן יידישן לעבן.

ער איז דער פּרעזידענט פון דעם באַקאַנטן רבנים־סעמינאַר אונטערן נאָמען דזשוס קאָלעדזש אין לאָנדאָן. ער איז ערן־פּרעזידענט פון דער מזרחי־אָרגאַניזאַציע אין ענגלאַנד, און בכלל איז ער פאַרבונדן מיט צענדליקער רעליגיעזע, פילאַנטראָ־פּישע, קולטורעלע, נאַציאָנאַלע און דערציערישע אינסטיטוציעס — אַזוי ווי עס איז דער שטייגער מיט יעדן אמתדיק פעאיקן און איבערגעגעבענעם פירער.

דאָס איז דער מענטש וועלכן מיר באַגריסן היינט לכבוד זיין אָנקום קיין אויסטראַליע — וואו ער וועט באַזוכן אַלע אונ־דזערע קהילות — און אונדזער באַגריסונג פאַר אים און פאַר זיין פרוי איז אַזויפיל טיפער און וואַרעמער, וויל מיר ווייסן אַז אַריבערצוקומען פון לאָנדאָן קיין אויסטראַליע איז בכלל נישט קיין לייכטע אונטערנעמונג. די רייזע איז אַ שווערע, און צו באַזוכן די פאַרשידענע ישובים אונדזערע — וועלכע זענען צע־וואָרפן אויף מרחקים פון אַ סך הונדערטער און הונדערטער מיילן — איז נאָך פיל שווערער.

אָבער מיר ווייסן אויך, אַז ער טוט זיין אַרבעט מיט ליב־שאַפט און מיט אמתער מסירת־נפש. און אַז אַ מענטש טוט זיין מלאכה מיט אַזעלכע מידות, ווערן אַלע שוועריקייטן אַ סך לייכטער.

שה פזורה ישראל. דאָס יידישע פאָלק איז ווי אַ צעוואָר־פענע סטאַדע, און ער — הרב בראָדי — וויל אונדז צוזאַמענ־נעמען. מיר הערן אים זאָגן — אַזוי ווי יוסף הצדיק פון פאַר־צייטנס האָט געזאָגט — את אחי אנכי מבקש, וואָס הייסט — מיינע ברידער זוך איך.

און ער קומט כדי ביי אונדז צו פאַרמינדערן אונדזער געפיל פון איזאָלירטקייט. ער ברענגט אונדז אַ לעבעדיקן גרוס פון

אַנדערע ברײדערלעכע ישובים אונדזערע, און ער וויל זיי צוריק־פירן אַ לעבעדיקן גרוס פון אונדז דאָ.

אַ יידישן גרוס.

אַ גרוס פון אַזעלכע וואָס זענען פאַרקניפּט מיט הארץ און נשמה מיטן גורל פון דעם פאָלק ישראל — טראָגן אונדזער פאַר־וואָרפנקייט. אַ גרוס פון אַזעלכע וואָס פאַרשטייען אַז אונדזער אָפּגעזונדערטקייט טאָר אונדז נישט אָפּפרעמדן פון אונדזערע יידישע גרופּירונגען און אונדזערע יידישע אוצרות וועלכע גע־פינען זיך אין אַנדערע טיילן פון דער וועלט.



פאַר אונדז דאָ, אין מעלבורן, וועט דער באַזוך האָבן אַ ספּעציעלן אינטערעס.

אַ סך פון אונדז וועלן געדענקען הרב בראָדי נאָך פון זיין ערשטן באַזוך אין אויסטראַליע, אין יאָר 1952, ווען אַ פיר יאָר נאָכן אויפגענומען ווערן אַלס טשיף ראַביי איז ער געקומען אין אונדזער ווייטן וועלט־טייל דאָ אויפצוזוכן אַלע אונדזערע צע־שפּרייטע ישובים, און אין אונדז דעמאָלט אַזויפיל פרישן מוט אין אונדזערע הערצער אַריינגעגאָסן. און די דאָזיקע דעראינע־רונג אַליין איז גענוג אַרויסצורופן אין אונדז אַ באַגער אים נאָך אַמאָל צו טרעפן, צו זען און צו הערן.

גאָר ספּעציעל איז אָבער אונדזער פאַראינטערעסירונג אין דעם טשיף ראַביי צוליב צוויי אַנדערע טעמים.

ערשטנס, ווייל די מעלבורנער קהילה איז אין אַ געוויסן זין קאָנסטיטוציאָנעל פאַרבונדן מיטן אַמט פון דעם בריטישן הרב הכולל. די פאַרבינדונג האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַן ערך הונדערט־און־צוואַנציק יאָר צוריק, ווען די ערשטע יידישע אי־מיגראַנטן זענען דאָ געקומען פון ענגלאַנד און האָבן געגרינדעט די אָפיציעלע יידישע קהילה אין מעלבורן.

אין יענער צייט האָבן די יידן זיך אונטערגעוואָרפן אונטער דער אויטאָריטעט פונעם דעמאָלטיקן הרב הכולל — הרב ר׳ נתן ב״ר מרדכי הכהן אַדלער זצ״ל, דער מחבר פון ספר נתינה לגר — און אין אַלע רעליגיעזע פּראָבלעמען האָבן זיי אָנגענומען דעם פּסק־דין פון לאָנדאָן. דער זעלבער ר׳ נתן ב״ר מרדכי אַדלער איז געווען דער הרב הכולל וועלכער האָט געשאַפן דעם מעלבור־

נער בית־דין מיט אַ הונדערט יאָר צוריק, און די טראַדיציעס פון יענעם בית־דין ווערן אָפּגעהיט ביזן היינטיקן טאָג אויף אַזוי ווייט, אַז אויך היינט ווערן די מיטגלידער פונעם מעלבורנער בית־דין באַשטימט און באַשטעטיקט פונעם רב הכולל אין ענגלאַנד.

צוליב אָט די טראַדיציעס פונעם היגן בית־דין — וועלכער איז אָנערקענט דורך דער היגער באַפעלקערונג אין אַלע ענינים פון דער יידישער אמונה — האָב איך זיך פריער אויסגעדריקט, אַז אין אַ געוויסן זין זענען מיר קאָנסטיטוציאָנעל פאַרבונדן מיטן אַמט פון דעם טשיף ראַביי — און עס איז ביי אונדז אַ מין פריי־ווילעגיע, אַז באַלד וועלן מיר צווישן זיך דאָ האָבן דעם ראש־אב־בית־דין פון גרויס־בריטאַניע, צו וועמען מיר אַליין ווענדן זיך ווען נאָר אונדזער בית־דין נויטיקט זיך אין אַ פּסק־דין פון די העכסטע רעליגיעזע אינסטאַנצן.

און צוויטנס — מיר זענען ספּעציעל פאַראינטערעסירט אינעם באַזוך פון הרב בראַדי, ווייל מיר דערמאָנען זיך מיט אַן אומגעהויער גרויסן געפיל פון גענוגטואונג, אַז די ערשטע צור־גרייטונגען, אַזוי צו זאָגן, פאַרן אַמט פון טשיף ראַביי האָט הרב בראַדי באַקומען טאַקע דאָ אין מעלבורן. דאָס איז געווען אין די יאָרן 1923־1937 ווען ער איז געווען הויפּט־רב פון דער היגער קהילה קדושה שארית ישראל — די אַזוי־גערופענע מעלבורן היברו קאָנגרעגיישאָן אין טוראַק ראָד — און ווען ער איז אין דער זעלבער צייט אויך געווען דער אב־בית־דין פון דעם בית־דין צדק דק״ק מעלבורן והמדינה.

אין אַ געוויסן זין, דעריבער, קומט הרב בראַדי צוריק אויף אַ באַזוך צו זיין ערשטער רבנישער היים, און די יידן פון אונדזער קהילה וועלן אים מקבל־פּנים זיין אַלס איינעם וועלכער האָט דערפילט די גרויסע האָפענונגען וואָס מען האָט אין אים אין יענע יאָרן געהאַט.

מענטשן דאָ דערמאָנען זיך, אַז שוין אין יענע צייטן האָט זיך הרב בראַדי אויסגעצייכנט מיט זיינע פעאיקייטן, און געווען באַקאַנט צוליב זיינע גייסטיקע און רעליגיעזע פּרינציפּן, און שטאַרק געקעמפט פאַר אונדזערע נאַציאָנאַלע שטרעבונגען. שוין דעמאָלט איז ער געווען איינער פון די ערשטע — אָדער אפשר

גאָר דער סאַמע ערשטער — גרינדער פון דער היגער ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע. אין יענע צייטן, מיט אַ פערציק יאָר צוריק, איז דאָס געווען אַ גאָר גרויסע דערגרייכונג. ווייל עס האָט זיך פאַרלאַנגט אַ סך מסירת־נפש ווען מען האָט דאָ גע־וואָלט אויפוועקן אַ ביסל חיבת ציון אין די יידישע הערצער און טאָן עפּעס פאַר דער רעאַליזירונג פון שיבת ציון.

*

דאָס אַלץ געדענקט מען דאָ, און דער נאָמען פון הרב בראָדי ווערט אַרויסגעזאָגט מיט גרויס יראת־הכבוד און איז אַרומגע־רינגלט מיט אַ סך פּערזענלעכער פאַרערונג.

די פאַרערונג אונדזערע פאַר אים נעמט אָן אַ באַזונדערס אינטימען כאַראַקטער, ווייל מיר קענען די שוועריקייטן אויף וועלכע ער טרעפט זיך איצט אָן אין צוזאַמענהאַנג מיט זיין אַרבעט און שטעלונג אַלס הויפּט־רב אין ענגלאַנד. דווקא לעצטנס האָט זיך אין לאָנדאָן געשאַפן אַן אויסערגעוויינלעכע קעגנערשאַפט פון וועלכער ער האָט אַ סך עגמת־נפש — אַ קעגנערשאַפט וואָס האָט אירע וואָרצלען אין אַ באָדן פון אַן אַבסאָלוטן נעגאַטיוויזם צו די פונדאַמענטאַלסטע פּרינציפּן פון דער יידישער אמונה.

טאַקע אָט דער באַליבטער און בעל־מידות־טובותדיקער הרב בראָדי האָט היינט־צו־טאָג אויסצושטיין אַ סך קאָפּ־ווייטאָגן אין זיין אייגענעם ענגלאַנד, און מיר דאָ ווייסן ווי אַזוי מיט אים מיטצופילן, ווייל אין אַ קלענערער אָדער גרעסערער מאָס — און אין איין פאָרם אָדער אַן אַנדערער — האָט יעדער ערלעכער מנהיג רוחני אויסצושטיין ענלעכע קאָפּ־ווייטאָגן אין משך פון זיינע שטרעבונגען. דאָס איז אַזוי אַלע מאָל, אומעטום און אין אַלע קהילות.

האָבן דאָך שוין אונדזערע חכמים אַמאָל געגעבן אַ נייעם — אָבער זייער טרעפלעכן — פשט אויפן פסוק ובני קורח לא מתו. אין יעדן דור — האָבן זיי געזאָגט — זענען פאַראַן פאַרשידענע קורחס וואָס העצן די קהילה קעגן דעם מנהיג הדור — קעגן דעם משה רבינו פונעם דור. און וואָס גרעסער דער משה רבינו — אַלץ פאַרביטערטער און עזותדיקער זענען די קורחס...

מיר ווילן דעריבער ווי אַמוואַרעמסטן באַגריסן אונדזער אָנקומענדיקן גאַסט. פאַר אונדז איז ער איינער פון די דער־הויבנסטע פערזענלעכקייטן פון אונדזער איצטיקער תקופה.

מיר ווייסן אַז די האַרציקסטע יידן — די וואָס זענען באמת שטאָלץ מיט זייער יידישקייט — זענען אויך שטאָלץ מיט אים און מיט זיין פירערשאַפט. און צו אָט די האַרציקע און שטאָלצע יידן וואָלטן מיר זיך אַליין אויך געוואָלט פאַררעכענען.

זאָל זיין קומען דאָ צו אונדז — צוזאַמען מיט הרבנית בראָדי — זיין אַ ברכה פאַר אים ווי אויך פאַר אונדזער גאַנצן ישוב.

זאָל ער ביי אונדז אַ סך נחת — גייסטיקן און יידישן נחת — געפינען, און זאָל ער באַצוועקן אונדז נאָך מער מקרב צו זיין צו אַ געפיל פון אחדות מיט אונדזער פאָלק — וואו נאָר עס געפינט זיך — און אונדז צוזוציען צו די אמתע הייליקייטן פון אונדזער געטלעכן באַשעפער.

In memory of

Mrs. Etka Shemberg ( née Mlynarzewicz)

Wife of Mr. Bernard Shemberg

לזכר

מרת יעטקא בת ר׳ דוד יעקב ע״ה

אשת ר׳ חיים דוב נ״י ב״ר יצחק מאיר

## אַ קאַמף פאַר דער הייליקייט פון אונדזער אמונה

— מיינע ברידער זוך איך —

מיט די דאָזיקע ווערטער האָט יוסף הצדיק אָפּגעענטפערט ווען מען האָט אים געפרעגט וואָס ער בלאָנדזשעט אַזוי ווייט פון זיין פאָטערס הויז.

— מיינע ברידער זוך איך... — האָט ער געזאָגט, אַזוי ווי אָנצוווייזן, אַז אויב מען זוכט די אייגענע ברידער איז כדאי אויף זיך צו נעמען די שווערסטע פּלאָגענישן.

און ווען ער האָט זיינע ברידער נישט געטראָפן דאָרט וואו ער האָט געהאָפט זיי צו טרעפן, האָט ער זיך שטאַרק מצער געווען. האָט ער דאָך געטראָגן צו זיי אַ ברכה פון זייער אַלטן פאָטער, און אויך האָט ער געדאַרפט צוריקברענגען אַ ידיעה אַז אַלץ איז ביי זיי בשלום. און ווען ער האָט זיי אויפן דערוואַרטן אָרט נישט געפונען, איז ער ווייטער געגאַנגען — טראָץ אַלע פּלאָגענישן.

ווייל אַזוי טוט איינער וואָס ווערט געבוירן אונטערן שטערן פונעם יאָך פון אמתער פירערשאַפט. אַזאַ איינער זאָרגט מיט זיין גאַנץ לעבן פאַרן וואויל פון זיינע מיטצייטלער. און אַזוי האָט אויך יוסף הצדיק געטאָן. ער איז געגאַנגען פאָראויס. אַזוי איז געווען זיין מזל, און פון דעם מזל זיינעם האָט ער זיך נישט געקענט באַפרייען.

אַזאַ אינערלעכן צוואַנג האָט אויך משה רבינו פון פאַר־צייטנס געפילט אין זיך. אין דער צייט ווען זיינע מיט־יידן זענען געווען פאַרזונקען אין די שרעקלעכסטע יסורים פון פאַר־קנעכטשאַפט אין מצרים, האָט ער — משה — געהאַט די מעג־

לעכקייט זיך אויסצולעבן אין די שענסטע פּאַלאַצן אין יענע טעג. אָבער ער האָט דאָס נישט געטאָן.

ער איז אַרויסגעגאַנגען צו זיין פאָלק, אַזוי ווי די תורה דערציילט —

און עס איז געווען אין יענע טעג, אַז משה איז אויפגעוואַקסן, איז ער אַרויסגעגאַנגען צו זיינע ברידער —

און אויך זיין גיין האָט זיך כמעט פאַרענדיקט אין אַ טראַגעדיע. אָבער פון זיין גיין האָט ער זיך נישט אָפּגעזאָגט. ווייל ער האָט זיך אידענטיפיצירט מיטן פאָלק זיינעם. ער האָט געליטן מיט זיי, און ער האָט זיך געוואָלט פאַראייניקן מיט זיי אין אַזאַ מין פאַראייניקונג וואָס פירט צו דער סובלימסטער פאַראייניקונג — די פאַראייניקונג מיטן וואָרט פון הקדוש־ברוך־הוא.

אונדזער געשיכטע קאָן אַ לאַנגע גאַלעריע פון אַזעלכע דערהויבענע פּערזענלעכקייטן.

אויך דער וועמען עס איז געווען באַשערט צו ווערן דוד המלך געהערט צו אָט דער דאָזיקער גאַלעריע. ער איז נאָך אַ קליין יינגל ווען זיינע ברידער זענען דערוויטערט פון זייער פאָטערס הויז. זיי זענען אויפן שלאַכט־פעלד, וואו די פלשתים באַליידיקן זייער קעניג שאול און לעסטערן זייער איביקן גאָט. און דער יונגער דוד הערט אַ רוף אַז ער זאָל גיין צו זיינע ברידער — און ער גייט.

און נישט נאָר ער גייט — ער לויפט — ער לויפט אויפן סאַמע פראָנט, און ער שלאָגט די פלשתים, און באַזיגט זיי, און דאָס יידישע פאָלק פאַרערט אים, דער קעמפער און זיגער, זינגענדיק —

שאול האָט געשלאָגן אין זיינע טויזנטער,
און דוד אין זיינע צען טויזנטער.
און דאָך — — —

*

די אַלע דערמאָנטע פירער פון אונדזער פאָלק האָבן דורכגעמאַכט אַן ענלעכע דערפאַרונג. זיי האָבן קיינער קיין האָניק נישט געלעקט אַלס אָנערקענונג פאַר זייער פירערשאַפט.

יוסף איז פאַרקויפט געוואָרן אַלס אַ קנעכט. און טאַקע דורך זיינע אייגענע ברידער. משה רבינו האָט געמוזט אַנטלויפן,

כדי זיינע מיטצייטלער זאָלן אים נישט אויסליפערן אין די הענט פון פרעה. און דוד איז לאַנג פאַרפאָלגט געוואָרן דורך נישט קיין אַנדערע נאָר די יעניקע פאַר וועמען ער האָט זיין איגן לעבן געהאַט געשטעלט אין סכנה.

פאַרוואָס דאָס איז אַזוי געווען — און פאַרוואָס דאָס איז אַזוי אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט נאָך ביזן היינטיקן טאָג — איז איינס פון די אומווירדיקסטע שטריכן אין דער פסי־כאָלאָגיע פונעם מענטש, אַזוי ווי מיר קענען אים. דו קענסט זיך מוסר־נפש זיין פאַר אַנדערע מענטשן וויפיל דו ווילסט נאָר, און אַ סך מאָל וועלן די זעלבע מענטשן שפּעטער קומען און דיך ווערן פאַרשטומען — און אפשר אויך פאַרשטיינען. עס איז איראָניש ביטער. אַז מען זאָגט — מען זאָל דערמיט נישט געפּרווט ווערן...

מיר דערמאָנען דאָס אַלץ אַנטקעגן דעם וואָס הרב ד״ר ישראל בראָדי שליט״א גייט איצט דורך אַ שווערע פּאַזע אין זיין אַמט אַלס טשיף ראַביי — אַ פּאַזע אין וועלכער אַ גרופּע יידן האָבן זיך פאַרמאָסטן דעם נאָמען זיינעם צו באַשמוצן און זיין לעבן צו פאַרביטערן און די אַרבעט זיינע ווייטער כמעט אומ־מעגלעך צו מאַכן.

ער — הרב בראָדי — וועגן וועלכן מיר האָבן געשריבן אין דער פריערדיקער אָפּהאַנדלונג — איז דער זעלבער ערלעכער ייד און באַגאַבטער רב וואָס ער איז געווען ווען מען האָט אים מיט זיבעצן יאָר צוריק אויפגענומען אַלס טשיף ראַביי. ער איז דער זעלבער איבערגעגעבענער פירער. דער זעלבער רעליגיע־זער וועגווייזער. דער זעלבער תורה־טרייער מנהיג. דער זעל־בער בכבודיקער פאָרשטייער סיי לגבי דער יידישער וועלט און סיי לגבי דער אויסערלעכער וועלט. און דאָך דאַרף ער היינט מיטמאַכן קריזיס נאָך קריזיס; און — זאָרגט נישט — עס זענען דאָ גענוג עלעמענטן וואָס צעפלאַקערן דאָס פייער פון יעדן קרי־זיס און מיט בייזוויליקע שקרים פּרובירן זיי צו פאַרפירן די עפנטלעכע מיינונג סיי אין דער יידישער וועלט און סיי אין דער אויסערלעכער וועלט.

אַ מענטש דאַרף זיין שטאַרקער פון אייזן אַז ער זאָל אַזעלכע שיקאַנעס לאַנג קענען אויסהאַלטן. און געוויס נויטיקט זיך הרב בראָדי אַז מיר זאָלן אַלע פאַר אים מתפלל זיין. אַז

מיר זאָלן אַלע אַרויסווייזן אונדזער האַרציקסטע אונטערשטי־צונג פֿאַר די גייסטיקע שטעלונג זיינע און זיין מיט אים אינעם קאַמף וואָס ער פֿירט אין נאָמען פֿון דער ריינער יידישער אמונה — אין נאָמען פֿון דער הייליקער געטלעכקייט פֿון אונדזער תורה.

ווייל עס האַנדלט זיך טאַקע אין גאָרנישט נאָר אין אַ פּרווו מצד אַ גרופּע פֿאַרביטערט־אַסימילירטע יידן וואָס ווילן איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל אַרונטעררייסן די הייליקע געטלעכקייט פֿון די חמשה חומשי תורה פֿונעם יידישן פֿאָלק.

*

מיר זענען אַ פֿאָלק מיט אַ רייכער פֿאַרגאַנגענהייט — און מיר זענען שוין דורכגעגאַנגען די פֿאַרשידנסטע דערפֿאַרונגען. מיר האָבן געקענט רייכטום און מיר האָבן געקענט אָרעמקייט. מיר האָבן געהאַט נאַציאָנאַלע אומאָפּהענגיקייט און מיר האָבן שוין געפֿילט די פֿיינלעכסטע גלותן. מיר האָבן מיטגעמאַכט גאָלדענע תקופות פֿון אינטעלעקטועלע דערגרייכונגען און מיר האָבן מיטגעמאַכט צייטן פֿון פֿאַרגרעבטקייט און גייסטיקע שוואַכקייט.

מיר האָבן שוין אַלץ מיטגעמאַכט, און אונדזערס איז באמת אַ רייכע פֿאַרגאַנגענהייט. אָבער זי איז נישט אַלע מאָל געווען גליקלעך און רואיק און געבענטשט, אַזוי ווי מען פֿאַרשטייט אַט די דאָזיקע באַגריפֿן אין זייער פּשוטן זין. זענען מיר דאָך אַ פֿאָלק וואָס האָט זיך אַמאָל אונטערגענומען צו לעבן לויט אַ געוויסער שיטה פֿון גלויבן און פֿון טאָג־טעגלעכע מעשים.

— אַלץ וואָס דער אויבערשטער האָט גערעדט וועלן מיר טאָן און געהאָרכן... — האָבן אונדזערע אבות צוגעזאָגט ווען זיי האָבן מקבל געווען די תורה ביים באַרג סיני.

און צווישן אונדזערע אבות אין יענער צייט איז געשטאַנען דער נאַציאָנאַלער איד פֿון פֿאָלק ישראל פֿון אַלע לענדער און פֿון אַלע צייטן. צי מיר פֿאַרשטייען עס יאָ, צי מיר פֿאַרשטייען עס נישט — אַלע יידישע נשמות — אפֿילו די וואָס זענען נאָך נישט געבוירן געוואָרן — זענען אַמאָל געשטאַנען ביים באַרג סיני, און אַלע צוזאַמען האָבן זיי מיטגעזאָגט און צוגעזאָגט נעשה ונשמע —

— מיר וועלן טאָן און מיר וועלן געהאָרכן...

און אַז מען נעמט זיך אונטער צו טראָגן אַזאַ התחייבות, איז עס נישט לייכט צו זיין גליקלעך און רואיק און געבענטשט. ווייל ווי קאָן איך זיין גליקלעך, ווען איך אַליין וויל טאָן אַזאַ און אַזאַ טאַט און די תורה קומט צו גיין און זאָגט אַז לויטן געטלעכן ווילן טאָר איך אַזאַ און אַזאַ טאַט נישט טאָן. און ווי אַזוי קאָן איך זיין רואיק, ווען איך בין אָפּגעזונדערט פון מיין מיט־מענטש צוליב מיינע פאַרשידענע רעליגיעזע און מאָראַלישע און היס־טאָרישע מצוות — און מיין מיט־מענטש קומט און וויל מיך חס־וחלילה אומברענגען טאַקע צוליב דעם וואָס איך בין אָפּגעזונ־דערט פון אים רעליגיעז און מאָראַליש און היסטאָריש.

און ווי אַזוי קאָן איך זיין געבענטשט, אַז מיין געוויסן פּלאָגט מיך צוליב די שטרויכלונגען אין מיין יידישן לעבן.

יאָ, דער ייד איז אַ באַשעפעניש מיט אַזאַ זאַך ווי אַ גע־וויסן — אַ תורה־אימפּרעגנירט געוויסן — און דאָס געוויסן בייסט אַזוי ווי מיט שטאָלענע ציינער, ווייל איך פאַרשוועך די הייליקייטן פון פאָלק ישראל. פשוטו כמשמעו — די הייליקייטן פון פאָלק ישראל. די שבתים און די ימים־טובים, די מצוות מעשיות און די מצוות שכליות, די חוקים און די משפטים, און באַזונדערס די ליבשאַפט פאַר מיין פאָלק.

און אין אַזעלכע אומשטענדן, ווי אַזוי קאָן איך זיין גליק־לעך און רואיק און געבענטשט אין דעם געוויינלעכן זין פון די דאָזיקע באַגריפן.

אָבער אין דעם העכערן זין פון די דערמאָנטע באַגריפן זענען מיר יאָ גליקלעך און רואיק און געבענטשט. ווייל ווען דער ייד ליידט צוליב זיינע שטרויכלונגען און ער איז באַוואוסט־זיניק אַז זיינע ליידן — די קלענערע און די גרעסערע — זענען פאַרבונדן מיט דער ספּעציעלער באַציאונג אין וועלכער ער שטייט צו זיין געטלעכן באַשעפער — דעמאָלט זענען זיינע ליידן פאַר אים אַ קוואַל פון געבענטשטקייט.

דער ייד ווייסט אַז דורך די זעלבע ליידן ווערט אַ נייער וועג געפּלאַסטערט פאַר אים אַזוי אַז ער זאָל נאָך אַמאָל קענען זיך דערנענטערן צום באַרג סיני. און אַזוי אויפגעפאַסט, פאַר־לאַנגט דער ייד נישט קיין בעסערע ברכה. ווייל צו זיין באַהאַפטן מיטן געטלעכן באַשעפער — דאָס איז גליק אינעם העכסטן און איידלסטן זין פון וואָרט. צו וויסן אַז איך לעב בשלום מיטן

אויבערשטן — דאָס איז די אמתע רו. די אמתע פאַראייניקונג.

אַזוי שוין זינט מתּן־תּורה. און די תורה איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַבסאָלוטע און אומבאַרירבאַרע הייליקייט פון אונדזער פאָלק. אַזוי ווייט, אַז יעדעס אות פון דער תורה איז איבערגעציילט געוואָרן אַז עס זאָל נישט פאַרלוירן גיין. און אויב אַן אות איז אַמאָל אַרויסגעלאָזט געוואָרן פון דער תורה — ווייל דער סופר האָט עס פאַרגעסן אַריינצושרייבן — האָט דאָס פאָלק געזאָגט אַז דאָס גאַנצע ספר איז פּסול.

יאָ, דאָס גאַנצע ספר איז געווען פּסול, אויב אַן אות — איין אות — האָט אין אים געפעלט. און געוויס שוין איז עס געווען פּסול אַז אַ וואָרט האָט אויסגעפעלט אין דעם טעקסט פון דער תורה. און געוויס און געוויס — אויב אַ גאַנצער פּסוק האָט געפעלט.



זאָל מיר דער לייענער מוחל זיין, וואָס איך שטרייך אונטער נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל, אַז אפילו די אותיות פון דער תורה זענען געווען אַבסאָלוט פאַרהייליקט לויט אונדזער אמונה אין דער תורה. איך טו דאָס צוליב אַ ספּעציעלן טעם. — איך טו דאָס ווייל די מחלוקת אין ענגלאַנד היינט־צו־טאָג איז טאַקע אויסגעבראָכן אַרום דעם פּרינציפּ פון דער יידישער אמונה אין דער פאַרהייליקטקייט פון דער גאַנצער תורה אונדזערער.

אַ סך מאָל מאַכט זיך, אַז מען הערט אַ פּאָסטעמפּאָווע ייד וועלכער זאָגט אַז מען זאָל מבטל זיין אַזאַ דין אָדער אַזאַ מנהג אין אונדזער יידישן לעבן.

למשל אַזאַ זאַך ווי דער צווייטער טאָג יום־טוב — דער יום־טוב שני של גלויות. מען זאָגט, אַז היות ווי מיר האָבן שוין היינט אַ יידישע מדינה, איז כדאי אַז אַלע יידן אין דער וועלט זאָלן האַלטן אין און דעם זעלבן טאָג יום־טוב ווי עס טוען דאָס אונדזערע ברידער אין ארץ־ישראל. נו — איז אַזאַ טענה אויך שוין אַ קלאַפּ אין די יסודות פונעם יידישן לעבן אין די גלות־לענדער. אָבער מען קאָן זען אַ שטיקל לאָגיק לכל הפּחות אין אַזאַ טענה, כאָטש מען קאָן זי לייכט אָפּוועגדן.

אָבער די מחלוקת אין ענגלאַנד איז איבערהויפּט פון אַ גאַנץ אַנדערן שניט. אין די לעצטע פּאָר יאָר האָט זיך אין יענעם לאַנד באַוויזן אַ ייד וועלכער לייקנט בפּועל ממש אָפּ די

הייליקע געטלעכקייט פון דער תורה, און אַז דער ייד ווערט אונטערגעשטיצט פון אַ גרופּע יידן וועלכע באַליידיקן און באַ־שמוצן דעם טשיף ראביי טאַקע נישט צוליב עפּעס אַנדערש נאָר צוליב זיין אַנטשלאָסנקייט אָפּצוהיטן דעם פּרינציפּ פון דער פאַרהייליקטקייט פון דער תורה — אָדער ווי דער פּרינציפּ ווערט אָנגערופן אין אונדזער לעבן — תורה מן השמים.

די תורה שטאַמט פון הימל — האָט דער ייד אויסגערופן זינט די טעג פון סיני און מיט די דאָזיקע ווערטער האָט ער געוואָלט זאָגן אַז די גאַנצע תורה איז געגעבן געוואָרן פון רבונו־של־עולם צום יידישן פאָלק — די גאַנצע תורה, מיט אַלע אירע פסוקים און אַלע אירע ווערטער און אַלע אירע אותיות. אַזוי ווי זי איז היינט, אַזוי איז זי געווען פאַרצייטנס, און אַזוי וועט זי אויך פאַרבלייבן ביז צום סוף פון אַלע דורות און אַלע צייטן.

דאָס איז געווען — און איז — יידישע אמונה. און אַט די אמונה האָט דער טשיף ראביי ווייטער געפלאָכטן אין די יאָרן פון זיין וויכטיקן און הויכן אַמט. מיט שטאָלץ האָט ער אירע באַ־לערונגען איינגעפלאַנצט אין די הערצער פון זיינע מיטצייט־לער. האָט ער דאָך געגלויבט אַז תורה מן השמים — אַז אונדזער יידיש לעבן ציט זיין יניקה פון דעם געטלעכן גייסט וועלכער באַלעבט יעדן פּסוק און יעדעס וואָרט און יעדעס אות פון אונ־דזער תורה.

אמת, הרב בראָדי האָט אויך געקענט די חכמות פון אַנדערע פעלקער — ער האָט געקענט די ליטעראַטור און די פילאָזאָפיע און די וויסנשאַפט פון די חכמי אומות העולם. אָבער אין מיטן פון דעם אַלעם האָט ער מיט דער טיפסטער ערלעכקייט גע־גלויבט אין דער אויסדערוויילטקייט פון יידישן פאָלק — אַזוי ווי די תורה דערציילט וועגן דעם — און ער האָט אויך פאַר־לאַנגט אַן אחריות־געפיל ביים היינטיקן דור טאַקע צוליב דעם וואָס מיר זענען אַ געטלעך־אויסדערוויילט פאָלק.

און אַ סך פונעם היינטיקן דור האָבן דאָס באַמערקט און זיי האָבן זיך געפרייט, ווייל זיי האָבן אינעם הרב הכולל געפונען אַ פּערזענלעכקייט וואָס צינדט אָן פון דאָס ניי — אַזוי צו זאָגן — דאָס ליכטל פון יידישער אויפלעבונג.

דווקא אין די יאָרן באַלד נאָך דער וועלט־מלחמה — ווען דאָס יידישע געמיט האָט געטרויערט אויפן חורבן פונעם אייראָ־

פּעאישן יידנטום — דווקא אין די יאָרן ווען עס האָט זיך געדאַכט
אַז דער רבונו־של־עולם האָט אונדז פאַרלאָזט און אַז עס איז
ווייטער נישט כדאי צו בלייבן צוגעבונדן צו דער תורה — דווקא
אין יענע יאָרן האָבן אַ סך באַמערקט אַז אין ענגלאַנד איז אויפ־
געקומען געוואָרן אַלס הויפּט־רב אַ מענטש וועלכער האָלט הויך
די אייביקע אמתן פון דער אַלטער — און דאָך אַלע מאָל נייער —
יידישער אמונה.

און מען האָט זיך געפרייט צו זען, אַז דווקא פון דער אייב־
ציקער יידישער קהילה וואָס איז אַפּגעראַטעוועט געוואָרן אין
אייראָפּע, און געבליבן אומבאַשעדיקט אין דער לעצטער מלחמה,
איז אַרויסגעקומען אַ געטרייער יידישער וועגווייזער — אַזאַ
איינער וואָס האָט זיך אונטערגענומען צוריק אויפצובויען אַ נייעם
יידישן דור — אַ דור געטריי צו זיין הימלישן גורל און צו זיין
געטלעכן נעשה ונשמע.



אין די לאָנדאָנער גאַסן האָט מען אָנגעהויבן באַגעגענען אַ
יידיש פּנים מיט אַ ביסל פריילעכקייט אויסגעגאָסן אויף אים.
אַ סך הערצער זענען אָנגעפילט געוואָרן מיט אַן אָפּטימיסטישער
שטימונג וועגן דער צוקונפט פונעם אמתדיקן יידישן לעבן.

באַזונדערס האָבן צו דעם בייגעטראָגן די ניי־צוגעקומענע
יידן, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון מזרח־אייראָפּע און וועמען
דער טשיף ראַביי האָט ספּעציעל וואַרעם מקרב געווען. און ווען
אַזאַ גאָט־געטרייער ייד האָט נאָך געהאַט אַ יידישע צורה אויך
— מיט אַ באָרד און פּאות — האָט אים הרב בראָדי נאָך מער
צוגעהאָלפן — צוגעהאָלפן אים אויפבויען נייע בתי־מדרשים
און נייע ישיבות.

און דאָס האָט ער געטאָן נישט נאָר אין לאָנדאָן און אין
ענגלאַנד. פון צייט צו צייט האָט ער זיך אַרויסגעלאָזט — אונ־
טער דער לאָזונג פון את אחי אנכי מבקש — אין דער ווייטער
וועלט אַריין און אויפגעזוכט זיינע ברידער אין די ווייט־פאַר־
וואָרפענע לענדער — אַזוי ווי ער האָט דאָס לעצטנס געטאָן אין
אויסטראַליע — און ער האָט זיי דערמוטיקט און זיי איבערגעגעבן
אַ גרוס פון זייער הימלישן פאָטער.

און אַזוי האָט מען באַמערקט אַז דאָס יידישע לעבן האָט

ביסלעכווייז נאָך אַמאָל אָנגעהויבן צו בליען. צו ערשט אין ענגלאַנד — אונטער דער גייסטיקער השפעה פונעם הרב הכולל — און דערנאָך אין דעם אָדער אין יענעם לאַנד אין אייראָפּע און ערגעץ אַנדערש, וואו מען האָט זיך אַראָפּגענומען אַ ביישפּיל פון ענגלאַנד.

עס האָט אויסגעזען, אַז אַ האָפענונגספולע יידישע ליכטי־קייט פונעם קומענדיקן מאָרגן האָט אָנגעהויבן צו פאַרטרייבן די שרעקלעכע אַסימילאַטאָרישע פינצטערקייט פונעם פאַרגאַנ־גענעם נעכטן.

וועט דער לייענער מסתמא זיך איצט וואונדערן און פרעגן:

— אויב דאָס איז דער מצב, איז דאָך אַלץ גוט און וואויל

— טאָ פאַרוואָס באַקלאָגט איר זיך און איר רעדט וועגן אַ קריזיס?

מיר באַקלאָגן זיך ווייל עס איז אַזוי ווי אַ שוואַרצע קאַץ וואָלט געוועזן אַריבערגעלאָפן איבער די גאַס. אָדער אַזוי ווי איינער וואָלט געווען אַן עין־הרע געגעבן דעם גאַנצן ענין פון דעם אויפשטייגנדיקן יידישן גייסט. אָדער גאָר — אַז דער רבונו־של־עולם האָט געוואָלט זיין פאָלק נאָך אַמאָל פאַר אַ נסיון אָוועקשטעלן. און אָנגעהויבן האָט ער דאָס מיט דער קהילה וועלכע איז נישט איינגענומען געוואָרן פונעם שונא אין דער לעצטער וועלט־מלחמה.

עס איז אַזוי ווי ער — דער אויבערשטער — וואָלט געוועזן געזאָגט צום ענגלישן יידנטום —

— איך האָב אייך אָפּגעראַטעוועט אין אָט דעם לאַנד. און איך האָב אייך געגעבן פון אַלעם גוטן — פּאָליטישע גלייכבאַ־רעכטיקונג און עקאָנאָמישע גוט־גייענדיקע באַדינגונגען. איז ווי אַזוי וועט איר איצט האַנדלען לגבי מיר? וועט איר האַלטן מיין תורה, אָדער וועט איר נאָכגיין די וועגן פון אייערע נישט־יידישע שכנים? וועט איר מאַכן אַן אָנשטרענגונג צו בלייבן ביים באַרג סיני, אָדער וועט איר ביסלעכווייז זיך ווייטער אַזוי קוילערן ביז — ביז צום אָפּגרונט פון גייסטיקער דערוויטע־רונג?



ווען איך וואָלט אַט די דאָזיקע אָפּהאַנדלונג געשריבן וועגן אונדזער יידישן לעבן אין אַנדערע לענדער, מיין איך אַז איך וואָלט געוועזן העכסט באַרעכטיקט צו רעדן וועגן אַן ענלעכן נסיון, פאַר וועלכן דער איבערשטער האָט אונדזערע יידן אַוועק־געשטעלט אויך אין יענע לענדער.

און דאָס זעלבע איז אויך נוגע אונדזער ישוב דאָ אין אויס־טראַליע, וואו מיר אַליין געפינען זיך. מיר האָבן דאָ — קיין עין־הרע — אַלץ. וואָלטן מיר געווען פּאַרנונפטיק, וואָלטן מיר לכל־הפּחות אין יעדער פרייער מינוט אָנגעגעבן אַ דאַנק און לויב פאַרן רבונו־של־עולם פאַר דערמעגלעכן אונדז צו געניסן פון אַזאַ ברחבותדיק לעבן.

זענען מיר אָבער אַזוי פאַרנונפטיק? זענען מיר?

אַלענפאַלס, מיר געפינען זיך אויך דאָ פאַר אַ נסיון און מיר מתן זיך וועגן דעם באַוואוסטזיניק מאַכן ווי לאַנג מיר האָבן נאָך צייט. מען וויל וויסן צי וועלן מיר טריי בלייבן צום אויבערשטן — ווען מען האָט איז איבער אונדז אויסגעשטרעקט — אָדער צי וועלן מיר די געטלעכע האַנט פון זיך אַוועקשטופּן — מיט אַזויפיל נאַרישקייט, איינרעדעניש און חוצפּה?

אָבער אין ענגלאַנד איז דער נסיון שוין צוגעקומען צום סאַמע הויכפּונקט. און געשען איז אַט וואָס.

פּלוצלונג האָט זיך דאָרט באַוויזן אַ יידישער געלערנטער וואָס האָט אָנגעהויבן צו באַהויפּטן, אַז די תורה אונדזערע איז דווקא נישט אַזוי הייליק און נישט אַזוי געטלעך ווי דאָס יידישע פאָלק האָט אַלע מאָל געגלויבט.

מיר וועלן דעם דאָזיקן געלערנטן אָנרופן מיט אַ פּסעוודאָ־נים, ווייל מיר ווילן אויסמיידן צו מאַכן אים עגמת־נפש אויב מיר וועלן אים דערמאָנען מיט זיין ריכטיקן נאָמען. מיר האַלטן טאַקע אַז זיינע אַרויסגעזאָגטע מיינונגען זענען גאָר שעדלעך פונעם שטאַנדפּונקט פון אונדזער יידישן לעבן, אָבער מיר זענען עפּיש נישט באַרעכטיקט אים צו פאַרשעמען אין דער עפנטלעכקייט.

מיר וועלן אים דעריבער אָנרופן מיטן פּסעוודאָנים ד״ר פלוני אלמוני, און באַלד צוגעבן אַז עס איז שווער זיך צו דער־מאָנען וועגן אַ פאַל אין אונדזער געשיכטע וואָס זאָל האָבן אַרויס־גערופן ביי אונדז אַזויפיל בייז בלוט און ביטערקייט אַזוי ווי דער איצטיקער פאַל אין ענגלאַנד. און עס טוט זייער וויי, ווייל מיט

**אַט דער דאָזיקער מחלוקת ווערט אונדזער גאַנצער קיום אונטער־געגראָבן, אין אַ צייט ווען מיר זענען אַרומגערינגלט מיט אַזויפיל בלוט־שונאים פון דרויסן...**

*

**ווי שוין באַמערקט פריער, איז די מחלוקת אויסגעבראָכן אַרום דעם פרינציפּ פון אונדזער אמונה אין** תורה מן השמים. **דער לייענער וועט אפשר געדענקען** ווי אַזוי דער רמב״ם זכרונו לברכה **האָט פאַר אונדז אַט דעם פרינציפּ פאָרמולירט און ווי אַזוי מיר חזרן איבער די פאָרמולירונג אין אונדזער דאַווענען יעדן פרימאָרגן. אין די ווערטער פונעם רמב״ם זאָגן מיר —**

אני מאמין באמונה שלמה שכל התורה המצויה עתה בידינו היא הנתונה למשה רבינו עליו השלום.

**דאָס איז דער באַקאַנטער** אַכטער אני מאמין **פון די אַזוי גערופענע** דרייצן עיקרים — **אָדער פרינציפּן — וועלכע דריקן** אויס די קווינטעסענץ פון אונדזער אמונה, און אויף יידיש זאָגן **מיר אַרויס דעם פאָלגנדיקן געדאַנק אין אַט דעם** אַכטן אני מאמין —

איך גלויב מיטן פולן גלויבן אַז די גאַנצע תורה וואָס געפינט זיך איצט אין אונדזערע הענט איז די זעלבע וואָס איז געגעבן געוואָרן צו משה רבינו **עליו** השלום.

**אויב מען וואָלט געקענט אָפּשאַצן די וויכטיקייט פון יעדן איינעם פון די דרייצן עיקרים — און וועלן זאָגן וועלכער פון אַט די דרייצן עיקרים איז דער סאַמע פונדאַמענטאַלסטער — האָבן מיר קיין ספק נישט, אַז די אַלגעמיינע הסכמה וואָלט געווען אַז** דער אַכטער אני מאמין **איז טאַקע דער סאַמע פונדאַמענטאַלס־טער.**

**ווייל לאָמיר זיך פאַרטראַכטן אַזוי אַ ביסל.**

**אויב איך זאָג אַז איך גלויב — אַזוי ווי עס שטייט אין דעם** ערשטן אני מאמין — **אַז דער געטלעכער באַשעפער איז דער וואָס האָט אַלץ באַשאַפן, בין איך נאָך נישט אימשטאַנד אַרויס־צולערנען פון אַט דעם** ערשטן אני מאמין **וועגן אַ סך פון די געדאַנקען, וועלכע ווערן דערמאָנט אין די פאַרבליבענע עיקרים. דאָס זעלבע איז אויך מיטן צווייטן** אני מאמין **און מיטן דריטן** אני מאמין **און אַזוי ווייטער.**

אויב אָבער איך גלויב — אַזוי ווי עס זאָגט זיך אינעם אַכטן אני מאמין — אַז די תורה וואָס מיר האָבן היינט אין אונדזערע הענט איז די זעלבע תורה וואָס דער אויבערשטער האָט געגעבן צו משה רבינו — דעמאָלט וואָלט איך שוין געקענט כמעט אַליין אַרויסלערנען אַ סך פֿון דעם וואָס שטייט אין די אַנדערע עיקרים. איך וואָלט שוין געקענט אַרויסלערנען פֿונעם אַכטן אני מאמין אַז דער באַשעפֿער האָט אַלץ באַשאַפֿן, און אַז עס איז דאָ נבֿואהשע קראַפֿט וואָס איז אמת, און אַז עס איז דאָ דער פּרינציפּ פֿון שכר ועונש, און אויך דער פּרינציפּ פֿון תחיית המתים.

אַלץ וואָלט איך כמעט געקענט אַרויסלערנען פֿונעם אַכטן אני מאמין, און צוליב דעם זאָג איך טאַקע אַז דער דאָזיקער אַכטער אני מאמין איז דער סאַמע פֿונדאַמענטאַלסטער.

און אַזוי איז אויך פֿאַרקערט. אויב איך וואַרף אָפּ, למשל, דעם פֿינפֿטן אני מאמין — אַלס איינעם אויף וועלכן איך קאָן נישט מסכּים זײַן — איז פֿון דאַנען נישט קיין באַוויז, אַז אַלע אַנדערע עיקרים זענען אויך נישט קיין ריכטיקע.

אויב אָבער איך וועל זאָגן אַז איך קאָן נישט מסכּים זײַן מיטן אַכטן אני מאמין — דאָס הייסט אַז איך בין נישט מסכּים מיט דעם פּרינציפּ אַז די תורה אונדזערע שטאַמט פֿון גאָט און זי איז די זעלבע וואָס משה רבינו האָט אונדז איבערגעגעבן — דאַן איז נישטאָ גאָרנישט וואָס קאָן מיך פֿאַרפּליכטן צו גלויבן אין די אַנדערע עיקרים.

ווײַל דער אמת איז, אַז אויב איך גלויב אין אַ באַשעפֿער איז עס צוליב דעם ווײַל אַזוי שטייט אין דער תורה. און אויב איך גלויב אין שכר ועונש איז עס אויך ווײַל אַזוי שטייט אין דער תורה. און אויב איך גלויב אין די אַנדערע עיקרים איז אויך ווײַל די געדאַנקען פֿון אָט די אַלע עיקרים זענען אָנגעוויזן אין די חמשה חומשי תורה פֿון תורת משה.

אַזוי קומט אויס אַז אויך פֿון דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט איז דער אַכטער אני מאמין דער סאַמע פֿונדאַמענטאַלסטער.



און דאָ קומען מיר טאַקע צו דער צענטראַלער באַהויפּטונג פֿון ד״ר פּלוני אלמוני, אַז דער אַכטער אני מאמין פֿונעם רמב״ם איז נישט ריכטיק. די תורה וואָס מיר האָבן היינט אין אונדזערע

הענט — טענהט דער דאָזיקער געלערנטער — שטאַמט נישט פון הימל און איז אויך נישט געגעבן געוואָרן פון משה רבינו אין דער צייט פון סיני.

אויב איר וועט פרעגן ד״ר אלמוני, ווען איז די תורה גע־געבן געוואָרן צו אונדזער פאָלק — אַזוי ווי מיר האָבן זי היינט — וועט ער אייך ענטפערן, אַז לויט אַזאַ און אַזאַ פילאָזאָף איז די תורה געגעבן געוואָרן צום יידישן פאָלק אין די טעג פון עזרא הסופר.

אגב — דער פילאָזאָף, וועלכן ד״ר אלמוני וועט אייך אָנרופן, איז נישט קיין אַנדערער ווי בענעדיקט שפּינאָזאַ, וואָס האָט גע־לעבט אין אַמסטערדאַם מיט אַ דריי הונדערט יאָר צוריק און וועלכן די יידישע קהילה אין אַמסטערדאַם האָט געפונען פאַר נויטיק צו לייגן אין חרם אַריין...

און אויב איר וועט ד״ר אלמוני ווייטער פרעגן, פון וואַנען נעמט ער דאָס זיינע פרעמדע ידיעות וועגן דער תורה, וועט ער — שטעל איך מיר פאָר — זיין דער ערשטער מודה צו זיין, אַז ער האָט שטודירט וואָס די גויאישע וועלט רופט אָן מיטן נאָמען ביבל־קריטיק.

איר ווילט וויסן וואָס עפּעס אַזוינס איז ביבל־קריטיק? — ביבל־קריטיק איז אַ שטודיום מיט וועלכן עס פאַרנעמען זיך אַ סך נישט־יידישע געלערנטע, און אין וועלכן אָט די נישט־יידישע געלערנטע באַווייזן מכלומרשט מיט כל מיני ראיות אַז אונדזער תורה איז נישט פון הימל און נישט פון משה רבינו, און אַז אונדזערע אנדערע כתבי הקודש זענען נישט קיין כתבי קודש.

נו, מילא, דער תנ״ך איז אַ יידישער תנ״ך און נישט־יידן קענען מיט אים טאָן וואָס זיי ווילן. בעצם אַנטהאַלט דער תנ״ך אין זיך די גייסטיקע אוצרות וואָס דער געטלעכער באַשעפער האָט אַנטפּלעקט אין משך פון ספּעציעלע אַנטפּלעקונגען צו אונ־דזער יידיש פאָלק, דורך משה רבינו צוערשט, און שפּעטער דורך אַנדערע נביאים. און ווייל דאָס איז אַ יידישע זאַך — איז ממילא דער נישט־יידישער געלערנטער נישט מחויב אין אָט דער זאַך צו גלויבן.

פאַרקערט גאָר — עס וואָלט פאַר אים געווען אומבאַקוועם צו גלויבן אין דער תורה אַזוי ווי מיר האָבן זי איז אונדזערע הענט. ווייל אויב ער וואָלט יאָ געגלויבט אין דער תורה אַזוי ווי

מיר האָבן זי — וואָלט ער דאָך נישט געקענט גלויבן אין זיין נישט־יידישן גלויבן, און ער וואָלט אויך אפשר זיך געפילט פאַר־פליכטעט צוצושטיין צום יידישן פאָלק וואָס האָט די געטלעכע תורה אין זיין באַזיץ.

אַזוי ווי ער — דער נישט־יידישער געלערנטער — איז אָבער זינט לאַנגע יאָרן אויפגעכאָוועט געוואָרן מיט אַנטיפּאַטיע צום יידישן פאָלק — און ביי מער ווי איינעם אַזאַ נישט־יידישן געלערנטן קאָן מען געפינען נישט נאָר אַנטיפּאַטיע צום יידישן פאָלק נאָר אויך שפּורן פון בעסטיאַלישן אַנטיסעמיטיזם — איז עס פאַרשטענדלעך אַז די ביבל־קריטיק וועט אַזאַ געלערנטן הייסן שרייבן אַז די תורה איז נישט פון הימל און אַז זי איז גע־שריבן געוואָרן פון מענטשלעכע מוחות, און אַז א סך פון אָט די מענטשלעכע מוחות זענען גאָר געווען גאַנץ ברוטאַל און שלעכט אין זייערע אויפפאַסונגען.

באַזונדערס איז כדאי צו באַמערקן, אַז די נישט־יידישע געלערנטע זענען צוליב אַ פערזענלעך־רעליגיעזער סיבה פאַר־אינטערעסירט צו צעשטערן דעם פּרינציפּ פון הימלישקייט מיט וועלכן מיר יידן האָבן אונדזערע הייליקע ספרים אַלע מאָל אָנגענומען.

זיי — די נישט־יידישע געלערנטע — רופן אָן אונדזערע כתבי הקודש מיטן נאָמען דער אַלטער טעסטאַמענט, אין קאָנט־ראַסט צו זייערע עוואַנגעלישע ביכער וואָס זיי רופן אָן מיטן נאָמען דער נייער טעסטאַמענט. אַזוי ווי צו זאָגן מיט אָט די נע־מען אַז זייערע עוואַנגעלישע ביכער האָבן איבערגענומען די קרוין פון געטלעכקייט פון אונדזערע כתבי הקודש. און כדי צו דערהויבן די וויכטיקייט פון זייער נייעם טעסטאַמענט, איז עס אַ נאַטירלעכע דערשיינונג אַז זיי וועלן טאָן אַלץ — באַ־וואוסטזיניק און אונטערבאַוואוסטזיניק — אַראָפּצורייסן די גאַנצקייט און די הייליקייט פון די ספרים וואָס זיי באַצייכענען אַלס דעם יידישן אַלטן טעסטאַמענט.

דאָס איז ביבל־קריטיק. עס איז אַ שאָד, אָבער מיר קענען נישט דערוואַרטן קיין סך בעסערס פון די נישט־יידישע געלערנ־טע בנוגע אונדזערע יידישע הייליקטימער. האָט דאָך אַזאַ ייד ווי דער פריערדיקער הרב הכולל פון ענגלאַנד, הרב ד״ר יוסף הערץ זכרונו לברכה, זיך שוין אַמאָל געהאַט אויסגעדריקט, אַז די

ביבל־קריטיק איז אַ פערווערסיע פון געשיכטע און אַ פאַרשווע־כונג פון אמונה.

אין דער גויאישער ביבל־קריטיק ווערט דער צעשטערע־רישער טייל פון דער ביבל־קריטיק אויך באַצייכנט אַלס די העכערע קריטיק. און אַלס ענטפער אויף אַט דער באַצייכענונג האָט דער דערמאָנטער הרב הכולל ד״ר הערץ זייער מוטיק און שטאָלץ און טרעפלעך כאַראַקטעריזירט די אַזוי גערופענע העכערע קריטיק אַלס דעם העכערן אַנטיסעמיטיזם. יאָ, פון סאָציאָלאָגישן שטאַנדפונקט איז די ביבל־קריטיק אַן אַקאַדע־מישער ראַפינירטער מעטאָד פון פאַרשפרייטן שנאה צום יידישן פאָלק.

און היינט האָבן מיר דעם טרויעריקן ספעקטאַקל, אַז אַ יידישער געלערנטער בוקט זיך פאַר די אויספירונגען פון אַט דער ביבל־קריטיק און אויפן יסוד פון די דאָזיקע אויספירונגען לייקנט ער אָפּ אין תורה מן השמים, אַזוי ווי מיר האָבן אין דעם דאָזיקן פרינציפּ אַלע מאָל געגלויבט און זיך מקריב געווען פאַר אַט דעם גלויבן אונדזערן.

*

דער חשובער לייענער וועט מסתמא ווייטער פרעגן — איז וואָס אַז אַ יידישער געלערנטער זאָגט אַרויס אַזעלכע מיינונגען וואָס זענען קעגן דער יידישער אמונה? האָבן מיר דאָך שוין אויך אין פריערדיקע צייטן געהאַט מענטשן וואָס זענען געווען יידישע געלערנטע און וואָס האָבן זיך אַרויסגעזאָגט קעגן אַ סך פונדאַ־מענטאַלע פּרינציפּן פון אונדזער טראַדיציאָנעלער יידישער אמונה!

מיר האָבן געהאַט די העלעניסטישע יידן, מיר האָבן געהאַט די צדוקים און די קראים אין די אַלטע צייטן, און מיר האָבן די יידישע רעפאָרמיסטן אין אונדזערע היינטיקע צייטן, וועלכע לייקענען אויך אָפּ די הייליקע פרינציפּן פון דעם יידישן גלויבן. איז וואָס? איז וואָס פאַר אַ נאָווינע איז דאָס?

אמת, אַלע יידן זענען אונדז טייער — זייער טייער — און עס איז טרויעריק אַז אַ ייד וואַרפט אָפּ די הייליקייטן פון דער תורה, און באַזונדערס ווען עס האַנדלט זיך וועגן די סאַמע פונ־דאַמענטאַלסטע הייליקייטן אונדזערע — ווי עס איז מיט אונדזער אָכטן אני מאמין. אָבער פאַרוואָס זאָל עס זיין אַ סיבה פאַר אַ

מחלוקת מיטן טשיף ראַביי — מיטן טשיף ראַביי װעלכער פאַר־טרעט דעם רוב בנין און רוב מנין פונעם ענגלישן יידנטום? װאָס האָט ד״ר פלוני אלמוני צו טאָן מיט דער גייסטיקער לאַגע פון אונדזער יידישן ישוב אין ענגלאַנד?

סוף־כל־סוף זענען אויך היינט דאָ אַ סך אַזעלכע װאָס האָבן גאָר װייניק אמונה אין יידישקייט! עס זאָלן אַזוי נישט פעלן ביי אונדז קיין מאמינים װי עס פעלן ביי אונדז נישט קיין נישט־מאמינים! אָבער װאָס קאָן מען טאָן — און מה רעש, אַז אויך ד״ר אלמוני האַלט נישט פון תורה מן השמים, און אַז אויך ער האָט אָפּגעװאָרפן די אמונה אונדזערע װאָס זאָגט אַז די תורה װאָס געפינט זיך איצט אין אונדזערע הענט איז די זעלבע װאָס איז געגעבן געװאָרן צו משה רבינו עליו השלום?

דער פּראָבלעם איז אָבער װאָס ד״ר אלמוני איז נישט סתם אַ קריטיקער פון דער תורה. דער פּראָבלעם איז, אַז ער האָט באַװיזן צו געפינען מיטהעלפער װעלכע װילן דװקא אַז ער — ד״ר אלמוני — זאָל טאַקע װערן דער גייסטיקער פאַרשטייער פונעם ענגלישן יידנטום.

װאָס, איר װעט זאָגן, אַז עס איז אומגלויבלעך, אַז אַ ייד װאָס האַלט נישט פון תורה מן השמים זאָל װערן אַרויסגעשטעלט אַלס דער פּאָסיקער רעליגיעזער װאָרטזאָגער פון אַ גאַנצן יידישן ציבור? יאָ! עס איז אומגלויבלעך — עס איז אָבער דאָך אַ פאַקט. די גאַנצע װעלט װייסט װאָס עס קומט איצט פאָר ביים ענגלישן יידנטום, און עס װערט קאַלט אין אַלע איברים װען מען פאַרטראַכט זיך װעגן דער באַדייטונג פון דעם אומגעהויער גרויסן און ביטערן קריזיס אין װעלכן די ענגליש־יידישע קהילה גע־פינט זיך היינט־צו־טאָג.

עס איז נאָך טרויעריקער װען מען דערמאָנט זיך, אַז אויב די אַסימילאַטאָרישע כוחות אין היינטיקן ענגלאַנד זאָלן זיגן — זייער זיג חס וחלילה זיך פאַרשפּרייטן װי אַ װילד פייער איבער און זיי זענען פאַרביטערטע אַסימילאַטאָרישע כוחות — װעט דער גאַנצער יידישער װעלט — און דעמאָלט װאָס װעט װערן פונעם יידישן פאָלק?

עס װערט קאַלט אין אַלע איברים...



מיר ווילן נישט אַריינגיין אין די פּרטים פון די באַהויפּטונ־גען פון ד״ר אלמוני וועגן דער תורה אַזוי ווי מיר האָבן זי היינט אין אונדזערע הענט — ווייל מיר וועלן דערמיט נאָר אי־בערחזרן אַזעלכע געדאַנקען, וועלכע זענען פּשוט אַן אַפּלייקענונג פון אונדזער תורה און פון אונדזער אמונה אין איר.

אין אַלגעמיינע שטריכן — זאָגט ד״ר אלמוני אַז די אותיות פון דער תורה זענען פאַרגרייזט, און אַז די ווערטער פון דער תורה זענען פאַרגרייזט, און אַז גאַנצע פּסוקים און גאַנצע פּרקים פון דער תורה זענען נישט געשריבן געוואָרן פון משה רבינו, און אַז זיי זענען ממילא נישט געגעבן געוואָרן פון באַרג סיני.

דער דאָזיקער געלערנטער האַלט, אַז די שרייבער פון די כתבי הקודש אונדזערע האָבן געהאַט פאַלשע מיינונגען וועגן דער שאַפונג און דעם אויסזען פון דער וועלט, און אַז זיי האָבן צוגע־שריבן צו דעם גאָט פון ישראל אַזעלכע זאַכן וואָס מאַכן פון אים אַ ברוטאַלן און אַן אומגערעכטן גאָט. און ד״ר אלמוני איז באַ־זונדערס באַאומרואיקט צוליב דעם וואָס עס ווערט געברענגט אין תנ״ך, אַז גאָט האָט באַפוילן צו משה, און משה האָט באַפוילן צו יהושע, אַז די בני ישראל זאָלן אומברענגען די יושבי כנען. אַזאַ גאָט — טענהט דער מאָדערנער יידישער געלערנטער — האָט אין זיך אַזעלכע אַטריבוטן וואָס אַנטשפּרעכן נישט די באַ־גריפן פון רעכט און אומרעכט לויט די אויפפאַסונגען פון אַ היינט־צייטיקן מענטש...

דאָס אַלץ האָבן איינגעטלעך צו ערשט די נישט־יידישע ביבל־קריטיקער געפּרעדיקט — אַז דער יידישער גאָט איז נישט אַזוי גוט ווי דער נישט־יידישער גאָט — און דאָס דאָזיקע פּרעדיקעכץ האָט ד״ר אלמוני גענומען איבערקייען. און עס שניידט אַזוי ווי מיט אַ מעסער אינעם לעבעדיקן פלייש — ווייל מיט אַ צייט צוריק האָט מען דעם זעלבן ד״ר אלמוני געהאַט אַרויסגעשטעלט אַלס קאַנדידאַט אויף מנהל פון דעם באַקאַנטן לאָנדאָנער רבנים־סעמינאַר — דזשוס קאָלעדזש — וואָס איז אַ חינוך־אינסטיטוציע אויסצובילדן תורה־גלויביקע רבנים און אַנדערע יידישע כלי־קודש פאַר אַ סך יידישע קהילות אין דער וועלט.

און ווייל דער טשיף ראַביי האָט נישט געקענט מסכים זיין אויף אַזאַ ביבל־קריטיק־אָנגעשטעקטן קאַנדידאַט, איז ער באַליי־דיקט געוואָרן מיט כל מיני באַליידיקונגען. און ווייל דער לאָנ־

דאָנער בית־דין האָט זיך אויך אַרויסגעזאָגט קעגן אַזאַ קאַנדי־דאַטור — זענען אויך די דיינים פונעם בית־דין געזידלט געוואָרן מיט כּל מיני זידלערייען. און דעריבער איז די שטימונג צווישן די ערלעכע יידן אין ענגלאַנד היינט אַ געדריקטע. ממש אַ שטי־מונג פון אַ תשעה־באָב ביינאַכט!

די לאַגע איז — די פריערדיקע האָפענונג אַז די יידישע ליכטיקייט פון דעם קומענדיקן מאָרגן האָט אָנגעהויבן צו פאַר־טרייבן די אַסימילאַטאָרישע פינצטערקייט פון דעם פאַרגאַנגע־נעם נעכטן — אָט די האָפענונג האָט אָנגעהויבן צו וועלקן נאָך איידער זי האָט געהאַט אַ געלעגנהייט זיך גענוגנדיק איינצו־וואָרצלען.



מיט יאָרן צוריק — געדענק איך — האָט מען דערציילט אַ מין מעשה, אַז איינער פון די אַזוי גערופענע יידישע משכּילים פון בערלין איז אַמאָל אַרויסגעפאָרן אין דער ליטע, צו געבן אַ ציקל רעפעראַטן וועגן די כּלומרשטע אמתן פון דער ניי־צייטי־קער השׂכּלה־באַוועגונג.

איז צווישן אַנדערע האָבן זיך די משכּילים פון אַ פאַרוואָרפן ליטוויש שטעטל דערפרייט, אַז זיי וועלן האָבן דעם כּבוד צו זען מיט זייערע אייגענע אויגן אַ משכּיל פון סאַמע בערלין — ווייל מי לנו גדול? איז דען פאַראַן אַ גרעסערער משכּיל ווי אַ משכּיל פון סאַמע בערלין?

ענדלעך איז דער משכּיל פון בערלין אָנגעקומען אין דעם ליטווישן שטעטל אַריין. און מען דערציילט, אַז דער אָנפירער פונעם שטעטלס משכּילים איז אַנטקעגן געגאַנגען דעם חשובֿן גאַסט און זיך הכנעהדיק פאַרגעשטעלט פאַר אים, און נאָך דעם ווי ער האָט געמיינט אַז ער האָט געמאַכט אַ גוטן איינדרוק אויפן פאַסטעמפּאַווע קולטור־טרעגער פון דייטשלאַנד, האָט ער ביי אים אַ פרעג געטאָן:

— בערלינער משכּיל... — האָט ער געזאָגט — איך בין נייגעריק צו וויסן צי האַלט מען טאַקע אויך ביי אייך אין בער־לין אַזוי ווי מען האַלט דאָ ביי אונדז אַז — — אַז רבי שמעון בן יוחאי האָט נישט געשריבן דעם זוהר?

האָט דער בערלינער משכּיל געזען אַז ער האָט צו טאָן מיט

נאָך עפּעס אַ האַלב־גלויביקן ייד, איז ער אויסגעבראָכן מיט אַן אָפּלאַכערייַ און אָפּגעענטפערט מיט אַ חוזק:

— ליטווישער משכיל... — האָט דער גאַסט פון בערלין געזאָגט — זייט נישט קיין — — קיין בטלן, ווייל ביי אונדז אין בערלין האַלט מען שוין אַז משה רבינו האָט נישט געשריבן די תורה...

מיט יאָרן צוריק, ווען איך האָב געהערט די דאָזיקע מעשה, האָט זי ביי מיר געקלונגען ווי אַ וויץ, און איך האָב זיך צעלאַכט. היינט איז אַזאַ מעשה מער נישט קיין וויץ. היינט איז דאָ אַ ייד אין לאָנדאָן וואָס האָט — אגב — אַ סמיכה אויף רבנות און איז מערערע יאָרן אויך געווען אַ ראביי אין אַן אָרטאָדאָקסישער שול, און אַ געוויסע צייט איז ער אויך געווען אפילו אַ לעקטאָר אינעם דערמאָנטן רבנים־סעמינאַר. און אָט דער ייד רעדט עפנטלעך, און שרייבט עפנטלעך, אַז די תורה איז נישט מן השמים און איז נישט געגעבן געוואָרן פון משה רבינו.

און ווייל דער טשיף ראביי זאָגט, אַז אַזאַ מענטש קאָן נישט זיין קיין כלי־קודש אין אַן אָרטאָדאָקסישער שול, און אַז ער קאָן נישט אויפגענומען ווערן אַלס דער מנהל פונעם אָרטאָדאָקסישן רבנים־סעמינאַר — ווערט זיין נאָמען באַשמוצט אַלס אַן אָבסקוראַנט און שוואַרצער פאַנאַטיקער.

ווייל ער — הרב בראָדי — איז אַנטשלאָסן צו האַלטן פאַר אונדזערע אויגן די יידישע אמונה אין איר ריינסטער געשטאַלט— אַזוי ווי עס איז זיין הייליקע אויפגאַבע צו טאָן — קומען די מאָדערנע מתלוננים און שיסן אין אים אַלע זייערע ביטערע פיילן אַריין.

און ווייל ער וויל באַשיצן דעם פּרינציפּ פון תורה מן השמים, אַזוי ווי אונדזערע נביאים און צדיקים און גאונים און קדושים האָבן דאָס אויפגעפּאַסט דורך כמה וכמה טויזנטער יאָרן — זענען אויפגעשטאַנען ניי־צייטיקע מתיוונים און ווילן נישט דערלאָזן, אַז ער זאָל קענען ממשיך זיין אינעם אמט פון טשיף ראביי נאָך דעם ווי ער וועט ווערן אַ בן שבעים — וואָס איז איינגעטלעך אין אַפּריל פון איצטיקן יאָר.



דער קריזיס איז שווער. די לאַגע זעט אויס צו זיין אָנגעלאָדן מיט אַ וואָלקן פון אָנקומענדיקער טראַגעדיע. מיר האָבן אומבאַשרייבלעך פיל געליטן צוליב דעם פיזישן חורבן וואָס אונדזער פאָלק האָט מיטגעמאַכט אין די יאָרן פון דער לעצטער מלחמה — אַ חורבן וואָס אַ דרויסנדיקער שונא האָט אויף אונדז געבראַכט. עס איז גאָר טרויעריק צו ברענגען אויפן געדאַנק, אַז דער אינערלעכער קריזיס ביים ענגלישן יידנטום איז עלול גורם צו זיין אַ גייסטיקן חורבן וועלכער — אויב מען קאָן אַזוי זאָגן — וועט זיין נאָך אַ סך מער סכנותדיק.

ווייל, אדרבה, זאָל דער ייד זיך אַליין פאַרטראַכטן אין דער נאַטור פון זיין עקזיסטענץ. וואָס איז זי? איז זי אַ בינטל נאַציאָנאַלע שטרעבונגען? אָדער פּאָליטישע שטרעבונגען? אָדער סאָציאַלע שטרעבונגען? אָדער טעריטאָריאַלע שטרעבונגען? אָדער שפּראַכלעכע שטרעבונגען? וואָס איז אונדזער עקזיסטענץ?

אויב מיר לעבן נישט צוליב די אידעאַלן וואָס מיר האָבן אין דער תורה — מיט איר סאַנקציע אַלס אַ תורה מן השמים — איז צוליב וואָס לעבט דער ייד אַלס אַ ייד, און צוליב וואָס קעמפט ער אַלס אַ ייד, און צוליב וואָס ליידט ער אַלס אַ ייד?

לאָמיר צוגעבן, אַז נישט יעדער איינציקער ייד היט אָפּ אַלע אידעאַלן פון דער תורה. אפשר איז גאָר קיין ייד נישטאָ וואָס קאָן אָפּהיטן די אַלע אידעאַלן. מעגלעך אַפילו אַז אַ סך יידן היטן אָפּ גאָר ווינציק פון אונדזערע תורה־אידעאַלן — אָדער מצוות — אַזוי ווי די דאָזיקע אידעאַלן ווערן נאָרמאַל אָנגערופן אין אונדזער טראַדיציאָנעל־יידישן לעבן. און עס זענען מסתמא פאַראַן אַ סך טעמים צוליב וועלכע אונדזערע מענטשן וועלן אייך זאָגן, אַז זיי היטן נישט אָפּ די מצווה אָדער אַן אַנדערע מצווה אָדער אַ דריטע מצווה.

אַ ייד וועלכער היט נישט אָפּ דעם שבת, למשל, וועט זיך פאַרענטפערן, זאָגנדיק אַז ער מוז נעבעך זוכן פּרנסה, אָדער אַז ער האָט זיך אַזוי גייסטיק פאַרנאַכלעסיקט, אָדער אַז ער איז שוין אַ ביסל פאַסטעמפּאָוועט. און אַזוי אויך מיט אַנדערע אידעאַלן פון דער יידישער תורה. דער מענטש האָט אַ תירוץ — אַן אויסרייד. אָבער אויב ער האַלט נישט אין אידעאַל, קאָן ער נאָך האַלטן אַן אַנדערן אידעאַל, און מיט דער צייט וועט ער געהאָלפן ווערן און וועט אָנהויבן האַלטן אויך דעם אידעאַל וואָס

ער האָט ביז דעמאָלט נישט געהאַלטן צוליב אַזאַ תירוץ אָדער אַן אַנדערן תירוץ.

ער וועט פשוט תשובה טאָן אויף דער עבירה וואָס ער איז באַגאַנגען און ער וועט זיך צוריק אָנהאַלטן אין די צווייגן פון דעם יידישן עץ־החיים.

אויב אָבער דער ייד לייקנט אָפּ די גאַנצע תורה אַלס אַזעלכע און ער וואַרפט אָפּ — אויפן יסוד פון זיין ביבל־קריטי־שער איינשטעלונג — דעם פרינציפּ פון דעם אָכטן אני מאמין, איז וואָס פאַר אַ הייליקייט באַזיצן פאַר אים די אידעאַלן — אָדער די מצוות — פון דער תורה?

אַז ער האָט אָפּגעשניטן דעם גאַנצן בוים — וואָס פאַר אַ זין האָט עס אַז ער זאָל זיך אָנהאַלטן אין איינעם אָדער דעם אַנדערן פון די צווייגן? אַז דער בוים איז טויט — זענען דאָך די צווייגן שוין געוויס טויט! אַז תורה איז נישט מן השמים — איז דאָך קיין מצוות נישטאָ וועלכע דאָס יידישע פאָלק זאָל זיין מחויב צו דערפילן, און אַז עס זענען נישטאָ קיין מצוות — איז דאָך נישטאָ נישט קיין באַלוינונג און נישט קיין באַשטראָפונג, און נישט קיין תפילה און נישט קיין תשובה און נישט קיין צדקה. און אין אַזעלכע אומשטענדן — וואָס איז די הייליקייט פונעם יידישן לעבן?

*

און דאָס איז טאַקע די פראַגע אַרום וועלכער עס פירט זיך איצט אַ פאַרביסענע מחלוקת אין ענגלאַנד.

די ערלעכע יידן, מיט הרב בראָדי שליט״א בראש, שטייען ווי שטאָל און אייזן ביי דער אמונה, אַז דאָס יידישע לעבן האָט אַ געטלעכע הייליקייט, און אַז די דאָזיקע הייליקייט איז סאַנק־ציאָנירט פון גאָט אַליין — אַזוי ווי עס שטייט געשריבן אין די אותיות און ווערטער און פסוקים פון תורת משה.

און די מכלומרשט פאָסטעמפּאָווע יידן, מיט ד״ר אלמוני בראש, שרייען אַז תורת משה איז נישט מער ווי אַ זאַמלונג פון דאָקומענטן וואָס זענען געשריבן געוואָרן אין פאַרשידענע דורות, און אַלס אַזעלכע אַנטהאַלטן זיי גאָר פאַרשידענע — העכערע און נידעריקערע — מאָראַלישע און רעליגיעזע ווערטן.

די ערלעכע יידן ווילן זיך מוסר נפש זיין פאַרן פרינציפּ פון תורה מן השמים, ווייל זיי זענען איבערצייגט מיט אַן אי־

בערצייגונג פון אַזאַ אמת, וואָס איז העכער פון אַלע אמתן אין דער וועלט — אַז תורה מן השמים איז די איינציקע געטלעכע אַנטפּלעקונג, צי מיר קענען יאָ באַגרייפן ווי אַזוי די דאָזיקע אַנטפּלעקונג איז פאָרגעקומען, צי מיר קענען דאָס נישט באַגרייפן. און זיי זענען ווייטער איבערצייגט, אַז דאָס יידישע פאָלק איז גערופן געוואָרן צו טראָגן אויף זיינע פּלייצעס די אידעאַלן פון אָט יענער אַנטפּלעקונג — צו טראָגן אויף זיך דעם עול מלכות שמים, אַזוי ווי ער איז אויסגעדריקט אין די מצוות פון דער תורה.

יעדער אידעאַל פון דער תורה איז אַ שטיק גאָט, אַזוי צו זאָגן, און איך מוז אים הייליק האַלטן. יעדע מצווה איז פון געטלעכער אָפּשטאַמונג, און איך מוז זי טאָן און געהאָרכן — אַפילו פאַרן פּרייז פון לעבן אַליין. דאָס איז די אויפגאַבע וואָס מיין נאַציאָנאַלער איך האָט זיך פאַרפליכטעט צו דערפילן דורך אַלע דורות פון מיין געשיכטע — דעמאָלט ווען איך בין געשטאַנען ביים באַרג סיני.

אָבער די גרופּע פּאָסטעמפּאָווע יידן וואַרפן אָפּ אַזאַ מין אויפפאַסונג. פאַר זיי איז די תורה נישט קיין איינהייטלעכער דאָקומענט, געשאַפן פון איין באַשעפער, נאָר אַ קאָמפּילאַציע פון פאַרשידענע ליטעראַרישע מקורות. די אָפּשטאַמונג פון אָט די מקורות איז פון פאַרשידענע צייטן און פון פאַרשידענע יידישע גרופּן — אַזעלכע וואָס האָבן געהאַט זייערע קולטן אין מלכות יהודה און אַזעלכע וואָס האָבן געהאַט זייערע קולטן אין מלכות אפרים. אַלנפאַלס — טענהן די מאָדערנע געלערנטע — גאָט האָט נישט דיקטירט די תורה צו משה רבינו — אַזוי ווי דאָס יידישע פאָלק האָט דאָס אַלע מאָל געגלויבט. און אַנשטאָט צו רעדן וועגן אַ משה רבינו — רעדן אָט די דאָזיקע געלערנטע וועגן אַ משה רעדאַקטאָר. דאָס הייסט אַזאַ איינער וועלכער האָט צוזאַמענגענומען פאַרשידענע מקורות און זיי רעדאַגירט ביז עס איז אַרויסגעקומען — אפשר אין די צייטן פון עזרא הסופר — דאָס וואָס מען רופט אַן תורת משה.

עס איז גאַנץ קלאָר אַז אַזאַ מין אויפפאַסונג איז כפירה, דאָס הייסט גאָר פשוט אַן אָפּלייקענונג פון דער יידישער אמונה. און עס איז אויך קלאָר אַז פון אָט דעם מאָדערנעם שטאַנדפּונקט איז איבערהויפּט נישטאָ קיין שום הימלישע פאַרפליכטונג, אַז

דער ייד מוז אָפּהיטן די אידעאַלן — די מצוות — פון דער תורה.
לויט די מאָדערנע מיינונגען קומט אויס אַז — ווילסטו אָפּהיטן די מצוות — איז גוט, און ווילסטו זיי נישט אָפּהיטן — איז אויך גוט. און ווילסטו האַלטן דעם שבת — איז גוט, און ווילסטו נישט האַלטן דעם שבת — איז עס אויך קיינעמס רעכט נישט דיר צו זאָגן וואָס דו מעגסט יאָ טאָן און וואָס דו טאָרסט נישט טאָן. און ווילסטו חתונה האָבן מיט אַ יידיש קינד — איז גוט, און ווילסטו חתונה האָבן מיט אַ נישט־יידיש קינד — איז אויך גוט.

און בכלל, ווילסו גלויבן אינעם אַכטן אני מאמין — איז גוט, און ווילסטו נישט גלויבן אינעם אַכטן אני מאמין, נאָר דו ווילסט אים אָפּוואַרפן — איז דאָס אויך קיינעמס ביזנעס נישט. דו אַליין ביסט דער מענטש צו דעצידירן, צי דו ווילסט לעבן לויט דער תורה אָדער נישט, ווייל די תורה איז אַ פּשוטע היסטאָרישע אַנטוויקלונג פון פאַרשידענע מענטשן און פון פאַרשידענע צייטן, און נישט קיין איין און איינציק וועלט־געשעעניש פון געטלעכער אַנטפּלעקונג.

אויך — טענהן וויטער די מאָדערנע — זאָלסטו דיר נישט פאַרדרייען קיין קאָפּ מיט עפּעס אַ געדאַנק אַז דו ביסט אויס־דערווילט געוואָרן צו זיין אַ געטלעך פאָלק. אמת, אַזאַ געדאַנק שטייט אין דער תורה. אָבער דער נישט־יידישער ביבל־קרי־טיקער האָט דאָך שוין אָפּגעלייקנט אַז די תורה האָט אין זיך עפּעס אַ הימלישע הייליקייט. און אַז דער ביבל־קריטיקער האָט אַזוי געזאָגט טאָרסטו נישט צווייפלען — ווייל טאָמער צווייפלסט דו אין די ריכטיקייט פונעם גויאישן ביבל־קריטיקער — ביסטו דאָך אַ פונדאַמענטאַליסט און אַזאַ בטלן ווי דער פונעם דער־מאָנטן ליטווישן שטעטל איז געווען.

און טאָמער ביסטו אַזאַ בטלן — און דו לייקנסט נישט אין תורה מן השמים — וועט דער משכיל פון לאָנדאָן חוזק מאַכן פון דיר...

*

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס זענען אַלץ אויפפאַסונגען וועלכע דער אַסימילירטער ייד מוז האָבן, אַזוי אַז ער זאָל קענען האָבן אַ רואיק געוויסן, און אַז ער זאָל קענען רעכטפאַרטיקן זיין אייגן תורהלאָז לעבן און זיינע אייגענע אַסימילירטע התנהגותן.

דאָס איז דער מענטשלעכער אינסטינקט, אַז כדי זיך צו באַשיצן — מוז ער אָראָפּרייסן די הייליקייט פון דער תורה און צעשטערן דעם דרך־ארץ פון די תורה־גלויביקע יידן.

דער ערלעכער ייד, אָבער, שרעקט זיך נישט פאַר חחק, כאָטש אַ חוזק וואָס קומט פון מיינע אייגענע ברידער טוט מער וויי ווי דער חוזק וואָס קומט פון אַ נישט־ייד.

און דאָך איז דער ייד טיף באַזאָרגט ווען ער זעט אַז אַזעלכע פרעמדע און שעדלעכע אויפפאַסונגען ווערן אויפגעצוואונגען אויף די אומשולדיקע נפשות אין ענגלאַנד. פאַר דעם ערלעכן ייד זענען יענע אויפפאַסונגען אַ געשפּענסט פון הפקירות. און מיר פאַרשטייען אַז פאַר אַזאַ מין ייד — וועלכער איז אייגנטלעך סימבאָליזירט אין דעם טשיף ראַביי — איז דער גאַנצער ענין אַ גרויסער ווייטאָג ווייל די דערמאָנטע הפקירות וועט דאָך גורם זיין צו אַזוי פיל זינדיקייט לגבי דעם אויבערשטן.

און דער קאַמף איז אַ ביטערער. מיט אַ סך שנאת אחים. מיט אַ סך שנאת חינם. מיט אַ סך סכנה פאַר דער הייליקער אמונה פון פאָלק ישראל אין דער גאָרער וועלט.

ווייל אויב דאָס פייער פון דער אסימילאַציע וועט פאַרברע־נען דעם גייסטיקן גוף פון אַזאַ ישוב ווי די יידישע קהילה אין ענגלאַנד, וועלן זיינע פלאַמען זיך שנעל פאַרשפּרייטן איבער אונדזערע ישובים אויך אין אַנדערע לענדער. און דער גייסטי־קער חורבן וועט חס־וחלילה זיין נאָך גרעסער ווי וועלכער עס איז פיזישער חורבן וואָס מיר האָבן אַמאָל געליטן.

און אין דעם צוזאַמענהאַנג ווילט זיך זאָגן אָט וואָס.

מיר דאַרפן נישט פאַרגעסן — מיר טאָרן נישט פאַרגעסן — אַז בעצם איז עס אַ סך מאָל אָט אַזאַ גייסטיקער חורבן וועלכער ברענגט מיט זיך אַ פיזישן חורבן — פריער אָדער שפּעטער. צי דער ייד וועט עס יאָ גלויבן, צי ער וועט עס נישט גלויבן — דער הימלישער אמת איז אַנטפּלעקט געוואָרן אויפן באַרג סיני, און אָט דער אמת — וועלכער איז גילטיק אויף אַלע צייטן — זאָגט אונדז אַז אויב מיר זינדיקן, מוזן מיר זיין גרייט אויך באַשטראָפט צו ווערן. און אַ גייסטיקער חורבן איז אַ זינד. די גרעסטע זינד.

ביי אַזעלכע אומשטענדן מוז דער טשיף ראַביי היינט שטיין

פעסט און אָפּהיטן אַז עס זאָל נישט קומען צו אַזאַ גייסטיקן חורבן.

דער רבונו־של־עולם האָט דעם ענגלישן יידנטום געגעבן פּאָליטישע און עקאָנאָמישע צופרידנקייט — און דער ייד אין ענגלאַנד טאָר נישט זאָגן אַז ער דאַרף שוין מער די ריינע יידישע תורה נישט האָבן. דער ייד מוז ווייטער זוכן צו דערפילן די געטלעכע מצוות — אַזוי ווי דער אויבערשטער האָט באַפוילן — כדי ער זאָל פאַרדינען פאַר זיך אַ הימלישע באַלוינונג.

און פאַר אַזאַ מצב קעמפט דער הרב הכולל. וועט ער אָבער זיגן? אָדער וועט דער צד שכנגד זיגן?

*

דער טשיף ראביי איז היינט דער זעלבער וואָס ער איז אַלע מאָל געווען — און ספּעציעל ביז מיט אַ פינף יאָר צוריק, ווען ער איז נאָך געווען פאַרערט אפילו פון די וואָס אַטאַקירן אים איצט און שרייען אויף אים מיט כל מיני זידלערייען און באַליי־דיקונגען. אויב ער האָט זיך יאָ געענדערט אין עפּעס וואָס — איז עס אַן ענדערונג וועגן וועלכער די גמרא זאָגט, אַז תלמידי חכמים כל זמן שמזקינים חכמה ניתוספת בהם, וואָס הייסט, אַז תלמידי חכמים — ווי לאַנג זיי עלטערן זיך — קומט זיי צו וואָס אַמאָל מער קלוגשאַפט. אויף הרב בראָדי קאָן מען זאָגן, אַז ער האָט אין אַלע יאָרן פון זיין הויכן אַמט דערוואָרבן כבוד פאַר זיך מיט זיין קלוגער און פאַרצווייגטער פירערשאַפט. אין די לעצטע יאָרן, אָבער, האָט מען אין אים געזען אַן אויסדרוק פון דער רייפסטער פירערשאַפט און פון אַ הימל־אינספּירירטן פאַר־שטאַנד.

און דער פּשוטער גאָט־גלויביקער ייד האָט געפילט אַז זיין שטאָלץ אין דעם טשיף ראביי וואַקסט און וואַקסט וואָס אַמאָל גרעסער.

אַ נעגאַטיווע ענדערונג, אָבער, איז פאָרגעקומען אין די מענטשן פון דער קעגנערשאַפט. און די סיבה פון דער ענדערונג דאַרף מען זוכן אין דעם אומווילן וואָס דער אַסימילירטער ייד וועט אַלע מאָל אַרויסווייזן ווען עס קומט צו דער אויפגאַבע פון אָפּהיטן דאָס וואָס מאַכט אים אייגנטימלעך יידיש.

דער אַסימילאַנט האָט מורא פאַר זיין אייגענעם שאָטן ווען די וועלט זעט, אַז ער איז אַ ביסל אַנדערש פון זיין נישט־יידישן

שכן. און ווען דער אַסימילאַנט האָט לעצטנס געזען אַז די יידיש־קייט לעבט נאָך אַמאָל אויף אין ענגלאַנד, און ווערט פאַריונגערט צוליב די צוגעקומענע תורה־געטרייע יידן פון די פאַרמלחמה־דיקע לענדער אין מזרח־אייראָפּע, האָט ער געזוכט ווי אַזוי צו־ריקצוקעמפן קעגן די נייע פּאָזיטיווע שטרעמונגען.

און ער האָט געפונען ווי אַזוי דאָס צו טאָן.

ד״ר אלמוני האָט געזאָגט באָס אויף אַלעם וואָס די נישט־יידישע געלערנטע האָבן אויסגעטראַכט אויף אונדזערע כתבי הקודש — פאַרשטייט זיך אין זיין אייגענער פאָרם, און מיט אַ פּאָר אויסגעדראָשענע יידישע וויצן. אַזוי אַרום איז אָט דער דאָזיקער יידישער געלערנטער אַרויסגעשטעלט געוואָרן אַלס דער פּאָטענציעלער מנהיג רוחני פונעם ענגלישן יידנטום. זיינע אונטערשטיצער האָבן אָנגעהויבן טענהן אַז ד״ר אלמוני רעפּרע־זענטירט דעם מכלומרשט מאָדערנעם גייסט פונעם איינגעזעסע־נעם ייד אין ענגלאַנד, בשעת דער טשיף ראַביי און דער לאָנ־דאָנער בית־דין רעפּרעזענטירן דעם מכלומרשט ניי־צוגעקומע־נעם ייד פון מזרח־אייראָפּע.

אַזוי האָט דאָס געזאָלט הייסן — און דערווייל האָט מען געגאָסן פּעך און שוועבל אויפן גאָט־געטרייען ייד.

*

מיר באַגריסן דעם הרב הכולל דעריבער אין דער העכסט־מוטיקער שטעלונג וואָס ער האָט אָנגענומען אינעם קאַמף קעגן דער באַגייטער כוואַליע פון אַסימילאַציע. מיר פאַרזיכערן אים אַז מיר פאַרשטייען די אומאַנגענעמע לאַגע אין וועלכער ער געפינט זיך. איז דאָך אַ יעדער ערלעכער מנהיג רוחני אַרומ־גערינגלט מיט ענלעכע שוועריקייטן. איז דאָך דער וועג פון יעדן גאָט־געווידמעטן רב געפלאַסטערט מיט צרות יגון ואנחה.

אַנדערש איז אָבער מיטן צבועניק, וועלכער האָט נישט אַזעלכע פּראָבלעמען. ער איז פּאָפּולער. דער עולם האָט ליב אָן אחד בפה ואחד בלבניק. זיי פאַרשטייען זיך מיט אים און ער פאַרשטייט זיך מיט זיי...

ניין, דער גלייכער תורה־ייד לעקט נישט קיין האָניק. פאַר־קערט, וואָס מער פירערשאַפט אַזאַ ייד וויל געבן — אַלץ מער וויל מען אים פאַרטרייבן אין אַ מדבר אַריין. און וואָס מער הימלישקייט אַזאַ ייד וויל אַראָפּברענגען דאָ אויף דער ערד —

דאָ אויף עולם הזה — אַלץ גיכער וויל מען אים אַליין משלח זיין אויף עולם הבא.

עוד מעט וסקלוני... — האָט זיך משה רבינו באַקלאָגט — נאָך אַ ביסל און זיי וועלן מיך פאַרשטיינען.

אָבער משה רבינו האָט זיך טראָץ אַלע טראַגישע דראָאונגען און שוועריקייטן נישט צוריקגעצויגן. און היינט — נאָך דריי און אַ האַלבן טויזנט יאָר — פילט ער זיך געוויס שטאָלץ ווען ער הערט דעם ערלעכן ייד פּראָקלאַמירן, זאָגנדיק —

וזאת התורה אשר שם משה לפני בני ישראל, וואָס דער טייטש איז, און דאָס איז די תורה וואָס משה האָט געלייגט פאַר די קינדער פון ישראל.

און אַזאַ ייד ווי הרב ישראל בראָדי פאַרדינט די טיפסטע דאַנקבאַרקייט פון אַלע גלייכע תורה־יידן, ווייל אויך ער האָט זיך נישט צוריקגעצויגן. אַלס אַן ערלעכער מנהיג פאַרשטייט ער, אַז ער טאָר זיך נישט אַפּשרעקן — פאַר קיינעם נישט און פאַר גאָרנישט נישט. זאָלן די קעגנער שרייען ביז צו היסטעריע. זאָלן זיי העצן די מאַסן וויפיל זיי ווילן. אָבער אַן ערלעכער מנהיג פאַרקויפט נישט דעם אמת פאַרן פרייז פון פּאָפּולאַריטעט.



עס איז שווער זיך צוצוקוקן ווי מען וויל צוכאַפּן די פירערשאַפט פון אַ ייד וועלכער האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַן ערלעכער מנהיג און אַ וואונדערבאַרער פאַרשטייער פון אַ יידישער קהילה סיי לגבי זיינע מיטצייטלער און סיי לגבי דעם רבונו־של־עולם.

עס איז טיף צו באַדויערן ווען מען זעט, אַז אַנשטאָט צו בויען יידישקייט אין דער וועלט — אין אַ צייט ווען די וועלט נויטיקט זיך אין אַזעלכע אידעאַלן ווי מיר האָבן אין אונדזער תורה — קומען קאַרליקעס פון מענטשן און ווילן צעשטערן דעם נאָמען פון אַזאַ איינעם וועלכער גיט אַוועק זיין לעבן פאַר יידישקייט — שוין אַזוי זיבעציק יאָר.

זאָל הרב בראָדי אָבער וויסן, אַז די אַטאַקעס וואָס ווערן אויף אים געמאַכט זענען אייגנטלעך געצילט אויף דעם רבונו־של־עולם. אים — דעם אויבערשטן כביכול — ווילן די קעגנער לעולם אַראָפּשטויסן פון זיין געטלעכן טראָן. נאָר אַזוי ווי זיי קענען דאָס נישט טאָן — ווייל סוף סוף איז דאָך גאָט אומצע־

שטערבאַר — האָבן זיי זיך אָנגעכאַפּט אינעם טשיף ראביי, אינעם געטלעכן דינער, און זיי קעמפן קעגן אים.

איז ווער וועט זיגן?

אַזוי ווי מיר שרייבן אָט די דאָזיקע שורות היינט — ז׳ אדר א׳ ה׳תשכ״ה — גרייטן זיך צו קיין־עין־הרע אַ סך רבנים פון דער גאַנצער וועלט — דערונטער אויך אויסטראַליע — צו פאָרן קיין לאָנדאָן אויף אַ קאָנפערענץ פון איראָפּעאישע רבנים.

די קאָנפערענץ דאַרף זיך עפענען אין אַ פיר וואָכן אַרום, און אינעם טאָג פון ז׳ אדר שני — די יאָרצייט פון משה רבינו — וועלן די אַלע אָנוועזנדיקע רבנים נעמען די געלעגנהייט און באַגריסן הרב ד״ר ישראל בראָדי און בענטשן אים צו זיין ווערן אַ בן שבעים. דער מאָמענט וועט זיין גאָר אַ גליקלעכער פאַר הרב בראָדי, אין דער ערשטער ריי, אָבער אויך פאַר אַלע גייסטיקע פירער פונעם יידישן פאָלק, וועלכע וועלן דעמאָלט זיין פאַרזאַמלט אין לאָנדאָן. זיי וועלן אַלע אויסדריקן הרב בראָדי זייער האַרציקסטע אָנערקענונג פאַר זיין גייסטיקער פירערשאַפט אין דער יידישער וועלט און פאַר זיין הייליקער ווידמונג צו דער תורה איבער אַ תקופה פון אַזוי פיל יאָרן עד מאה ועשרים שנה.

אָבער דער גליק פון אָט יענעם מאָמענט איז שוין לאַנג פאַרוואָלקנט געוואָרן, ווייל מען ווייסט, אַז די דערמאָנטע גרופּע קעגנער איז אַנטשלאָסן צו בלאָזן אַ קאַלטן ווינט אויף דער פריילעכער וואַרעמקייט וואָס די תורה־טרייע יידן וועלן פילן ביי יענער פייערלעכער געלעגנהייט. עס איז שוין לאַנג באַקאַנט, אַז די דערמאָנטע קעגנער וועלן נישט אַזוי לייכט צולאָזן אַז הרב בראָדי זאָל בלייבן אויף זיין אַמט אַלס הויפּט־רב אויך נאָך זיין זיבעציקסטן געבורטסטאָג.

*

איז ווער וועט זיגן?

אָדער איז די פראַגע אפשר שלעכט אַוועקגעשטעלט געוואָרן?

ווייל אַ קאַמף פאַר די אידעאַלן פון דער תורה ווערט נישט דערליידיקט אין איין טאָג, און אויך נישט אין איין יאָר, און אפילו אויך נישט אין אַ שאָק מיט יאָרן.

דער קאַמף איז אַ כסדרדיקער — סיי לגבי דעם יצר־הרע פון אינעווייניק און סיי לגבי דעם שטן פון דרויסן, וועלכער

פאַרשטעלט זיך אין דער פאָרם פון אַ מאָדערנעם געלערנטן.

אין איינציקע זאַך איז אָבער זיכער — אַז דער ערלעכער ייד טאָר נישט אַראָפּלאָזן זיינע הענט. אַזוי ווי דער פויגל וועל־כער פליט טאָר נישט אַראָפּלאָזן זיינע פליגלען. דער ערלעכער ייד טאָר נישט אויפהערן צו קעמפן. ער מוזביישטיין דעם נסיון. האָט ער העלפער — איז גוט. האָט ער נישט קיין העלפער — מוז ער ווייטער קעמפן. ווייל לכך נוצרת. ווייל צוליב דעם ביסטו באַשאַפן געוואָרן.

אין די שווערסטע צייטן — און היינט גייען מיר דורך אפשר די סאַמע שווערסטע צייטן — מוז דער ייד געדענקען אַז —

די תורה פון גאָט איז גאַנץ,
זי דערקוויקט די זעל —
די באַפעלן פון גאָט זענען רעכטפאַרטיק,
זיי דערפרייען דאָס האַרץ —
דאָס געבאָט פון גאָט איז לויטער,
עס מאַכט ליכטיק די אויגן —
די דערהויבנקייט פון גאָט אין ריין,
זי באַשטייט אויף אייביק—
די משפטים פון גאָט זענען אמת,
זיי זענען אַלע גערעכט —

און אַזאַ תורה וועט זיגן. צי היינט צי מאָרגן — זי וועט זיגן. און דאָס יידישע פאָלק וועט דעמאָלט איינשטעלן אחדות איינער מיטן אַנדערן. און זיי וועלן לעבן בשלום איינער מיטן אַנדערן. און זיי וועלן אַרויסווייזן ליבשאַפט איינער פאַרן אַנ־דערן. אמתע ליבשאַפט. אַזוי ווי ברידער דאַרפן דאָס טאָן.

דאָס איז די תפילה פון הרב ישראל בראָדי שליט״א. און מיר ענטפערן אָפּ אמן אויפן געבעט וואָס ער גיסט אויס, זאָגנדיק:

זאָלן זיין צו באַווילקונג די ווערטער פון מיין מויל,
און די טראַכטונג פון מיין האַרצן
פאַר דיר,
גאָט מיין פעלז, און מיין דערלייזער *)

*) היינט, עטלעכע חדשים זינט די דאָזיקע אָפּהאַנדלונג איז אָנגעשריבן געוואָרן — ווייסן מיר אַז הרב ד״ר ישראל בראָדי שליט״א האָט געפּייערט זיין זיבעציקסטן געבורטס־טאָג און אַז

---

אַלס אַ בן־שבעים האָט ער פאַרענדיקט זיין הויכן אַמט אַלס טשיף־ראַביי. ווילן מיר טאַקע נעמען די געלעגנהייט און אים ווינטשן אַ לאַנגע און גליקלעכע עלטער. מיר ווילן אים אויך פאַרזיכערן, אַז לויט אונדזער מיינונג האָט ער אָפּגעראַטעוועט דאָס ענגלישע יידנטום פון אַסימילאַציע און אַז אַלס רב הכולל האָט ער אַריינגעשריבן אַ שיין און הערלעך קאַפּיטל אין דער געשיכטע פונעם קאַמף פאַר יידישקייט אין אונדזערע צייטן.

מיר שטעלן זיך פאָר, אַז מיט דער צייט וועט אויסגעוויילט ווערן אַ נייער טשיף־ראַביי, וואָס זאָל אָנפירן מיטן גייסטיקן לעבן פונעם יידישן ישוב אין ענגלאַנד.

צי עס וועט לייכט זיין צו געפינען אַ פּאַסיקן ממלא־מקום — איז אַ גרויסע פראַגע. אַזעלכע רבנישע פערזענלעכקייטן ווי הרב בראָדי איז געווען — וועלכע זאָלן פאַראייניקן אין זיך תורה און חכמה און יראת־שמים און זיין באַגאַבטע און באַליבטע און אַנטשלאָסענע קעמפער פאַר אמתער יידישקייט — זענען היינט כמעט נישט בנמצא. און איין הימל ווייסט אַז נאָר אַזאַ מנהיג רוחני וועט קענען אָנפירן מיטן גורל פון אַ ישוב, וועלכער איז אין די לעצטע עטלעכע יאָר אַזוי שטורמיש און בייזוויליק אויפגעברויזט געוואָרן.

בלייבט אונדז טאַקע איצטער נאָר איין געדאַנק אויסצודריקן — אַ וואַרעם תפילהדיקן געדאַנק — און אַ טיף האַרציקע האָפענונג —

זאָל דער ממלא־מקום האָבן די זכיה אויסצוהיילן די אָנגעווייטיקטע געמיטער צווישן דעם תורה־טרייען חלק פון אונדזער פאָלק און זאָל השם־יתברך אים געבן די קראַפט און דעם מוט צו פירן דאָס גאַנצע יידישע פאָלק — און נישט נאָר אין ענגלאַנד — אויפן וועג פון אמתער ווידמונג צו אונדזער יידישער אמונה — אויפן וועג פון דער העכסטער צוגעבונדנקייט צו דער געטלעכער תורה אונדזערער.

In memory of
Mr. Yudel Kipen
G.R.T.D.S.

לזכר

ר׳ יהודא ב״ר ישראל חיים ע״ה

איש ביאליסטוק

נפטר במעלבורן ביום ר״ח ניסן ה׳תשכ״ג

והובא למנוחות בהר המנוחה בירושלים

ביום י׳ ניסן ה׳תשכ״ג

ת׳נ׳צ׳ב׳ה׳

## חורבן ביאַליסטאָק און אונדזער ענטפער

ווערטער פון טרויער און טרייסט

...און ווען דער נביא האָט געפילט, אַז ער האָט באַגריפט די קאַלאַסאַלע צעשמעטערונג וואָס איז באַפאַלן זיין דור, האָט אַן אומבאַשרייבלעכער צער אַרויסגעשריגן פון זיין האַרץ, זאָגנדיק:

צו וואָס זאָל איך דיך פאַרגלייכן,
דו, טאָכטער פון ירושלים —
און ווי אַזוי זאָל איך דיך טרייסטן,
דו, יונגפרוי, טאָכטער פון ציון —
ווייל דיין ווייטיק איז אַזוי גרויס ווי דער ים,
ווער קאָן דיך אויסהיילן...

אָט די ווערטער זענען געפאַלן פון די ליפּן פון ירמיהו הנביא אין די אַלטע צייטן. ער האָט געהאַט בייגעוואוינט די בלוטיקע קאַטאַסטראָפע וועלכע האָט געטראָפן זיין פאָלק. ער האָט דורכגעלעבט דעם טראַגישן גערעַנגל אין וועלכן דאָס מלכות יהודה איז געווען פאַרקניפּט. אַ שונא — אַ מעכטיקער און אַ רחמנות־לאָזער — האָט זיך פאַרשפרייט אויפן שיינעם יידישן לאַנד. ער טרעט מיט די פיס אַלע אונדזערע הייליקטימער. די מויערן זענען אַראָפּגעריסן, די הייזער צעשטערט, דאָס בית־המקדש פאַר־ברענט, די מענער פאַרשיקט אָדער אויסגעהרגעט, די פרויען פאַראַלמנהט און פאַראומרייניקט, און די קינדער וואַלגערן זיך אויף די גאַסן, פאַריתומט, פאַרחלשט פון הונגער, און אויסגייענ־דיק פאַר אַ טראָפּן וואַסער...

דאָס איז דאָס בילד וואָס דער נביא זעט, און זיינע אויגן ווערן רויט פון טרערן. דאָס איז דער חורבן וועלכן ער מאַכט מיט, אַ חורבן פון אַלעם וואָס ער האָט ליב געהאַט און פאַר וועלכן ער האָט געקעמפט. אַלץ איז איצטער צעשמעטערט געוואָרן, און

ירמיהו קלאָגט און וויינט. דאָס פּראַכטפולע ירושלים איז פאַר־וויסט. אין דעם לוסטיקן ציון הערשט אַ שטילקייט פון טויט. דער ווייטיק איז אַזוי טיף ווי דער אָפּגרונט. דער טרויער איז אויסגעשפּרייט ווי די כוואַליעס פון ים...

ווי אַזוי קאָן מען געפינען אַ רפואה אויף אַזאַ ווייטיק! פון וואַנען קאָן קומען אַ נחמה פאַר אַזאַ טרויער! פון וואַנען...

*

אַ יעדן יאָר דערמאָנען מיר זיך וועגן דעם אַלעם, ווען דער תשעה־באָב קומט צו גיין. און אין אָוונט זאָגן מיר דעם נביאס איכה ישבה בדד, זיצנדיק אויף נידעריקע שטולן, און אין דער פרי ריכטן מיר אָפּ די קינות. מיר טוען אויס די שיך — ווייל מיר פילן זיך ווי אבלים. מיר טוען נישט אָן דעם טלית און תפילין — ווייל מיר שפירן זיך פאַרשמוצט און פאַרשעמט. מיר פאַסטן אַ גאַנצן טאָג — ווייל דאָס האַרץ איז פון ווייטיק פאַר־קלעמט.

וואָס וועט איר זאָגן, אַז מיר זענען בטלנים? אַז מיר האַלטן אָפּ אַ יאָרצייט פון עפּעס אַן אַלטן געשעעניש? אַז מיר טראָגן זיך אַרום מיט זכרונות פון אַ לאַנג־פאַרגעסענער פאַרגאַנגענהייט? ניין, רבותי, דאָס זענען שוין גאָר נישט קיין פאַרוועלקטע זכרונות...

פאַר אונדז האָט זיך דער חורבן אין אונדזערע אייגענע צייטן אָפּגעשפּילט. אין די יאָרן פון דער לעצטער מלחמה האָבן די חיילות פון דעם מאָדערנעם נבוכדנאצר הרשע פאַרפלייצט אונדזערע ישובים און קהילות. אני הגבר ראה עני. מיר אַליין האָבן די פאַרפייניקונג געזען און מיטגעמאַכט. מיר זענען די קינדער פון די טאַטעס און מאַמעס וועלכע נבוזראדן — דער שר־הטבחים פון אונדזער דור — האָט פאַרברענט און אויסגעשאָכטן. מיר זענען די עלטערן פון די זין און טעכטער, וועלכע זענען אומגעקומען אין נויט און אכזריות. אונטערן נאָמען פונעם מזרח־ און צענטראַל־איראָפּעאישן יידנטום איז דאָס מלכות יהודה פון אונדזער קעגנוואַרט אין אונדזערע אייגענע טעג אונטערגעגאַנגען.

און מיר — די דאָ פאַרזאַמלטע — זענען דער קלאָגנדיקער

ירמיהו, און אונדזערע הערצער ווייטיקן דעם איכה ישבה בדד העיר רבתי עם.

ביאַליסטאָק האָט אונדזער ירושלים געהייסן. די גרויסע שול און די צענדליקער בתי־מדרשים זענען געווען אונדזערע בית־המקדשן. די ישיבות און די גימנאַזיעס זענען געווען אונדזערע פּראַכט־הייזער, וואָס זענען דורכן שונא צעשטערט געוואָרן. די לערער און די שרייבער און די רבנים און די דיינים און די כלל־טוער זענען געווען אונדזערע כהנים און לוויים. און די אַרבעטער און די סוחרים און די פאַבריקאַנטן זענען געווען אונדזער פלייש און בלוט, וועלכע דער ברוטאַלער שונא האָט דערשאָסן, פאַר־שוועכט און אויסגעמאָרדעט.

על אלה אני בוכיה, פאַר די אַלע און פאַר דעם אַלעם זעצן מיר זיך אַוועק ווי אבלים אויף שטולן קוים העכער ווי די ערד. פאַר די געפאַלענע אין דעם געטאָ וויינען מיר. פאַר די וועלכע מען האָט צוזאַמענגענומען אויף די פּעטראַשעס פעלדער און פון דאָרט זיי ווי די שאָף אַוועקגעפירט צו דער שחיטה — פאַר זיי גייען מיר אויס פון ווייטיק.

*

תשעה־באב? די ראַמען זענען אַלטע, אָבער דער אינהאַלט איז אַ שפּאָגל־נייער. דאָס בלוט איז נאָך וואַרעם. דער געשפּענסט שטייט נאָך אַלץ פאַר אונדזערע אויגן. די וואונדן זענען נאָך פריש. ווען קאָן זיי פאַרגעסן!

אָט גייט די ביאַליסטאָקער פרוי רחל פאַלק, און פירט מיט זיך איר קליין טעכטערל. זיי זוכן ערגעץ־וואו זיך אויסצובאַ־האַלטן. אפשר וועט דער בייזער גורל זיי אַריבערהיפּן. און פּלוצ־לונג קומען אַנטקעגן די רוצחים, און הייסן זיי אויפהויבן די הענט אין דער הויך. די ייִדישע פרוי שטעלט זיך אָפּ, פאַראַליזירט מיט שרעק. און דאָס קינד ברעכט אויס מיט אַ געוויין.

— מאַמע... — זאָגט זי — זאָג זיי, אַז איך בין אַ גוט מיידעלע. איך וויל לעבן...

*

אָבער זי לעבט נישט, דאָס גוטע מיידעלע. מיט פערציק טויזנט אַנדערע, מיט זעכציק טויזנט אַנדערע, מיט זעקס מיליאָן אַנדערע — דער מענטשלעכער מוח קאָן גאָר אַזאַ ציפער נישט

באַגרייפן — איז זי געגאַנגען אין די קאַלך־אויוונס און אין די מאַסן־קברים. און אונדז האָבן זיי אַ נייעם תשעה־באב איבער־געלאָזט...

און די פראַגע איז איצטער, צי פאַרשטייען מיר די באַדייטונג פון אָט דעם נייעם טרויער־טאָג? וואָס ווילן מיר באַווייזן מיט דעם וואָס מיר האַלטן אָפּ אַ יאָרצייט? און אַז מיר זאָגן שוין אַרויס די סטערעאָטיפּישע ווערטער, כּבוד דעם אָנדענק פון דעם גיבור אָדער יענעם גיבור, וואָס ווילן מיר אויפטאָן מיט די דאָזיקע ווערטער?

אַלץ מוז דאָך עפּעס האָבן אַ צוועק. וואָס איז אונדזער צוועק? און דאָ מיין איך, אַז דער פּאַרצייטיקער תשעה־באב וועט אונדז צו הילף קומען אין אונדזערע באַטראַכטונגען.

אונדזערע חכמים זכרונם לברכה דערציילן אַ מערקווירדיקע פּאַסירונג אין צוזאַמענהאַנג מיטן אַלטן חורבן, און אפשר האָט איר שוין וועגן דעם געהערט.

בשעת דאָס בית־המקדש האָט געברענט, און עס איז מער נישט געווען קיין האָפענונג אים אָפּצוראַטעווען, איז מען אַריינ־געפאַלן אין עפּעס אַ מין פאַרצווייפלונג. וואָס הייסט! דאָס טייער־סטע וואָס מען האָט געהאַט איז פאַרניכטעט געוואָרן — טאָ וואָס פאַרבלייבט צוליב וועלכן עס איז כדאי ווייטער צו לעבן און ווייטער צו קעמפן?...

און אַזאַ פאַרצווייפלונג — דערציילן די חכמים — איז אויך געקומען אויף די יונגע כהנים. זיי זענען געווען די אויף וועמען דאָס פאָלק האָט געהאַט ארויפגעלייגט די אויפגאַבע צו באַשיצן דעם בית־המקדש. און איצט ווען זיי האָבן זייער אויפגאַבע נישט דערפילט, און דאָס פייער צעפלאַקערט זיך כסדר מער און מער, זענען די יונגע כהנים אַרויפגעגאַנגען אויפן דאַך פון הייליקן בנין, און זיי האָבן אין דער ריכטונג פון הימל די שליסל פון בית־המקדש אַרויפגעוואָרפן.

— רבונו־של־עולם... — האָבן זיי געזאָגט — אַזוי ווי מיר האָבן נישט געהאַט די זכיה צו זיין דיינע פאַרטרוילעכע דינער — נעם דיר צוריק די שליסל פון דיין הויז...

דאָס אָפּגעזאָגט, זענען זיי אַרונטערגעשפּרונגען אין די פלאַמען פון אונטן און דאָרט פאַרברענט געוואָרן.

אין דעם זעלבן מאָמענט — ווערט ווייטער דערציילט — האָט זיך אַ מיסטעריעזע האַנט אויסגעשטרעקט פון דער ריכטונג פון הימל און די שליסל צוגענומען.

*

מיר אַליין, פון אונדזער צייט, לעבן איצטער דורך אַ תקופה פון פאַרצווייפלונג לגבי דער נאַטור פונעם מענטש און לגבי די גרויזאַמקייטן וועלכע ער איז גרייט אָפּצוטאָן. ווי אַזוי האָבן אַזעלכע אכזריותן געקענט געשען — פרעגן מיר זיך. ווי אַזוי האָט אַ גאַנצע וועלט זיך געקענט צוקוקן צו אַזעלכע רציחות — און כמעט אפילו נישט פּראָטעסטירן? ווי אַזוי איז דער מענטש פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ בלוט־דורשטיקע חיה אין דער צייט, ווען מיר האָבן אַלע געגלויבט אַז עס איז דאָ אַזאַ זאַך ווי פּאָרשריט, און אַז דער מענטש ווערט וואָס אַ מאָל מער מענטשלעך, מער פאַרשטענדלעך און מער אויסגעאיידלט...

מיר לעבן דורך אַן אינערלעכן קריזיס וועגן מענטשלעכן ווערט און גורל — אין אַ מאָס וואָס האָט דאַכט זיך זיין גלייכן נישט אין דער גאַנצער געשיכטע. מיר טראַכטן זיך אַז עס איז קיין אמת נישטאָ — אין ערגעץ נישט. מיר טראַכטן זיך אַז עס איז קיין ווירדע נישטאָ — אין ערגעץ נישט. מיר טראַכטן זיך אַז עס איז גאָרנישט כדאי: אַזאַ פּעסימיסטישע שטימונג האָט אַריינ־געדרונגען אין די טיפסטע ווינקעלעך פון אונדזער באַוואוסטזיין — און אפילו אונדזער אונטער־באַוואוסטזיין איז פון דער דאָזיקער שטימונג באַאיינפלוסט געוואָרן.

אַ סך מאָל זעט אויס, אַז מיר זענען ווי די יונגע כהנים פון פאַרצייטנס. זיי זענען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד ווען זיי האָבן פאַרלוירן דאָס וואָס איז ביי זיי דאָס טייערסטע געווען. איצטער האָבן מיר פאַרלוירן דאָס וואָס איז ביי אונדז געווען דאָס טייער־סטע, און אין אונדזער נישט אומבאַרעכטיקטער אַנטוישונג ווילן מיר — אַלס יידן — אַוועקמאַכן מיט אונדזער לעבן...

*

זאָגט מיר, מיינע פריינד, אַז איך בין נישט גערעכט אין מיין אָפּשאַצונג פון דער לאַגע. אָבער ווי איך פּאַס דאָס אויף, פאַר־קלענערט זיך ביי אונדז כסדר דער חשק פאַרצוזעצן אויפן וועג פון אונדזער געשיכטע. אָט רעדן מיר יידיש דאָ, און מיר לייע־

נען יידיש דאָרט. אָבער די פֿראַגע איז צי מיר לייגן אַריין אַ יידישן אינהאַלט אין אונדזער יידישער שפּראַך!

כ'מיין, מיר האָבן דאָך עפּעס אַ קולטור, אַ קולטור וואָס איז באַקאַנט נאָך בעסער אונטערן נאָמען פֿון יהדות. און ווען מ'קוקט זיך צו צו דעם מצב פֿון אָט דעם יהדות, זעט מען ווי דאָס ליכט גייט אויס — עס גייט אויס אין די יידישע הייזער און אין די יידישע הערצער.

אפֿשר איז דאָס נישט דער ריכטיקער פּלאַץ צו באַרירן דעם פּראָבלעם. ווייל סוף־סוף זענען מיר זיך צוזאַמענגעקומען צו דערמאָנען די נשמה פֿון ביאַליסטאָק. אפֿשר איז איצט נישט די פּאַסיקע צייט מיר זאָלן זיך פֿאַרנעמען מיט אָנגעלעגנהייטן פֿון אַ ברייטערן פֿאַרנעם. ווייל סוף־סוף האָבן מיר דאָך געווידמעט דעם הייַנטיקן אָוונט — אַזוי ווי מ'ווידמעט אַ מצבה — צו יענע וועלכע זענען אונדז אַזוי ליב געווען ביים לעבן און אויך אין זייער טויט האָבן זיך אונדזערע געדאַנקען פֿון זיין נישט פֿאַנאַנדערגעשיידט...

עס איז אָבער דאָ איין וויכטיקער פּונקט וועלכן מיר קענען נישט פֿאַרגעסן, און טאָרן נישט פֿאַרגעסן. און דאָס איז אַז חורבן ביאַליסטאָק איז אַ סימבאָל פֿון דעם חורבן, וועלכער איז באַפֿאַלן דעם גאַנצן יידישן ישוב, דאָרטן וואו ער האָט אַמשענסטן געבליט און פֿון וועלכן די צווייגן האָבן זיך אויף דער גאַנצער וועלט צעשפּרייט. מיר זענען געווען פֿאַרקניפּט מיט זיי פֿאַר דער מלחמה, ווייל מיר זענען געווען דער היגער צווייג פֿון אונדזער פֿאָלק, און דער גורל אונדזערער וועט בלייבן פֿאַרבונדן מיטן גורל פֿון אונדזער פֿאָלק אויך אין דער ווייטסטער צוקונפֿט אַריין.

און אַלס אַזאַ צווייג, ווי אַזוי קענען מיר זיך גלייכגילטיק צוקוקן און זען ווי די יסודות פֿון אונדזער עקזיסטענץ ווערן אָפּגעשוואַכט! צי זענען מיר היינט צו־טאָג באַוואוסטזיניק, אַז עס איז דאָ עפּעס ספּעציעל אין אונדזער לעבן אַלס אַ פֿאָלק? צי געדענקען מיר, אַז מיר האָבן אַן אייגענע תורה, וועלכע האָט אונדז געגעבן אונדזער היסטאָרישע אייגנטימלעכקייט? צי ווייסן מיר, אַז מיר האָבן אַן אמונה וועלכע שטייט ווי אַ ליכט־טורעם צווישן די פֿינצטערנישן פֿון דער וועלט? צי האַלטן מיר אָפּ די

הייליקייטן וואָס האָבן באַשיינט דאָס לעבן פון אונדזערע אבות, און וואָס וואָלטן אויך געקענט באַשיינען דאָס לעבן פון אונדזערע קינדער?

*

דאָס איז דאָך די קולטור צוליב וועלכער אונדזער פאָלק איז געגאַנגען דורך פייער און וואַסער — דורך פייער און נישט פאַר־ברענט געוואָרן, און דורך וואַסער און נישט דערטרונקען געוואָרן. קרבנות זענען געפאַלן — אָן אַ צאָל — אמת. נישטאָ דאָס לאַנד וואו יידיש בלוט האָט נישט גערונען. נישטאָ די עפּאָכע ווען מיר האָבן נישט פאַרגאָסן טייכן מיט טרערן. אָבער מיר האָבן געהאַט אַ ציל. מיר האָבן געהאַט שטאָלץ. מיר האָבן געשאַפן אַן אומשטערבלעכע קולטור. אַן אוניווערסאַלע ליטעראַטור. מיר האָבן אויפגעבויט אַ גייסטיקע וועלט אַרום זיך. מיר האָבן גע־האַט אַ גאָט. מיר האָבן געהאָפט אויף אַ משיח. מיר האָבן געוואַרט אויף אַ גאולה.

אַלץ איז געווען יידיש. און ווען נאָר עפּעס אַ צרה — איז מען נאָך מער יידישער געוואָרן.

נאָך טיטוס הרשע האָבן מיר געשאַפן דעם תלמוד. נאָך גירוש שפּאַניע האָבן מיר געשריבן דעם שולחן־ערוך. און נאָך די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד האָבן מיר אָנגעהויבן צו קאָלאָניזירן ארץ־ישראל. פון אונדזער בלוט זענען מיר געוואָרן ווי אַ פעלזנ־שטיין. מיט אונדזערע טרערן זענען מיר צעמענטירט געוואָרן — טראָץ אונדזער צעשפּרייטקייט. וואָרעם און זיס, און שטאַרק און ריין האָבן מיר זיך געהאַלטן אין דער קאַלטער און ביטערער און גרויזאַמער און אומריינער וועלט. דאָס איז געווען דער כוח פון אונדזער יהדות. אַזוי האָט אויף אונדז געווירקט די שכינה פון אונדזער יידישקייט.

און היינט?...

געוויס זענען מיר פאַרביטערט. געוויס זענען מיר אַנטוישט. אָבער אַנטוישט אין וואָס און אין וועמען? איז עס געווען די יידישע אמונה וואָס האָט אונדז פאַרפירט? אָדער איז עס געווען די צביעותדיקע און רשעותדיקע אויפפירונג פון די פעלקער פון דער וועלט?

איז עס נישט געווען קיין פעלער פון אונדזער זייט וואָס מיר האָבן זיך צופיל פאַרלאָזט אויפן חסד און יושר פון אונדזערע

שכנים? נאָך עד היום זענען ביי אונדז דאָ אַזעלכע וואָס גלויבן אַז אונדזער ישועה וועט קומען פון אַזאַ פּאָליטישן רעזשים אָדער פון אַן אַנדערן פּאָליטישן רעזשים. מיר אַנטציקן זיך מיט די גויאישע לאָזונגען, פון רעכטס אָדער פון לינקס, און מיר פאַרשטייען נישט אַז זייערע לאָזונגען זענען היינט נישט בעסער און נישט ערלעכער ווי זיי זענען געווען נעכטן.

און נאָך וואָס פאַר אַ פעלער מיר זענען באַגאַנגען...

געוויס זענען מיר באַגאַנגען נאָך אַנדערע פעלערן וועלכע האָבן בייגעטראָגן צו אונדזער חורבן אין די מלחמה־יאָרן. אמת, דער שונא האָט אומברחמנותדיק געזייט צווישן אונדז דעם שרעקלעכסטן טויט — און די האַנט פון דער געשיכטע וועט אין אים נקמה נעמען אַמאָל פאַר די אכזריותן וועלכע ער האָט אונדז גורם געווען. די וועלט איז ווייט נישט הפקר. דעם איבערשטנס מיל מאָלט פּאַמעלעך, אָבער זי מאָלט גרונטלעך...

אָבער מיר האָבן אונדזער בייטראָג צו דעם חורבן אויך גע־מאַכט, ווי טרויעריק עס איז זיך וועגן דעם צו דערמאָנען.

מיר האָבן זיך קעגנזייטיק פיינט געהאַט. דער דייטשער ייִד האָט פאַראַכטעט דעם פּוילישן ייִד. און דער ענגלישער ייִד האָט זיך געהאַלטן חשובער פונעם דייטשן ייִד.

עס איז קיין ליבשאַפט ביי אונדז נישט געווען.

מיר האָבן זיך אויך אַרומגעריסן צוליב אידעאָלאָגישע שטאַנדפּונקטן, וועלכע האָבן מיט ייִדישקייט גאָרנישט געהאַט צו טאָן. פאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס און שטרעמונגען האָבן אונדז צעשפּליטערט אין פּיץ־פּיצעלעך. עס איז ביי אונדז קיין איינהייט נישט געווען.



אַ סך מאָל דענקט מען צוריק אין די אַלע פאַרמלחמהדיקע דערשיינונגען פון אונדזער לעבן, און עס ווערט ממש קאַלאַמוטנע אויפן האַרצן. מיר פרעגן זיך, וויפיל שעפערישע ענערגיע מיר האָבן פאַרלוירן צוליב דער אינערלעכער שנאת־חנם, וועלכע האָט ביי אונדז אין יענע צייטן געהערשט? נאָך מער, וויפיל ייִדישע לעבנס וואָלטן געווען אָפּגעראַטעוועט געוואָרן, ווען נישט די פאַרשאָלטענע מחלוקתן צווישן אונדזערע פאַרטייען און אונ־דזערע פירער אין יענע יאָרן?

מעגלעך — גאָר מעגלעך — אַז מיר וואָלטן היינט געדאַרפט אָנצינדן נאָר פינף ליכטלעך אַנשטאָט זעקס, און אפשר גאָר נאָר פיר אָדער דריי ליכטלעך! שנאת־חנם און מחלוקת זענען אַלע מאָל אַ קללה — אויך היינט זענען זיי ביי אונדז אַ קללה — און מען דאַרף זען, אַז זיי זאָלן אין אונדזערע רייען מער נישט גע־וועלטיקן. מען טאָר נישט וואַרטן בין דער שונא שטייט שוין ביים טויער — כדי מיר זאָלן זיך פאַראייניקן. ווייל ווען דער שונא שטייט שוין ביים טויער — איז שוין שפעט, און קיין פאַר־אייניקונג וועט שוין נישט העלפן...

און נאָך אַן אנדערן — און גאָר גרויסן — פעלער זענען מיר באַגאַנגען. מיר האָבן פאַרגעסן דעם עלמענטאַרסטן אמת, אַז — אַזוי ווי די גמרא זאָגט אין יבמות ס״ג — כל אדם שאין לו קרקע אינו אדם — אַ פאָלק מוז ציען חיונה פון זיין אייגענעם באָדן. אַזוי איז די וועלט. אויך גאָט האָט נישט באַשאַפן דאָס יידישע פאָלק, אַז עס זאָל זיך אויף אייביק ארומוואַלגערן אין די קאַנאַלן פונעם גלות, און לעבן פון די פרנסהלעך וועלכע די אומות העולם וואַרפן אונדז צו, אַזוי ווי אַ הונט לעבט פון די נוצלאָזע ביינער וועלכע מ׳וואַרפט אים צו. אַ פאָלק מוז האָבן זיין אייגענעם באָדן, און דעם דאָזיקן געברויך — לעבנס־וויכטיקן געברויך — קאָן מען נישט שטילן מיט קיין פשטלעך אָדער אָפּפרעגן מיט תורהלעך.

צי געדענקען מיר דעם דאָזיקן אמת לכל הפחות היינט? איך גלויב, אַז מיר געדענקען אים נישט.

אָבער דעם גרעסטן פעלער האָבן מיר געמאַכט ווען מיר האָבן אָנגענומען די אָנשויאונגען פון דער גויאישער וועלט. מיר האָבן נישט פאַרשטאַנען, אַז דאָס וואָס איז גוט פאַר זיי איז לאַוו־דווקא אויך גוט פאַר אונדז...

זיי האָבן זיך זייערע אייגענע חשבונות, און צוליב זייערע חשבונות שאַפן זיי טעאָריעס וואָס באַרעכטיקן זייערע מעשים. פאַר זיי איז גוט וואָס מ׳האָט אָנגעהויבן צו גלויבן, אַז דער מענטש איז נישט מער ווי אַן אָפּשטאַמונג פון אַ מאַלפּע. אַזאַ טעאָריע לוינט זיך זיי, ווייל אויב עס איז אמת אַז דער מענטש איז נישט מער ווי אַ רעדנדיקע חיה, טאָ ווי אַזוי קומט דאָ אַריין

רחמנות! האָט איר אַמאָל געזען, אַז איין חיה זאָל רחמנות האָבן אויף אַן אַנדערער חיה?

*

פאַר זיי לוינט עס זיך צו זאָגן, אַז עס איז נישטאָ עפּעס אַזאַ זאַך ווי מאָראַל. ווייל אויף אַזאַ אופן קענען זיי גיין — אַן שום סקרופּולן — און רצחענען און עקספּלאָאַטירן שוואַכערע פעלקער. דאָס האָבן זיי געטאָן אין די פאַרגאַנגענע צייטן, און — וואו מען קאָן נאָר — טוען זיי דאָס אויך אין די היינטיקע צייטן.

אָבער מיר יידן האָבן אַן אַנדערע אויפפאַסונג. מיר גלויבן אין אַ גאָט און אין דעם געטלעכן ווערט פון אַ מענטש. מיר זענען איבערצייגט אַז דאָס מענטשלעכע לעבן איז הייליק, און אַז דער מענטשלעכער כבוד איז אומבאַרירבאַר. מיר האַלטן באמת אַז עס איז אַ מצווה — אַ פונדאַמענטאַלע פליכט וואָס מען טאָר נישט איגנאָרירן — אַז איינער דאַרף ליב האָבן דעם אַנדערן. מיר האָבן געגעבן דער וועלט די געטלעכע ווערטער פון דעם ואהבת לרעך כמוך, און אויב די וועלט האָט די ווערטער אַרויס־געשליידערט פון איר טאָג־טעגלעכן לעבן, האָבן מיר — יידן — זיי געדאַרפט מיט אַלע אונדזערע כוחות נאָך מער הייליק האַלטן.

מיר האָבן פּראָקלאַמירט אַ רעליגיע וואָס גיט דעם מענטש אַ וויכטיקייט און אַ שיינקייט און אַ צופרידנקייט אין לעבן. מיר האָבן אַראָפּגעבראַכט אויף דער ערד געזעצן וועגן מענטשלעכער גלייכהייט און מענטשלעכער פרייהייט. און ווייל דאָס אַלץ — וואָס איז אונדזער הייליקע אמונה — איז פאַרגוואַלטיקט געוואָרן פון די גויים, טוט עס אונדז וויי און מיר פּראָטעסטירן.

אויב אָבער מיר אַליין וועלן זיך אָפּזאָגן פון אונדזער אמונה, ווי אַזוי קענען מיר פאַראיבל האָבן די גויים צוליב זייערע מע־שים! זיי וייסן נישט קיין בעסערס. זיי קענען נישט קיין בע־סערס. און זיי זענען נישט מחויב צו קיין בעסערס...

*

נייך, רבותי! אונדזער שטעלונג צו אונדזער קולטור מוז ווערן אַן אַנדערע. אויך צו ארץ־ישראל פאַרלאַנגט זיך, אַז מיר זאָלן אָננעמען אַן אַנדערע באַציאונג. עס איז נישט נאָר אַ פראַגע פון געבן אַ נדבה — אפילו אַ גרויסע נדבה. ווייל שטעלט זיך

פאַר, אַז עס וועט קומען די צייט, און דער איבערשטער וועט העלפן, אַז ארץ־ישראל וועט נישט דאַרפן האָבן אונדזערע נדבות, און מען וועט צו אונדז מער נישט שיקן די גרויסע פערזענלעכ־קייטן אלס שליחים כדי פון אונדז די נדבות אַרויסצובאַקומען, איז וואָס? וועלן מיר דעמאָלט פאַרגעסן אין ארץ־ישראל? צי קענען מיר דערלויבן אונדזערע קינדער פאַרפאַלן צו ווערן אומעטום אויף דער וועלט, אַזוי אַז זיי וועלן אפילו מער נישט וויסן אַז זיי האָבן אַן אייגענע געשיכטע, און ערגעץ־וואו אויך אַן אייגן לאַנד?...

*

מיר טרויערן ווייל מיר האָבן פאַרלוירן דאָס וואָס איז ביי אונדז דאָס טייערסטע געווען, און דאָס טייערסטע מוזן מיר זיך משתדל זיין צוריק צו געפינען. דער שונא האָט ביי אונדז צוגע־נומען נישט נאָר אונדזערע ברידער און שוועסטער, און טאַטעס און מאַמעס, און זין און טעכטער. ער האָט ביי אונדז אונטער־געגראָבן די יסודות פון אונדזער גאַנצן לעבן אַלס אַ יידיש פאָלק.

פאַרצייטנס איז אַזאַ חורבן פאָרגעקומען אין די טעג פון ירמיהו הנביא, און איר ווייסט וואָס די פאַרבליבענע יידן האָבן געטאָן?

זיי האָבן גענומען א שבועה און געזאָגט —
אויב איך וועל דיך פאַרגעסן, אָ ירושלים,
זאָל מיין רעכטע האַנט פאַרגעסן ווערן —
זאָל צוגעקלעפּט ווערן מיין צונג צו מיין גומען,
אויב איך וועל דיך נישט געדענקען —
אויב איך וועל דיך נישט דערמאָנען, ירושלים,
אויף מיין העכסטער שמחה.

און אַזאַ שבועה מוז אויך דער היינטיקער דור נעמען.

מיר מוזן געדענקען — און טאָרן נישט פאַרגעסן. געדענקען אַז אַלע צייטן גייען נישט אַריבער מיט איינמאָל — און נישט פאַרגעסן אַז פאַרצווייפלונג איז אַ שלעכטער עצה־געבער. גע־דענקען אַז עס זענען געווען אונדזערע אייגענע שכנים, וועלכע האָבן אונדז פאַרראַטן מיט זייערע מעשים און זייערע מחשבותן — און נישט פאַרגעסן אַז דעם אמתן גליק קענען מיר האָבן נאָר אויף אונדזער אייגענעם באָדן, און די אמתע אויסלייזונגען קענען

**מיר האָבן נאָר אין אונדזערע אייגענע יידישע מעשים און מחשבותן.**

גערענקען די וואַרעמע נשמה פון ביאַליסטאָק — און נישט **פאַרגעסן דאָס אידעלע האַרץ פון די אומציילניקע אַנדערע חרוב־געמאַכטע ישובים, כדי מיר זאָלן די נשמה אויפלעבן און דאָס האַרץ אַ טויזנט מאָל פאַרשטאַרקן.**

**געדענקען דאָס וואָס דער באַליבטער און פריציייטיק־פאַר־שטאָרבענער** רפאל רייזנער **שרייבט וועגן דעם אומקום פון דער שטאָט נאָך וועלכער מיר טרויערן דאָ היינטיקן אָוונט. אָט דאָס שרייבט ער:**

די גאַסן וואו ס'האָט אַמאָל געקאָכט פון אַ יידיש לעבן זענען אויסגעשטאָרבן, ליידיק. וואו די אויגן קענען נאָר דערגרייכן, זעסטו חורבות. געדאַנקען און בילדער יאָגן איינס דאָס אַנדערע. דאָרטן, אין די ווינקלען, אויף די הויפן, האָבן פריילעכע יידישע קינדערלעך — דער טרייסט פון אַ פאָלק — זיך געשפּילט און געזונגען יידישע לידער. וואָס האָסטו, היטלער־חיה, מיט די אומשולדיקע יידישע קינדערלעך אָפּגעטאָן? פאַרברענט און צעריסן אויף שטיקער...

און אָט גייען די פאַרטאָג און פאַרנאַכט, אין דער וואָכן און שבתים, אין ימים־טובים און ימים־נוראים, פאַרחושכטע און פאַר־האָרעוועטע, בעלי־בתים און נגידים, חסידים און מתנגדים, אַלטע און יונגע, מענער און פרויען, אַלע גייען זיי. זיי שטראָמען צו דער **גרויסער שול**, און צו די בתי־מדרשים, צו די שטיבלעך און די מנינים. אָבער וואו זענען די איצט פאַרשוואונדן? פאַרוואָס איז געוואָרן אַזוי שטיל? וואָס האָסטו, נאַצי־מערדער, מיט זיי געמאַכט?...

אין די הייזער פון אָט־אָ־די חרובע און אויסגעליידיקטע גאַסן האָבן דאָך אונדזערע טייערע מאַמעס און באָבעס געפּראַ־וועט יום־טובים, געמאַכט שבת, זויבער, שמעקנדיק. אויף די פּנימער האָט גערוט די שכינה, אויף די טישן ליכט אַנגעצונדן. איצט? פינצטער, חושך, די חיהשע בעסטיע האָט דעם יום־טוב צעשטערט, די שבת־ליכט אויסגעלאָשן, די שכינה פאַרגוואַל־טיקט...

און איך זוך די שיינע און ערלעכע יידן פון די **פּיאַסקעס:** ר׳ שמעון זעליג טשאַרנאָווסקי, ר׳ שמואל עלקעס, הרב עקשטיין,

ר׳ ישראל מאיר רובינשטיין... די ברידער מאַקאָווסקי, ברידער ניידוס, און הונדערטער און הונדערטער אַנדערע. איך זוך. וואו זענען זיי? וואו האָבן די אויסגעהויכט זייערע איידעלע נשמות?... וואו האָט דער ווינט זייער שמע ישראל פאַרטראָגן? וואו?...

די דאָזיקע ווערטער פון רפאל רייזנער דאַרפן מיר געדענקען — און נישט פאַרגעסן, אַז מיר קענען אים געבן אַן ענטפער.

דאָ אין אויסטראַליע — אָדער אין אַ סך אַנדערע פרייע לענדער, און נאָך מער אין אונדזער אויפגעלעבטן ארץ־ישראל — האָט דער ווינט פאַרטראָגן דעם שמע־ישראל. דאָ און אין אַנדערע היינטיקע יידישע ישובים וועלן מיר די שבת־ליכט נאָך אַ מאָל אָנצינדן, און דעם יום־טוב נאָך אַ מאָל לוסטיק פראַווען. אין די תפוצות, וואו עס איז אונדז צייטווייליק באַשערט צו זיין, און אין אונדזער יידישער מדינה וועלן זיך אונדזערע קינדער נאָך אַ מאָל שפּילן און יידישע לידער זינגען...

*

די געטלעכע האַנט איז אויסגעשטרעקט צו אונדז מיט די שליסל, וועלכע אונדזערע מאָדערנע קעמפער און באַשיצער האָבן אונדז איבערגעלאָזט.

לאָמיר נעמען די שליסל און עפענען אַ נייע תקופה אין אונדזער געשיכטע. לאָמיר אויפשטעלן פון דאָס ניי אונדזער בנין פון יהדות. אין ליבע און אין אחדות וועט אונדזער פאָלק איבערלעבן אויך אונדזערע היינטיקע שונאים. לאָמיר צוריק אויפבויען אונדזער יידישע אמונה, אונדזער יידישן בטחון, און אונדזער צוקונפט איז פאַרזיכערט. אַ ליכטיקע צוקונפט. אַ פריילעכע צוקונפט.

In honour of
Mr. Michael Sanders, J.P.,
and Mrs. Sanders
יחיו

## אַ ברונעם פון געטלעכער האָפענונג

אַ מתנגד האָט אַ מאָל אָפּגעשטעלט אַ חסיד, וואָס האָט זיך נוהג געווען מאריך צו זיין ביים דאווענען, און אים געפרעגט:

— זאָג מיר, פאַרוואָס דויערט דאָס דאַווענען ביי דיר אַזוי לאַנג? איך דאווען דאָך אויך, און פון דעסט וועגן נעמט עס נישט ביי מיר אפילו אַ פערטל פון דער צייט וואָס עס נעמט ביי דיר...

ענטפערט אים דער חסיד:

— איך וועל דיר זאָגן. באַלד ביי די ערשטע פּאָר ווערטער קומט אויף מיר עפּעס אַ געפיל, וואָס לאָזט מיך אויף אַ ווייל ווייטער נישט גיין. איך זאָג אַרויס, מודה אני לפניך מלך חי וקיים, איך דאַנק דיר, דו לעבעדיקער און איביקער קעניג... דערמאָן איך זיך, אַז איך שטיי פאַרן בורא עולם און כ'פאַר־טראַכט זיך אַזוי... ווער בין איך אין פאַרגלייך מיט דעם וואָס ער איז. ער — דער מקור פון דעם גרויסן אַל־וועלט, און איך — דאָס ברעקעלע שטויב... און אַן אימה באַפאַלט מיך, אַז איך קאָן זיך אויף אַ היפּשע ווייל פון מיין מחשבה נישט רוקן. פאַר־שטייסטו שוין פאַרוואָס דאָס דאווענען נעמט ביי מיר אַ סך לענגער ווי ביי דיר...

*

פרעגן די אומות העולם ביים פאָלק ישראל:

— מיר זענען דאָך אויך עפּעס מענטשן. און מיר פייערן אויך דעם אָנקום פון אַ ניי יאָר. איז פאַרוואָס גייט עס ביי אונדז ווי געשמירט? מיר טאַנצן און זינגען און פרייען זיך, און מיר גייען אויף אָפּגעבן לויב אין אונדזערע געבעט־הייזער! און פאַרוואָס איז ביי איך דער ראש־השנה אַזוי שווער און פאַרכטיק? קיין שמייכל ביי איך אויף די ליפּן נישטאָ. אייערע הערצער זעען אויס אַזוי אָפּגעקילט און פאַרצערט. אייערע געמיטער

זענען צוגעלייגט. און איר שרייט און איר וויינט, און איר פאַר־זאַמלט זיך אַזוי ווי דער סוף וועלט וואָלט שוין געקומען...

*

שוועראון פּאַרכטיק איז באמת אונדזער ניי־יאָר. אָבער נישט ווייל מיר מיינען, אַז די וועלט ענדיקט זיך. פאַר יעדן ייד וועלכער גייט דאַווענען אום א שבת, וועלן אַ פופציק יידן גיין דאַווענען אום ראש־השנה. אָבער ביי קיין איינעם איז דאָס נישט קיין ענין פון אַ סוף וועלט.

אוו דאַך וועלן אונדזערע פּנימער נישט שמייכלען, און אונ־דזערע הערצער וועלן נישט זיין בגילופינדיק.

דער ייד וועט אפשר נישט קענען דאָס דייטלעך אויסדריקן. ער קאָן אפשר נישט באַשרייבן די לאַסט, וואָס ליגט אויף זיין געמיט. אָבער אויך ווען דער גאַנצער געדאַנקענגאַנג זיינער איז אומקלאָר, ווייסט ער אַז אום ראש־השנה באַהעפט ער זיך מיט עפּעס וואָס מ׳קאָן אָנרופן די נשמה פון פאָלק.

מיר זענען אַ טייל פון אָט דער נשמה. און די נשמה איז אַן אייביקע. נישט פון היינט און נישט פון נעכטן. און אויך נישט פון די צייטן פון גלות פוילן, אָדער גלות שפּאַניע. אונדזער נשמה איז נישט געבוירן געוואָרן אין קיין שום גלות. זי איז דער פּראָדוקט פון דער אייגנטימלעכער דערהויבנקייט, מיט וועל־כער דער ייד האָט זיך אין דער ווייט־ווייטער פאַרגאַנגענהייט באַוויזן צום ערשטן מאָל אויף דער וועלט־אַרענע.

און ווען ראש־השנה קומט, איז עס טאַקע אָט די נשמה וואָס שרייט און וויינט אין אונדז.

*

שטעלט זיך פאַר דעם טאָג ווען יעקב אבינו פאַרלאָזט זיין פאָטערס הויז. אַזוי ווי דאָרטן האָט עשו אים דאָס לעבן פאַר־פינצטערט, אַזוי גייט אים איצט די זון אונטער אויפן וועג, און עס ווערט פינצטער אַרום אים. יעקב איז מיד, ער קאָן ווייטער נישט גייען, און ער לייגט זיך אַוועק אויף דער קאַלטער ערד, מיט אַ האַרטן שטיין פאַר זיין צוקאָפּנס.

נישט עפּעס אַ סוף פון דער וועלט באַאומרואיקט זיינע גע־דאַנקען. דער סוף פון זיין אייגן אינערלעכן לעבן שטייט אים פאַר די אויגן. ער האָט זיך פאַרזינדיקט. ער איז באַגאַנגען אַ

חטא מיט דעם וואָס ער האָט זיך געלאָזט אָפּרעדן — אָדער פאַר־פירן — פון אייגן־נוציקע מאָטיוון.

און וואָס איז איצט פון אים פאַרבליבן? ער האָט זיין דער־הויבנקייט אַליין צעשטערט. די האַר־פאַרדעקטע הענט, מיט וועלכע ער האָט אַרויסבאַקומען די ברכות וועלכע האָבן געהערט צו עשון, די זעלבע הענט האָבן אים געבראַכט אַ טונקעלע ווירק־לעכקייט. די זון איז אים איצט אונטערגעגאַנגען. און ער איז איצט ווייט פון וועלן טאַנצן און זינגען.

דאָס איז דאָס בילד פונעם ייד אום ראש־השנה. אַזוי שפּירן מיר זיך אַלע. מיר האָבן אונדזער פאָטערס הויז פאַרלאָזן. טראָץ אַלע אונדזערע דערגרייכונגען — איז ביי אונדז עפּעס ליידיק. מיט אַלע אונדזערע יאָגענישן בלאָזט ביי אונדז אַ האָפענונגס־לאָזיקייט, און אַ ווינט פון אַן אָפּגעקילט לעבן ווייעט עפּעס אויף אונדזער וועג.

צווישן די מויערן פון די עשרת הדברות זענען מיר געבוירן געוואָרן. אונדזער אייגנטימלעכע דערהויבנקייט איז אין דער אַטמאָספער פון די תרי״ג מצוות. און אַ יאָר איז אַריבער, און מיר האָבן זיך געלאָזט צורעדן, אַז מיר זאָלן זיך די ברכות פון אַן עשו אײַנקויפן. אַזוי אַרום האָבן מיר איינגעלייגט אונדזערע אייגענע מויערן. אַזוי אַרום האָבן מיר די לופט פון די תרי״ג מצוות נישט געאָטעמט.

און היינט, אום ראש־השנה, געפינען מיר זיך אויפן וועג. דער האַרטער שטיין איז אונדזער צוקאָפּנס, און עס איז אונדז ווייט נישט באַקוועם.

*

די נשמה פון פאָלק האָט דאָס בילד פון ראש־השנה אַנדערש געמאָלן.

מיר שטייען היינט פאַרן העכסטן געריכטס־טריבונאַל. דער ריכטער קומט אַריין. מען עפנט דעם ספר הזכרונות. דער ייד איז דער אָנגעקלאָגטער. ער האָט זיך עפּעס פאַרזינדיקט.

ער איז אַ גראַמאָטנער ייד. ער האָט זיך אַמאָל געוואָרעמט ביי אַ פייערל פון יידישקייט. אפשר אויך אַמאָל געלערנט אין אַ ישיבה. אפשר גאָר טראָגט ער אַ סמיכה אויף רבנות ביי זיך אין קעשענע. אויך ווען מיר האָבן קיינמאָל נישט מער געטאָן

ווי נאָר געהערט אַז עס איז דאָ אַ בורא עולם, זענען מיר שוין אויך גראַמאַטנע. זענען מיר שוין אויך פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אונדזערע מעשים, און מיר דאַרפן זיך פאַרענטפערן פאַר די מעשים — פאַר די חטאים — וועלכע מיר זענען באַגאַנגען...

פון אלף ביז תיו שטרעקן זיך אונדזערע חטאים. מיר האָבן זיך אַליין אויף דעם אונטערגעחתמעט. קיינער האָט אונדז נישט געצוואונגען זיך צו פאַרשקלאַפן צוליב אייגן־נוציקע מאָטיוון. מיר זענען זיך אַליין אין דעם מודה בעת מיר שטייען פאַרן העכסטן געריכטס־טריבונאַל. אַ ציטערניש הערשט אין זאַל, און אפילו די מלאכים קענען זיך נישט באַרואיקן...

אַזוי האָט דאָס פאָלק דעם ראש־השנה פאַרשטאַנען. אַזוי שוין פון דור־דורות. אין דער גרויסער וועלט אַרום אונדז איז דער מלכותא דרקיעא כעין מלכותא דארעא. דאָס הימלישע קעניגרייך — אין וועלכן מיר לעבן אום ראש־השנה — איז גע־גליכן צום ערדישן קעניגרייך, מיט אַ שופט און מיט אַ משפט און מיט אַ געמשפטן.

*

און מיט אַזאַ בילד פאַר אונדזערע גייסטיקע אויגן — ענטפערן מיר אָפּ די אומות העולם און זאָגן:

— פאַרשטייט איר שוין איצט פאַרוואָס דער יום־טוב פון אונדזער ניי־יאָר גייט ביי אונדז נישט ווי געשמירט?...

צי פאַרשטייען זיי אָבער דאָס? צי קענען זיי פאַרשטיין דעם אונטערשיד, וועלכער ליגט ווי אַ נישט־איבערבריקבאַרער תהום צווישן זיי און אונדז?...

געוויס זענען זיי אויך מענטשן. גלייך מיט אונדז. אָבער זיי פירן נישט דעם זעלבן חשבון וואָס מיר פירן. פון איין טאַטן זענען מיר. אָבער ווי צוויי קינדער פון איין טאַטן — ווי עס טרעפט זיך אָפט — האָבן מיר צוויי פאַרשידענע ירושות באַקומען.

און ווען דאָס נייע יאָר קומט, און מיר פירן דורך אונדזער חשבון, ווייסן מיר אַז מיר האָבן אונדזער ירושה פאַרטאַכליעוועט.

דער והגית בו יומם ולילה זאָגט עדות וועגן דעם. דער וחי אחיך עמך, און דער לא תענה ברעך עד שקר, און דער והייתם לי קדושים — זיי אַלע האָבן געדאַרפט בלייבן די אומפאַרקויפ־באַרע נכסים פון אונדזער ירושה. און דאָך האָבן מיר זיי פאַר־טאַכליעוועט. דער חשבון אונדזערער שטימט עפּעס נישט.

און דעם ייד ווילט זיך לגמרי גאָרנישט טאַנצן און זינגען דעם היינטיקן טאָג. לכל הפחות נישט דעם ייד, וועלכער פילט זיך נאָך באַהאָפטן מיט דער נשמה פון דעם פאָלק ישראל.

ער זוכט אַן אויסוועג. ער מוז געפינען אַ מיטל ווי אַזוי אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך די גראָבע קערפּערלעכע תאוות, וועלכע האָבן אים אַזוי נידעריק געמאַכט אין משך פון יאָר. וואָס איז פון אים געבליבן? צו וואָס און צו ווען האָט ער זיך אויסגע־מוטשעט, אַז ער האָט זיך מיט זיינע אייגענע מעשים פון פאָטערס הויז פאַרטריבן!

*

די אומות העולם גייען אויך אין זייערע געבעט־הייזער אָפּ־געבן לויב אינעם נייעם יאָר. זאָל זיין אַזוי.

אָבער דער ייד זאָגט נישט קיין הלל אום ראש־השנה. ער ווייסט אַז היינט איז נישט קיין צייט פון זינגען לויב־געזאַנגען. דער שופט איז אַ שטרענגער. ער וויל אמת — און נישט שבחים. און אויך נישט קיין חניפה. ער וויל אַן ערלעכן חשבון פון אונדז. ער וויל אַז יעקב זאָל אַראָפּנעמען פון זיך די קליידער פון אַן עשו. ס'איז אַ שווערער געראַנגל.

*

גערעכט זענען זיי, די אומות העולם, ווען זיי זאָגן אַז אינעם יידישן ניי־יאָר איז אויף אונדזער פּנים קיין שמייכל נישטאָ. ווי אַזוי, אָבער, קאָן אַזאַ שמייכל ביי אונדז יאָ זיין, באשר דאָס פּנים איז אַן אָפּשפּיגלונג פונעם האַרץ — און אינעם האַרץ שמייכלט זיך עפּעס גאָרנישט.

מיר האָפן אַז אַלץ וועט זיך ענדיקן בכי טוב — אַז אַלץ וועט זיך אויסלאָזן צום גוטן. דאָס איז דאָך דער ענין פון טראָגן אַ קיטל אום ראש־השנה און יום־כיפור, ווייל אַ ווייס בגד סימ־באָליזירט אַ האָפענונג פון הצלחה און פון ברכה.

אָבער דערווייל, טיפערהייט און פאַרבאָרגענערהייט, ווייסן מיר דאָך דעם אמת — דעם אמת אַז מיר האָבן זיך פון אונדזער הימלישן פאָטערס הויז אַליין פאַרטריבן.

דאָס האַרץ לאָזט אַ טרער, ווייל מיר — מיט אונדזערע אייגענע מעשים — האָבן אויף אים אַרויפגעלייגט אַ צו שווערע לאַסט פון טועכצער וועלכע מיר האָבן נישט געדאַרפט טאָן. נישט לכתחילה און נישט בדיעבד. מיר האָבן אונדזער באַשעפער

קיין שום כבוד נישט געבראַכט מיט אונדזער אויפפירעכץ.

די מאַכט פון אונדזער אָרעם האָבן מיר אים נישט געוויד־מעט, אַזוי ווי מיר האָבן דאָס געדאַרפט טאָן. גיכער האָבן מיר זי געווידמעט צו פּלענער און טאַטן פון וועלכע מיר אַליין זענען אין אונדזערע הערצער נישט געווען צו שטאָלץ. אויך האָבן מיר אונדזער אינטעלעקט אים — דעם וואָס אייביק לעבט — נישט אונטערטעניק געמאַכט, אַזוי ווי מיר האָבן דאָס געזאָלט טאָן. גיכער האָבן מיר די פּאָטענציעלע גרויסקייט פונעם אינטע־לעקט פאַרטושט מיט דער קליינלעכקייט פון מאָמענטאַלע און גאָר פאָראיבערגייענדיקע הנאות.

מיר האָבן זיך נאָכגעגעבן אַלע מיני תאוות. מיר זענען געווען אַזוי ווי די פאַרפירטע יידן פונעם דור המדבר, אויף וועלכע עס ווערט געזאָגט אַז ויחנו בקברות התאוה — וואָס אַ בעל־דרשן האָט אַמאָל אויסגעטייטשט אַז די יידן האָבן זיך דעמאָלט באַגראָבן אין זייערע תאוות, און דאָס האָט געטויגט אויף תשעה־ניינציק כפרות.

באַגראָבן אין די תאוות פון אומערלעכקייט, פון אומאמת־דיקייט, פון אומהייליקייט, פון פאַרהוילן זיך פון אונדזער איי־גענעם פלייש־און־בלוט. ווער פון אונדז האָט נישט די און ענלעכע תאוות פאַרשריבן מיט טיף־רויטן טינט אויף דעם שולדיק־זייטל פון זיין ספר־החשבונות!

*

און אין מיטן פון דעם אַלעם ווי וואונדערבאַר איז די סצענע, וואָס די נשמה, אונדזערע וויקלט פאַנאַדער. אַ נייע וויזיע דער־שיינט אויף דעם האָריזאָנט פונעם ייד. אַרומגערינגלט פון פינצ־טערניש, זעט ער ווי עס אַנטפּלעקט זיך פאַר אים אַ ניי ליכט.

עס איז יעקבס לייטער, וואָס שטייט אויף דער ערד, און דער שפּיץ אירער גרייכט ביז צום הימל. אַזוי איז דאָס לעבן. ווי אַ לייטער אויף וועלכע מען גייט אַלץ העכער און העכער. יעדעס טרעפּל איז אַ דערהויבונג. יעדעס טרעפּל ברענגט אונדז נענטער צום קוואַל פון דעם אייביקן ליכט. יעדעס טרעפּל איז איינע פון די תרי״ג מצוות. און וויסנדיק וועגן דעם, קאָן — און דאַרף — דער היינטיקער יעקב אויפשטיין פון זיין האַרטן געלעגער, און זיין האַרץ וועט זיך באַנייען מיט בטחון.

*

ראש־השנה איז אַ צייט פֿון אַזאַ נייער אַנטפּלעקונג. עס פֿאַרלאַנגט זיך אַ ביסל אָנשטרענגונג כדי זיך צו דערהעכערן אויף די טרעפּלעך — אָבער דער וועג איז ליכטיק. ער פֿירט ערגעץ־וואו...

ערגעץ־וואו — וואו דאָס לעבן איז שענער, און וואו דער מענטש איז נישט פֿאַראורטיילט צו אַ צוועקלאָזער עקזיסטענץ. ערגעץ־וואו — וואו עס שטרעקט איבער אים אויס די האַנט דער וועלכער שטייט ביים שפּיץ פֿון דער לייטער, און פֿון וועמען ער הערט דערפֿרייענדיקע ווערטער.

— איך בין מיט דיר, און איך וועל דיך היטן וואו נאָר דו וועסט גיין... — הערט יעקב אַ קול וואָס קומט צו אים פֿון דעם העכסטן טרעפּל.

*

אָט די ווערטער הערן מיר אום ראש־השנה. אָבער הערן איז איין זאַך און פֿאַרנעמען איז אַן אַנדערע. און די וויזיע וואָס באַגלייט די דאָזיקע ווערטער זעען מיר באַשיינפּערלעך מיט אונדזערע אָפֿענע אויגן. אָבער זעען איז איין זאַך און באַכפּאַלגן איז אַן אַנדערע.

און איצט האַנדלט עס זיך טאַקע צי מיר — אַזוי ווי יעקב פֿון פֿאַרצייטנס — וועלן פֿאַרנעמען אָט די ווערטער און צי מיר וועלן זיי באַכפּאַלגן. אַזאַ פֿאַרנעמען און אַזאַ באַכפּאַלגן וויל דער ראש־השנה ביי אונדז באַצוועקן — און אַזוי אַרום איין אונדז אַן אמתן שמייכל באַרעכטיקן און פֿאַרזיכערן.

די יעניקע וואָס טענהן, אַז זיי זענען גלייך מיט אונדז, ווייסן גאָרנישט פֿון דער וויזיע. זיי האַלטן, אַז זיי אַליין זענען דער איך, און דאָך, טראָץ זייער לויב, קענען זיי נישט שטילן דעם יאוש אין דער מענטשלעכער ברוסט. שוין נאָך אַלע זייערע טענץ שווימט דער יאוש נאָך אַ מאָל אַרויף אויף דער אויבערפֿלאַך פֿון זייער באַוואוסטזיניקייט, און ער פֿאַרפֿלייצט די וועלט מיט טייכן בלוט.

אַזוי איז געווען, און איז שוין לאַנג. און מ'דאַרף קיין נביא נישט זיין צו וויסן אַז אַזוי וועט אויך ווייטער — — —

*

אויסער אַז דער יידישער ראש־השנה וועט זיין גייסט אויסגיסן אויף דער וועלט און זי מיט אים באַפֿרוכפּערן. אויסער אַז

עס וועט מקוים ווערן דער וידע כל פעול כי אתה פעלתו, און אַז יעדער באַשעפעניש וועט אָנהויבן פאַרשטיין אַז ער — דער באַשעפער פון אויבן — האָט אים באַשאַפן, מיט אַלע אחריותן וואָס אַזאַ פאַרשטיין ברענגט מיט זיך.

— אוי, זאָל שוין גאָט ווערן קעניג... — שרייט דער ייד אויס — און זאָל שוין זיין קעניגרייך אומעטום אָנערקענט ווערן...

דאָס איז דער געבעט פון דער יידישער נשמה אין איר נייעם יאָר. דאָס איז די תפילה אין אונדזער געבעט־הויז בעת וועלכער דאָס געמיט וויינט...

ער — דער ייד — זעט דעם יאוש אומעטום, טראָגט אַלע דערפינדונגען מיט וועלכע דער מענטש שטאָלצירט, און מיט וועלכע ער שפּילט זיך. ער — דער ייד — זעט דעם יאוש אין זיך אַליין. די פיל־שטאָקיקע הייזער וואָס ער האָט אויפגעבויט פאַרשטעלן פאַר אים דעם הימל פונקט אַזוי ווי עס האָבן עס געטאָן די פינצטערע קעלערן אין וועלכע ער האָט פריער געוואוינט. און ער וויינט...

עס איז אָבער אַ געזונטער געוויין. די טרערן בויען אויף זיין דערהויבנקייט פון דאָס ניי. זיי זענען דער מקור פון אַ באַנייטער און אומשטערבלעכער האָפענונג. אַלס אַן איך איז ער נישט מער ווי אַ ברעקעלע שטויב, ווי יענער חסיד האָט דאָס געפילט ביים זאָגן זיין מודה אני. ווען ער פאַרשטייט אָבער אַז אַ באַשעפער איז איבער אים, דעמאָלט שיינט ער אויף מיט אַ ניי ליכט.

ער קאָן דעמאָלט ווייטער גיין. די זון איז פאַר אים נאָך אַ מאָל אויפגעגאַנגען. דער וואָס האָט אים געמאַכט גיט אים איצט צוריק זיין אינערלעך לעבן. די שטאַרקייט באַווייזט זיך נאָך אַ מאָל, און יעקב קאָן אויפהויבן זיינע פיס און ממשיך זיין זיין וועג אין דער באַגלייטונג פון מלאכים...

דער פסק־דין פון דעם שופט מעג זיין האַרב. אָבער ער איז ערלעך. און אין אָט דער דאָזיקער ערלעכקייט דערפילט דער ייד די מעכטיקע האַנט וואָס העלפט אים גיין אויף די הימלישע לייטערס. עס קאָן קיין שענערער יום־טוב נישט זיין.

די טונקעלע ווירקלעכקייט ווערט אויסגעלייטערט אינעם ליכט פון דער געטלעכער האָפענונג.

## די הר־הצופים שולע

## איז אַ פעסטונג פאַר אונדזער ישוב

עס ווערט דערמאָנט אין מדרש, אַז אינעם קאַמף וואָס מרדכי האָט געפירט קעגן המן הרשע, וועגן גורל פון אונדזער פאָלק אין די אַלטע צייטן, האָבן אויך די קינדער אונדזערע געשפּילט אַ דעצידירנדיקע ראָל.

איין מאָל, דערציילט דער מדרש, ווען די יונגע תלמידים האָבן זיך געשפּילט אין דער שולע, האָבן זיי באַשלאָסן צו באַנוצן זייערע שרייב־פעדערס ווי שפּיזן, אַזוי צו זאָגן, און מיט זיי המנען צו דערשטעכן. אַן אַנדערט מאָל ווערט דערציילט, אַז נאָך דעם ווי המן האָט אָנגעשריבן זיין גזר־דין קעגן די יידן אין מלכות־אחשורוש — אַ גזר־דין וועלכער האָט אַרויסגערופן דעם טיפסטן טרויער אין אַלע יידישע הערצער — האָט מרדכי זיך אָנגעטראָפן אויף דריי יידישע קינדער, וואָס זענען אָקאָרשט געהאַט אַרויסגעקומען פון דער שולע.

—פסוק לי פסוקך... — ווענדט זיך מרדכי צו זיי — זאָגט מיר וואָס איר האָט היינט געלערנט אין חדר...

— אל תירא מפחד פתאום... — האָט זיך דער ערשטער אָנגערופן — זאָלסט נישט מורא האָבן פאַר אַן אומגעריכטער שרעק, אָדער פאַר דער גרויזאַמקייט וואָס קומט פון רשעים...

— עוצו עצה ותופר... — רופט זיך אָן דער צווייטער תלמיד — זאָלן זיי זיך באַראַטן וויפיל זיי ווילן, אָבער זייער עצה וועט צעשטערט ווערן, זאָלן זיי זיך אָפּרעדן וואָס זיי ווילן, אָבער זייער באַשלוס וועט נישט אויסגעפירט ווערן, כי עמנו אל, ווייל גאָט איז מיט אונדז...

— ועד זקנה אני הוא... — גיט צו דער דריטער תלמיד — איך, דער גאָט אייערער, בלייב דער זעלבער ביז צום סוף; איך

האָב איך באַשאַפן און איך וועל אייך טראָגן, יאָ, איך וועל אייך נעמען און אָפּראַטעווען...

און ווען מרדכי האָט געהערט די דאָזיקע ווערטער, האָט ער זיך שטאַרק געפרייט.

— וואָס איז מיט דיר די שמחה?... — פרעגט ביי אים המן.

— ווייל די קינדער האָבן מיר אָפּגעגעבן אַ גוטע בשורה...

— ענטפערט אים מרדכי — זיי האָבן מיך באַרואיקט און פאַר־זיכערט, אַז איך זאָל זיך נישט שרעקן פאַרן ברוטאַלן באַשלוס דיינעם וועגן אונדז...

באַלד — זאָגט דער מדרש ווייטער — האָט זיך ביי המנען דער צאָרן אָנגעצונדן און מיט כעס שרייט ער אויס:

— די קינדער זענען די ערשטע, קעגן וועלכע איך וועל מיין האַנט אויסשטרעקן...



המן איז אָבער נישט געווען דער איינציקער, וועלכער האָט געוואָלט אויסשטרעקן די האַנט קעגן אונדזערע קינדער. ווי לאַנג דער ייד איז אין גלות, ווייסט דער שונא אז די פעסטונג פון אונדזער פאָלק ווערט געשיצט דורכן יונגן דור אונדזערן. דאָס איז אַ פּשוטער אמת, וועגן וועלכן עס איז נישטאָ קיין שום שאָטן פון ספק. ווי לאַנג דאָס יידישע קינד וואַקסט אויף יידיש — איז דאָ נאָך אַ יידישער דור און נאָך אַ יידישער דור. און אַזוי שמידט זיך די קייט...

דער שונא ווייסט דאָס, און צוליב דעם ווענדט ער זיינע פיילן קעגן דעם קינד. אין אונדזער געשיכטע האָט דאָס פּרעה געטאָן נאָך פאַר המנען. אויך אין דער געשיכטע פון אַנדערע פעלקער קומען פאַר די זעלבע דערשיינונגען. די סטראַטעגיע איז געווענדט קעגן דעם יונגן דור.

איין מאָל זענען דאָס שטאָלענע פיילן, וועלכע טויטן אָפּ דעם קערפּער. אַן אַנדערט מאָל זענען דאָס אומזעבאַרע פיילן, וועלכע טרעפן ד'עם גוף אָבער זיי פאַרסמען אייגנטלעך די נשמה. איין מאָל איז עס אַ פיזישער קאַמף, אַן אַנדערש מאָל — אַ גייס־טיקער. אַזוי צי אַזוי, דער רעזולטאַט איז דער זעלבער. דאָס פאָלק ווערט אָפּגעשוואַכט. זיינע כוחות ווערן פּאַראַליזירט. זיין לעבנס־

ווילן ווערט אונטערגעגראָבן. איז דאָך דאָס טאַקע וואָס דער שונא וויל דערגרייכן.

עס איז אָבער דאָ אַ גרויסער — כאָטש זייער סובטעלער — אונטערשיד צווישן אָט די צוויי־ערליי פּיילן. און פאַרן אונטער־דריקטן פאָלק איז דאָ אַ וועלט פון אַ נפקא־מינה, וואָס פאַר אַ קאַמפּס־מעטאָד ווערט קעגן אים אָנגעווענדט.

דער פיזישער מעטאָד שטעלט זיך אָפּ פון צייט צו צייט. און צווישן די אַטאַקעס איז דאָ אַ מעגלעכקייט, אַז דאָס פאָלק זאָל זיך אַ ביסל אויסהיילן פון די וואונדן, און זיינע כוחות אַ ביסל באַנייען, אָפּפרישן.

דער גייסטיקער מעטאָד אָבער — די מלחמה קעגן אונדזער נשמה — הערט נישט אויף. שטילערהייט, כּמעט מיט זיידענע הענטשקעס, קריכט די אַסימילאַציע אַריין אין אונדזערע באַ־שיצער, און זי ציט און שלעפּט זיי אַוועק פון זייערע שוץ־פונקטן, אָדער שלעפּערט זיי גאָר איין אויפן אָרט. און פאַר־באָרגענערהייט ווײַנט דער עלטערער דור היינט צוליב דעם וואָס די יידישע יוגנט האַלט זיך נישט אַזוי שטאַרק צוגעבונדן צו אים. אפילו מיר — די עלטערע — וואָס מיר אַליין זענען שוין אויך גאַנץ ווייט אוועק פון דער ליניע פון ישראל סבא — פילן זיך זייער אומבאַקוועם מיטן מצב.

עפּעס אַ מין פרעמדקייט הערשט אין אונדזער וועלטל, צווישן עלטערן און קינדער. מיר רעדן עפּעס נישט די זעלבע שפּראַך. ווען עס קומט זיך דורכצורעדן מיט זיי וועגן אונדזערע אָנגעווייטיקטע פּראָבלעמען פון נעכטן און אונדזערע האָפענונגען פון מאָרגן — פאַרשטייען מיר זיך עפּעס נישט.

עס איז אַזוי ווייט דערגאַנגען, אַז מיט אַ קורצער צייט צוריק איז אַ שטוינענדיקע פעסטשטעלונג אָפּגעדרוקט געוואָרן דאָ ביי אונדז אין שטאָט.

ווייט צופיל יידישע בחורים און מיידלעך, און דערוואַק־סענע אויך, האָבן זיך פיינט צוליב זייער יידישקייט — שרייבט דער מחבר פון יענער פעסטשטעלונג — און זיי באַמיען זיך נישט נאָר צו פאַרדעקן דעם פאַקט, אַז זיי זענען יידן, זיי טוען אויך אַלץ צו פאַרקלענערן די אמתע ווערטן פון יידנטום אין די אויגן פון זייערע שכנים.

*

צו אַזאַ טרויעריקן מצב האָט די אַסימילאַציע דערפירט. צו דעם וואָס פּסיכאָלאָגן רופן אָן אַלס אויטאָפּאַביע, צו זעלבסט־האַס. און עס איז גאָר נישט שווער צו פאַרשטיין ווי אַזוי און פאַרוואָס דאָס איז געשען.

דער מענטש איז אַזוי באַשאַפן געוואָרן, אַז פון דער נאַטור זיינער קאָן ער נישט ליידן קיין פּסיכישע ליידיקייט און פּוסט־קייט. ער מוז זיך מיט עפּעס אויספילן. ער מוז ערגעץ־וואו געהערן. ער מוז זיך אין עפּעס אָנהאַלטן. ער איז פון דער נאַטור זיינער אַ געזעלשאַפטלעכער באַשעפעניש, און ער קאָן נישט לאַנג בלייבן איינזאַם, נישט קערפּערלעך און נישט גייסטיק.

דער נישט־ייד האָט אַ לאַנד. דאָס איז גוט, און אַ לאַנד איז ווי אַ קרעפטיקער בוים אויף וועלכן געזונטע פּירות קענען וואַקסן. דער נישט־ייד האָט אַ געשיכטע, וועלכע ער וויל פאַר־זעצן, און אויך דאָס איז עפּעס אויף וועלכן מען קאָן זיך אָנשפּאַרן. דער נישט־ייד האָט אַ קולטור, צו וועלכער ער איז צוגעבונדן. ער ציטירט אירע דיכטונגען, ער שטאָלצירט מיט אירע קינסט־לערישע און דענקערישע שאַפונגען. אויך דאָס איז אַ ווערט־פולער רייכטום, און דער מענטש דערקוויקט זיך ממש אין דער געזעלשאַפט פון אַזאַ קולטור, וועלכע לעבט אין אים. אַזאַ מענטש איז קיינמאָל נישט איזאָלירט.

אָבער מיר? ביי אונדז — ביי גאָר אַ סך פון אונדז — בשעת מיר זענען אָן אַ לאַנד אין וועלכן מיר זאָלן וואוינען, און אָן אַ שפּראַך, און — נאָך ערגער — אָן אַ קולטור וועלכע זאָל אין אונדז לעבן — איז דאָס זיין אַ ייד געוואָרן נישט מער ווי אַ פּוסטע פראַזע.

אין די מאָדערנע באַדינגונגען, אין וועלכע מיר געפינען זיך, און אונטערן דרוק פון די פאַרשידנסטע איינפלוסן פון אַ פרעמדן און נישט־יידישן כאַראַקטער, האָבן מיר זיך אויסגעליי־דיקט פון אונדזערע אייגענע הייליקייטן. און עס איז אָט די ליידיקייט צוליב וועלכער דער יונגער דור האָט זיך פיינט.

ער טענהט — און מיט רעכט — אַז ער האָט נישט וואָס צו באַשיצן. נישט מער ווי אַ שאָטן פון אָן אַלטער גרויסקייט גיבן מיר אים. אָבער קיין שאָטנס וויל ער נישט. איז וואָס — פרעגט ער — אַז אונדזערע אבות האָבן נביאישע אידעאַלן גע־האַט, אויב מיר אַליין האָבן נישט קיין ענלעכע אידעאַלן היינט!

איז וואָס — אַז אונדזער פאָלק איז אַמאָל שטאָלץ געווען מיט
זיין אמונה און מיט זיינע צדיקים און גאונים, אויב מיר אַליין
זענען נישט גרייט צו זיין צופרידן מיט אַן ענלעכער שטאָלצקייט
אויך היינט!

אַזוי פרעגן זיי — דער יונגער בחור און דאָס יונגע מיידל
— און ווייל דאָס וואָס זיי זענען — אַ ייד בלויז אין נאָמען —
גיט זיי נישט קיין צופרידנקייט — פאַרקערט גאָר! עס ברענגט
זיי יסורים — האָבן זיי זיך פיינט.

*

מיר פאַרשטייען די טענה, אָבער קיין טרייסט ברענגט עס
אונדז נישט. צוליב אַזאַ אַסימילאַציע זענען אין משך פון די
לעצטע פאָר צענדליק יאָרן מערערע יידישע קהילות אין דער
וועלט פאַרשוואונדן. און נאָך אַ היפּשע צאָל אַנדערע ישובים
אונדזערע האַלטן איצטביים אונטערגיין, אויב מיר וועלן נישט
אַרומזען זיך באַצייטנס — און טאַקע גאָר שנעל — און אָננעמען
מיטלען אַזאַ אונטערגאַנג צו פאַרמיידן.

און אין אַזאַ מיטל דאַרף ביי אונדז דאָ — אין דער וווייט־
פאַרוואָרפענער און איזאָלירטער קהילה אונדזערער — זיין די
הר־הצופים יידישע טאָג־שולע.

דאָס אויפשטעלן פון הר־הצופים איז נישט קיין קאַפּריז
פון איין טייל פון אונדזער באַפעלקערונג אָדער פון אַן אַנדערן
טייל. די שולע איז אַ שריט — אַ גורלדיקער שריט — פון אַ
גאַנצן ישוב, וועלכער מוז אָנהויבן אויפוועקן אין זיך דעם געפיל
פון אחריות פאַר זיין אייגענער צוקונפט.

פאַרוואָס זאָלן מיר פאַרהוילן דעם גאָר נישט פריילעכן
מצב וואָס האָט זיך אַנטוויקלט דאָ ביי אונדז אין לאַנד! אונדזער
יוגנט איז אָפּגעפרעמדט פון יידישקייט אין אַלע זיינע אַנטפּלע־
קונגען — מיר אַליין זענען שוין געגנוג ווייט פאַרגאַנגען, אָבער
דער יונגער דור האָט זיך נאָך פיל מער דערווייטערט. און אויב
מיר וועלן נישט האָבן אַ טאָג־שולע אַזוי ווי הר־הצופים דאַרף
זיין — אַ יידישע טאָג־שולע אין וועלכער הונדערטער און הונ־
דערטער יידישע קינדער וועלן קענען באַקומען זייער דערציאונג
אין אַ יידישער אַטמאָספער, און מיט אַ טיף־יידישן תוכן — וועט
דער מצב נאָך פיל ערגער ווערן.

יאָרן לאַנג האָבן אונדזערע טאַטעס און מאַמעס קיין צייט נישט געהאַט צוצוקניפּן זייערע קינדער צו דעם מקור פון אונדזער לעבן. מיר זאָגן דאָס נישט אַלס אַ באַשולדיקונג קעגן די דאָזיקע מענטשן. אין אַ גרויסער מאָס איז עס אפשר גאָר נישט זייער שולד, און מיר וואָלטן זיי געגרן עפּעס אַרויסגעהאָלפן. עס איז אָבער אַ פאַקט, אַז אַזוי האָט זיך דער מצב אַנטוויקלט.

דער שונא האָט אונדז פאַרטריבן פון אונדזערע אַלטע היימען, אין וועלכע — ווי שווער דאָס לעבן איז געווען — מיר האָבן זיך דאָך געפילט אין עפּעס אַ שטיקל היים. אַ שלעכטע היים, אמת, אָבער דאָך אַ היים. און עס איז יאָקאָש געווען אַ המשך. מען האָט געקעמפט פאַרן המשך. אָבער היינט איז אונדזער קאַפּיטל פון דער אַלטער היים איבערגעשניטן געוואָרן. אַ לאַנג און אַ גייסטיק־הערלעך קאַפּיטל איז עס געווען, אָבער עס האָט זיך געענדיקט. אַ בעסטיאַל־בלוטיקער שונא האָט עס אָפּגעשלאָסן...

און מיר האָבן געזען ווי אַ קליינע צאָל יידן פון אונדזערע אַמאָל גרויסע ישובים האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט. זיי האָבן געדאַרפט זייערע ביינער צוזאַמענקלייבן פונקט אַזוי ווי יענע יידן, וועלכע זענען דאָ מיט יאָרן צוריק געווען נייע אימיגראַנטן. און בשעת מ׳איז געווען באַשעפטיקט מיט איינשלאָגן נייע מאַטעריעלע וואָרצלען — און דער קאַמף צוליב פּרנסה איז געווען גאָר שווער — האָט מען פאַרגעסן צו קולטיווירן די גייסטיקע וואָרצלען. און נישט נאָר פאַרגעסן. מ׳האָט קיין מעגלעכקייט כמעט נישט געהאַט. מ׳האָט קיין געדולד נישט געהאַט. מ׳האָט קיין צייט נישט געהאַט.

אַזוי איז דער מצב אַנטשטאַנען. אַ טאָג נאָך אַ טאָג איז אַריבער, און אַ יאָר נאָך אַ יאָר. מ׳האָט כמעט גאָרנישט געזייט, און אַז מ׳זייט גאָרנישט, וואַקסט גאָרנישט — אַ חוץ דערנער און שטעכיק געוויקס. און אַזוי דרייען זיך איצט צווישן אונדז אַרום — און נישט נאָר ביי אונדז אין שטאָט — מאַסן אויסגעוואָרצלטע יונגע יידן, יונגע נשמות ערטילאות.



טייערע יונגע יידן, אָבער דאָך אַזוי אָפּגעלאָזט גייסטיק! אָן יידישער אַמביציע — אַזוי ווי אַ צווייג אין ווינטער — אָן פּרוכטן.

פראַכטפולע יידישע יוגנט! אייניקלעך פון העלדישע דורות פון געטלעכן געדאַנק און הייליקער ווידמונג. ווי לאַנג וועט נאָך דויערן ביז דו וועסט נאָך אַ מאָל אויפשטיין און ברענגען טרייסט צו דיין פאַרטרויערט פאָלק!

איך אַליין קוק אויף דער הר־הצופים שולע ווי אויף אַ פעסטונג, וועלכע דאַרף אונדז דערמעגלעכן אונדזער בכבודיקע שטעלע אַלס אַ פּאָזיטיווער יידישער ישוב צוריק צו דעראָבערן. דער געדאַנק פון צוזאַמענהאַלטן און אויסבילדן אַ דור פון יידיש־באַוואוסטזיניקע בחורים און מיידלעך — איז די אויפגאַבע וועלכע די שולע האָט זיך אונטערגענומען צו פאַרווירקלעכן, און אַלס אַזעלכע דאַרף זי באַגריסט ווערן פון אַלע שיכטן פון אונדזער ישוב.

די התחלה איז געמאַכט געוואָרן. עס זענען דאָ מענטשן וואָס האָבן דערהערט דעם געבאָט פון דער שעה, אַז מען מוז אַ פּאָזיטיוו־יידישן תוכן אַריינגיסן אין די אָדערן פון די וואָס וואַקסן איצט אונטער. אַז מען מוז זיי באַקענען מיט די אוצרות אויף וועמענס יסוד אַ פאָלק לעבט און אַנטוויקלט זיך.

איז וואו נאָך קאָן מען אַזעלכע אוצרות איבערגעבן מיט אַ האָפענונג פון דערפאָלג, אויב נישט אין אַ סביבה, אין וועלכער דאָס קינד ווערט אָפּגעהיט פון אויסערלעכע און שעדלעכע השפעות! און דאָס איז טאַקע די אידיי פון דער הר־הצופים שולע.

איז וואו נאָך קאָן אַ קינד אַריינזאַפּן אין זיך אַזוי פיל ליבע פאַרן פאָלק צו וועלכן עס געהערט, און אַזאַ טיף־וואַרעמע פאַר־שטענדעניש פאַר זיינע אייגענע לעבנס־אידעאַלן, ווי אין אַן אַט־מאָספער פון יידישער פריינדשאַפט און יידישער דערציערשאַפט — אין אַ יידישער טאָג־שולע! און אַזאַ ליבע און פאַרשטענדעניש דאַרפן מיר האָפן אַרויסצובאַקומען פון הר־הצופים.

און אויב דאָס זענען די אידייען און דאָס זענען די האָפע־נונגען פון דער יונגער טאָג־שולע אונדזערער — ווי אַזוי קאָנען מיר איצט שטיין פון דער ווייטנס, ווען די שולע אַפּעלירט צו אונדז וועגן הילף, כדי זי זאָל קאָנען אירע אויפבוי־פּלענער דורכפירן!

*

אויב דאָרט — צווישן די ווענט פון דער ניי־געגרינדעטער שולע — וועלן קינדער דערצויגן ווערן מיט מוטיקע יידישע הער־צער און געדאַנקען, אַזוי ווי אין די צייטן פון מרדכי, וואו איז דער ייד וואָס זאָל נישט וועלן בענטשן אַזאַ דערציערישן אַנ־שטאַלט און ווינטשן אים די גרעסטע הצלחה!

וואו איז דער ייד, וואָס זאָל זיך נישט ברייטהאַרציק באַ־שטייערן ווען ער ווייסט, אַז פון הר־הצופים וועט אַרויסקומען אַ דור, וואָס וועט האָבן דרך־ארץ פאַר אונדזערע היילקטימער, וואָס וועט שטאָלצירן מיט זיי, און זיין אייגן לעבן מיט זיי באַ־שיינען און באַפרוכפּערן! *)

מיט אַ קורצן דור־צוויי צוריק האָט אַ גרויסער וואָרטזאָגער פון אונדזער נאַציאָנאַלן רענעסאַנס אָנגערופן דעם בית־המדרש אונדזערן אַלס דעם בית־חיינו, און די ישיבה אונדזערע אַלס דעם אוצר נשמתנו. אויב די צייטן האָבן זיך געענדערט, און אַנדערע אומגעזונטע ווינטן בלאָזן, איז עס אַ קל־וחומר אַז די יידישע טאָג־שולע מוז היינט ווערן דער פּלאַץ, וואו אונדזער לעבן ווערט געפורעמט און אונדזער נשמה אויסגעהאַמערט.

די וועלטלעכע לימודים זענען וויכטיק, און קיינער וועט נישט וואַגן אָפּזוקצונעמען פונעם תלמיד דאָס בעסטע וואָס אַזעל־כע לימודים קאָנען אים געבן. מיר האָבן זיך אָבער שוין איבער־געצייגט, אַז אַזאַ וועלטלעכע דערציאונג אַליין קאָן אים העכסטנס געבן אַ חיי־שעה. דער ייד מוז אָבער געדענקען די וויכטיקייט אויך פון אַ חיי־עולם.

דער ייד איז אַ מיטגליד פון אַן אייביק־לעבנדיקן פאָלק.

---

*) זינט די ווערטער זענען געשריבן געוואָרן, מיט בערך צען יאָר צוריק, האָט זיך די **הר־הצופים** שולע דאָ זייער שיין אַנטוויקלט. אונטער דער לייטונג פונעם איבערגעגעבענעם און פעאיקן מנהל, **ר' אברהם פייגלין נ״י**, לערנען אין דער שולע היינט־צו־טאָג העכער 1400 תלמידים, **כן ירבו**. אין צווישן זענען דאָ געגרינדעט געוואָרן נאָך עטלעכע אַנדערע יידישע טאָג־שולעס, אַזוי אַז די גייסטיקע צוקונפט פון אונדזער היגן ישוב איז היינט אַ סך מער האָפענונגספול ווי אין די פריערדיקע יאָרן.

**דער ייד איז אַ רינג אין אַן אומענדלעכער געשיכטלעכער קייט.**
**דער ייד האָט זיין** כלי־זיין **אין דעם** הקול קול יעקב.
**דער ייד האָט זיין קיום אין זיין צוגעבונדנקייט צו די געט־לעכע אַנווייזונגען פון אונדזער תורה.**

**דאָס אַלץ אָבער קאָן דאָס קינד נישט באַקומען אין די אַלגעמיינע שולעס פונעם לאַנד, אין וועלכע די בילדונג איז זעלבסטפאַרשטענדלעך באַגרענעצט בלויז צו וועלטלעכע לימו־דים. פאַר זיי — די שכנים אונדזערע — איז דאָס גענוג, ווייל אַ חוץ זייערע שולעס האָבן זיי אַ לאַנד, און אַן אייגענע קולטור, און אַ שפּראַך, און זייערע קירכעס, און זייערע טעאַטערס, און די אַלע זאַכן דערגענצן זייער עקזיסטענץ אין אַלע הינזיכטן.**

**די פולקייט פון אונדזער לעבן אַלס יידן פאַרלאַנגט, אָבער, אַז מיר זאָלן זי דערגענצן מיט אונדזער אייגענער ירושה פון דורות. די העברעאישע שפּראַך, די ליטעראַטור פון אונדזערע**

---

איך וויל דאָ ביי דער געלעגנהייט דערמאָנען, מיט אַ סך האָפענונג און צופרידנקייט, די חינוך־אינסטיטוציעס וועלכע זענען צוגעקומען שוין נאָך **הר־הצופים** און זענען איצט זייער אַקטיוו אויפן געביט פון יידישער דערציאונג. די יונגסטע פון זיי איז די **ביאַליק־שולע** פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. די עלטערע זענען דער **יבנה־קאָלעדזש** פון דער מזרחי אָרגאַני־זאַציע, דער **מוריה־קאָלעדזש** ביי דער עלוואוד תלמוד־תורה, דער **ישיבה־קאָלעדזש פאַר בחורים** און דער **בית־רבקה־קאָלעדזש פאַר מיידלעך** פון דער היגער ליובאַוויטשער חסידים־באַוועגונג, און די **חינוך־מוסדות** פון דער היגער עדת־ישראל באַוועגונג.

דאָס זענען אַלע טאָג־שולעס, און ביי מיר אין האַרץ איז דאָ די טיפסטע זיכערקייט, אַז די גרינדער און אָנפירער — און העלפער און סימפּאַטיקער — פון אָט די אַלע דערציאונג־אַנ־שטאַלטן האָבן זיך פאַרדינט דעם וואַרעמסטן יישר־כוח ביי אַלע וואָס אַרבעטן לטובת דער גרויסקייט פון אונדזער פאָלק און געשיכטע.

אָבער אַזוי ווי אַלע מאָל, ווען עס קומט צו אַרבעט פון אַ הייליק־יידישן צוועק, זעט מען אויך היינט ווי דער שטן פאַר־לייגט זיך און וויל אונדז אוממעגלעך מאַכן אַריינצוגיסן אַן אמתדיק יידישן אינהאַלט אין אונדזערע דערציאונג־מוסדות.

**חכמים און סופרים, די ליבשאַפט צו** ארץ־ישראל **און** עם־ישראל. **די** מסירת־נפש **פאַר** אלוקי ישראל — **דאָס אַלץ קאָן אונדז געבן נאָר אַ יידישע טאָג־שולע וועלכע איז געווידמעט די העכסטע יידישע אינטערעסן.**

**אַזאַ שולע איז איינער פון די מעכטיקסטע שטיץ־פּונקטן אין די** גלות **לענדער. אַזאַ שולע דאַרפן מיר האָפן צו האָבן אין** הר־הצופים **קאַלעדזש. די** תלמידים **אירע זענען די באַשיצער פון אונדזער פעסטונג.**

**לאָמיר זי בויען, און אַ נייע יידישע זיכערקייט וועט זיך לאָזן פילן אין אונדזערע רייען. פון דאָרט וועט נאָך קומען צו אונדז די גוטע** בשורה:

אל תירא מפחד פתאום, **זאָלסט נישט** מורא **האָבן פאַר אַן אומגעריכטער** שרעק, **אָדער פאַר דער גרויזאַמקייט, וועלכע קומט פון** רשעים... ווייל... כי עמנו אל... **גאָט איז מיט אונדז.**

---

לאָזט אים — דעם שטן — און ער וועט אויסליידיקן אַלע אונדזערע שולעס פון יעדן טראָפּן יידישקייט. אויף געוויסע יידישע לימודים וועט ער טענהן אַז זיי זענען אַלט־מאָדיש. אויף אַנדערע יידישע לימודים וועט ער אייך איינרעדן אַז זיי זענען צו שווער פאַר די תלמידים. ער וויל נישט דערלאָזן, אַז דער יונגער דור אונדזערער זאָל אין זיך אַריינזאַפּן אַ נאַטירלעכע ליבשאַפט פאַר אַ שטיקל **חומש** און **רש״י** אָדער פאַר אַ ביסל **תנ״ך** און **מדרש** און **משניות.** און אפילו אַ געוויסע טיפערע קענטשאַפט פון **מאָדערנעם העברעאיש** —טענהט ער — שטערט דעם תלמיד צו פאַרפולקאָמען זיך אין די וועלטלעכע שול־לימודים.

אַזוי טענהט ער — דער שטן — דורך די מיילער פון די אַסימילאַטאָרישע כוחות, און דער יידישער עולם מוז שטיין אויף דער וואַך טאָג־איין און טאָג־אויס, כדי נישט פלוצלונג באַזיגט צו ווערן פון אָט די דאָזיקע כוחות.

יאָ, דאָס יידישע לעבן אין גלות איז שווער אפילו אונטער די גינסטיקסטע באַדינגונגען, און מיר מוזן זיך כסדר שטאַרקן כדי צו פאַרווירקלעכן די עקזיסטענץ־האָפענונגען פון אונדזער פאָלק. מיר מוזן זיך באַזונדערס שטאַרקן ווען עס האַנדלט זיך וועגן אונדזער יוגנט, וואָס נאָר דורך איר גייסטיקער לאָיאַליטעט קאָן אונדזער פאָלק זיך פאַרזיכערן אַ ליכטיקע צוקונפט.

# רבּי משה בּן מיימון

דער אומשטערבלעכער אַרכיטעקט
פון יידישן לעבן און דענקען

In honour of

Mr. & Mrs. Leopold Abrahamovits

and Mrs. Roza Abrahamovits

לכבוד

ר׳ יהודה ליב ב״ר אליעזר

וזוג׳ מרת ברכה בת ר׳ יוסף חיים

ואמו מרת ראצע בת ר׳ ברוך

יחיו

## ר׳ משה בן מיימון

דער אומשטערבלעכער אַרכיטעקט
פון יידישן לעבן און דענקען

עס איז באַקאַנט, אַז ווען ר׳ משה בן מיימון — דער רמב״ם — איז נפטר געוואָרן, האָט דאָס גאַנצע דעמאָלטיקע יידנטום נאָך אים געטרויערט. אין אַלע יידישע ישובים האָט מען אָפּגעהאַלטן ספּעציעלע טרויער־תפילות און געלייענט די פּרשה פון דער תוכחה. דעם רמב״מס אַוועקגיין פון דער וועלט האָט ביים פאָלק אויסגעזען ווי אַ שטראָף פון הימל. אַזוי ווי דער צאָרן פון דער תוכחה וואָלט זיך געווען אויף אונדז אויסגעגאָסן.

און ווען מ׳האָט אויף זיין קבר אַ מצבה אויפגעשטעלט, האָט מען אויף איר אַ פּאָר ווערטער — זעקס ווערטער — אויסגעקריצט, וועלכע האָבן אָפּגעשפּיגלט די איבערצייגונג פון פאָלק וועגן דעם פאַרשטאָרבענעם. די ווערטער זענען געווען: ממשה ועד משה לא קם כמשה. און מיט די פּאָר ווערטער האָט יענער דור געוואָלט באַווייזן צוויי זאַכן.

ראשית אַז יענער דור, פון אַרום דעם יאָר 1200, איז געווען פונקט אַזוי מדברדיק פאַר די יידן — פונקט אַזוי פאַרוויסט, פונקט אַזוי שטורמיש און באַדנלאָז — ווי דער דור פון די, וועלכע זענען אַרויס פון מצרים און וועלכע האָבן זיך געוואַלגערט אין אַ וויסטעניש, מיט אַ נעכטן פון פאַרשקלאַפונג און אַ היינט פון אומזיכערקייט.

און שנית האָט יענער דור געוואָלט זאָגן, אַז דאָס וואָס משה רבינו האָט אויפגעטאָן פאַרן דור המדבר, האָט ר׳ משה בן מיימון אויפגעטאָן פאַר זיין אייגענעם דור.

משה רבינו איז געווען אַ פירער בחסד עליון, און ער

האָט געגעבן די יידן אַ קלאָר בילד פון זייערע גלויבונגען און פליכטן. און דאָס זעלבע האָט אויך דער רמב״ם באַוויזן צו טאָן. משה רבינו האָט געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דער עקזיסטענץ פון אַ געטלעך און נאַבל פאָלק. און דעם זעלבן פונדאַמענט האָט דער רמב״ם באַנייט און ער האָט דערמעגלעכט, אַז דאָס פאָלק זאָל ווייטער קאָנען עקזיסטירן מיט אַ געטלעך און נאָבל לעבן.

לאָמיר זיך איצטער צוזען — אויפן יסוד פון עטלעכע פּרטים — וואָס אַזוינס איז געווען דעם רמב״מס אויפטו, און ווי אַזוי ער האָט באַוויזן אַזוי טיף זיך איינצופלאַנצן אין אונדזער געשיכטלעכן זכרון.

מיר ווייסן אַז דער רמב״ם האָט געלעבט אין דעם מיטל־אַלטער, ווי מיר רופן דאָס אָן, מיט אַן ערך 760 יאָר צוריק. און מיר שטעלן זיך פאָר — און גאַנץ ריכטיק — אַז דער מיטל־אַלטער איז געווען ווייניקער ציוויליזירט ווי די מאָדערנע צייטן. אָבער מיר טאָרן נישט פאַרגעסן, אַז ווען דער רמב״ם האָט געלעבט, זענען יענע יאָרן געווען די מאָדערנע צייטן, פּונקט אַזוי ווי פאַר אונדז זענען די היינטיקע יאָרן די מאָדערנע צייטן.

און פּונקט ווי מיר זענען היינט־צו־טאָג אַרומגערינגלט מיט פּראָבלעמען — וויסנשאַפטלעכע, עקאָנאָמישע און סאָציאַלע, רעליגיעזע און קולטורעלע — אַזוי איז אויך אונדזער פאָלק דעמאָלט געווען קאָנפראָנטירט מיט פּראָבלעמען.

פאַקטיש שטייט פאַר יעדן דור די אויפגאַבע פון צופּאַסן זיך צו די באַדינגונגען פון דער צייט און פון דעם אָרט. דער פּראָצעס פון אַזאַ צופּאַסן זיך רופט אַרויס פאַרשידענע פראַגן און שוועריקייטן ביים יחיד ווי אויך ביים כלל. און ווי מיר וועלן זען, זענען אינעם דור פון רמב״ם אויפגעשוואומען צוויי שווערע און קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען.

איינער איז געווען — ווי אַזוי אויפצוהאַלטן די נאַציאָנאַלע גאַנצקייט פון יידישן פאָלק. דער צווייטער איז געווען — ווי אַזוי איינצוהאַלטן די קולטורעלע גאַנצקייט פון פאָלק. אוןביידע פּראָבלעמען האָט דער רמב״ם זיך אונטערגענומען צו לייזן.

די וועלט איז דעמאָלט געווען איינגעטיילט אין צוויי גרויסע און קעגנזייטיק פיינטלעכע בלאָקן. איינער — דער אַראַבישער בלאָק מיט לענדער אין שפּאַניע, צפון־אַפריקע און אין נאָענטן מזרח. און דער צווייטער בלאָק — דער קריסטלעכער מיט לענדער אין מערב־ און צענטראַל־איראָפּע.

אין ביידע בלאָקן האָבן יידן געליטן פּאָליטיש ווי אויך אין אַנדערע הינזיכטן. ביי די קריסטן איז דעמאָלט געווען די תקופה פון די קרייץ־צוגן, און אין יענער תקופה זענען אומ־געקומען צענדליקער יידישע קהילות מיט אומצייליקע יידישע אומשולדיקע נפשות — אין פראַנקרייך און נאָך מער אין דייטש־לאַנד. און ביי די אַראַבער האָט זיך דעמאָלט צעפלאַקערט אַ רעליגעזער פאַנאַטיזם, וואָס האָט געשטעלט אין סכנה די עקזיס־טענץ פון אונדזערע ישובים אין די אַראַבישע לענדער.

אָט אין אַזעלכע באַדינגונגען איז אויסגעוואַקסן דער יונגער בחור, וועמען עס איז שפּעטער באַשערט געווען צו ווערן דער רמב״ם. ער איז קוים אַלט געווען דרייצן יאָר, ווען זיין גע־בורט־שטאָט אין שפּאַניע — קאָרדאָוואַ — איז פאַרכאַפּט גע־וואָרן פון מוסולמענישע פאַנאַטיקער, און באַלד האָבן זיי אַרויס־געגעבן אַ גזירה, אַז אַלע נישט־מוסולמענער מוזן פאַרלאָזן דאָס לאַנד אָדער — זיך שמדן רחמנא לצלן. אַנדערש וועלן זיי פאַרמשפּט ווערן צום טויט. די דאָזיקע גזירה האָט אָנגעהאַלטן אַ גוטע פּאָר יאָר. און דער רמב״ם איז אונטערגעוואַקסן, און מיט זיין גאוניש קאָפּ האָט ער אָנגעהויבן צו אַרבעטן כדי צו פאַרזיכערן דעם קיום פון פאָלק.

ער האָט פאַרשטאַנען איין זאַך. און דאָס איז, אַז דאָס פאָלק איז אין גלות, נישט פון היינט און נישט פון נעכטן, נאָר פון לאַנגע און לאַנגע דורות. און אויב דורך די אַלע דורות האָט עס זיך דערהאַלטן, איז עס געווען צוליב דעם וואָס עס האָט זיך געווידמעט צו אַן אייגנטימלעך יידיש לעבן. און דער יסוד פון דעם לעבן איז געווען — נישט ווי ביי אַנדערע פעלקער — אַ לאַנד אָדער אַ שפּראַך.

דער יסוד איז געווען דאָס פאַרהייליקטע געזעץ, לויט וועלכן דער ייד האָט געלעבט און געשטרעבט, אומעטום און אַלע מאָל. עס איז דאָ אַ תורה. עס זענען דאָ יידישע כתבי־

קודש. עס איז דאָ אַ משנה און אַ גמרא. עס איז דאָ אַ גרויסע יידישע ליטעראַטור, וועלכע נעמט אַרום די פאַרשידנסטע אַספּעקטן פון אונדזער עקזיסטענץ. און איצט האָט דער רמב״ם איינגעזען — און די יאָרן האָבן געהאַלטן אין איין פליסן — אַז די ברייטע שיכטן פון פאָלק האָבן כמעט מער נישט די מעגלעכקייט צו באַקענען זיך מיט זייער גרויסער ליטעראַטור.

נישט נאָר איז זי צעוואָרפן אין די בלעטער פון הונדערטער מקורות אינעם תלמוד, אין די מדרשים און שאלות־ותשובות, וועלכע עס איז נישט לייכט צו באַקומען. נאָר אויך די אָרומיקע אומשטענדן זענען קריטיש. די שונאים אונטערדריקן דאָס פאָלק, און דאָס פאָלק איז געצוואונגען צו פאַרנאַכלעסיקן די גייסטיקע ירושה זיינע.

ווער עס לייענט די הקדמה, וואָס דער רמב״ם האָט געשריבן צו זיין משנה־תורה, ווייסט ווי אַזוי זיין האַרץ האָט געציטערט פאַרן גורל פון דער יידישער צוקונפט.

ער האָט געזען ווי דווקא אין זיין צייט האָבן זיך די צרות פון די יידן פאַרמערט און פאַרגרעסערט אַ סך איבער דער נאָרמאַלער מאָס — אויב עס איז דאָ אַ נאָרמאַלע מאָס פון צרות פאַר אונדזער פאָלק — און די פעאיקייט ווייטער צו ליידן האָט זיך שוין געהאַט כמעט אויסגעלאָזט...

ער האָט געזען ווי די יידישע וויסנשאַפט גייט ממש פאַרלוירן, און אַז עס זענען פאַראַן זייער ווייניק מענטשן, וועלכע ווייסן עפּעס פון אונדזער פאַרצווייגטער ליטעראַטור...

ווער עס האָט זיך נאָר אַריינגעטראַכט אין דעם מצב האָט פאַרשטאַנען ווי גרויס עס איז די נויטווענדיקייט צוזאַמענצוהאַלטן דאָס פאָלק. דער ייד מוז נאָך אַמאָל האָבן די מעגלעכקייט זיך צו באַקענען מיט די ראַמען אין וועלכע ער לעבט. און אַריינצוזאַפּן אין זיך דעם תוכן מיט וועלכן עס שפּרודלט דער יידישער גייסט.

און צו מאַכן אַזאַ מעגלעכקייט איז געוואָרן — ווי מיר וועלן זען — איינע פון די הויפּט־אויפגאַבעס, וועלכע דער רמב״ם האָט זיך אונטערגענומען דורכצופירן אין זיין לאַנג־יעריקער טעטיקייט.

*

און נאָך אַן אַנדערע זאַך.

אין יענע יאָרן האָט די גויאישע וועלט זיך אָנגעהויבן אויפצווועקן פון איר נידעריקן קולטורעלן מצב. זי האָט אָנגעהויבן זיך פאַרנעמען מיט וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען, און זי האָט אַנטדעקט אַן אינטעלעקטועלן אוצר אין די שריפטן פון די אַלט־גריכישע פילאָזאָפן.

מ'האָט איבערגעזעצט אויף די לאַטייניש און אַראַבישע שפּראַכן די ווערק און פּלאַטאָ און אַריסטאָטעל, די גרעסטע פון די אַלט־גריכישע דענקער, און נאָך אַ סך אַנדערע אַלטערטימלעכע שריפטן. און גלייך איז אַנטשטאַנען אַ דראַנג אויסצוגעפינען דעם אמת אין די פאַרשידענע אויפפאַסונגען.

די גויים האָבן אייגנטלעך געהאַט זייער אמונה — אַ גלויבן וואָס האָט זיך באַזירט אויף דער יידישער אמונה. אָבער דער גאָט, וועלכער איז באַשריבן אין די ספרים פון אונדזער תנ"ך, איז נישט געווען דער זעלבער גאָט, וועלכן די פילאָזאָפן האָבן באַשריבן אין זייערע ווערק. טאָ וועלכער פון די געטער איז געווען דער אמתער גאָט — האָבן די אינטעלעקטועלע קרייזן געוואָלט וויסן.

די גויים האָבן אויך געהאַט אַ פאָרשטעלונג ווי אַזוי די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן — לויט די דערציילונגען אין אונדזערע ספרי־קודש. אָבער די גריכישע דענקער האָבן געגעבן אַן אַנדער בילד פון דעם אַלעם. און איצט האָט מען געוואָלט דערגיין וואו דער אמת ליגט: צי אין די רעליגיעזע אויפפאַסונגען פונעם תנ"ך, אָדער אין די אויפפאַסונגען פון די אַלט־גריכישע פילאָזאָפן.

בכלל האָט מען דעמאָלט — פונקט אַזוי ווי היינט — געוואָלט אַנטדעקן דאָס וואָס איז נאָך געווען פאַרהוילן אין די דערשיינונגען פון דער אַרומיקער נאַטור.

וואָס אַזעלכעס איז דער הימל — האָט מען זיך געפרעגט. וואָס איז גאָט? וואָס איז דער מענטש? צי האָט ער עפּעס אַזוינס וואָס מען איז באַרעכטיקט צו באַצייכענען אַלס אַ נשמה? און צי איז די נשמה אומשטערבלעך?

און פונקט אַזוי ווי היינט זענען פאַראַן אַ סך מענטשן וואָס האַלטן, אַז עס איז דאָ אַ קאָנפליקט צווישן די אויפפאַסונגען פון

דער רעליגיע און די אויפפאַסונגען פון דער וויסנשאַפט, אַזוי האָט מען אויך אין יענע צייטן געפילט, אַז עס איז דאָ אַזאַ מין סתירה. דער אונטערשיד איז אָבער, אַז היינט איז מען נישט אַזוי טיף פאַראינטערעסירט אין אָט דעם קאָנפליקט, ווייל מ׳פאַר־נעמט זיך שוין נישט אַזוי פיל מיט די פאַרלאַנגען פון דער אמונה. היינט האַלט מען אַז די וויסנשאַפט איז גענוג, און אַז מיט די וויסנשאַפטלעכע מעטאָדן וועט מען אַלץ קענען דערגיין. קיין שום סודות — זאָגט מען — וועלן אין דער נאַטור נישט פאַר־בלייבן אין משך פון דער צייט. כאָטש — פון דער אַנדערער זייט — זענען אויך היינט נאָך פאַראַן אומצייליקע גרויסע גע־לערנטע וואָס גלויבן, אַז דער קאָסמאָס ווערט אָנגעפירט פון אַ מיסטעריעזן כוח וועלכן דער מענטש וועט קיינמאָל נישט דערו־גרונטעווען.

אין יענע יאָרן אָבער איז די אמונה געשטאַנען אויף דעם ערשטן אָרט אינעם לעבן פונעם מענטש און פון דער געזעל־שאַפט. און ווען מען האָט באַמערקט, אַז דאָס וואָס די אמונה באַהויפּטעט איז נישט אַלע מאָל דיקטירט פון די באַגריפן פונעם מענטשלעכן שכל, איז מען געוואָרן באַאומרואיקט. עס זענען דעריבער דערשינען שריפטן פון די גרעסטע דענקער. און אין די דאָזיקע שריפטן האָט מען זיך באַמיט צו געפינען אַן אויס־וועג, און אויסצוגלייכן די פּרינציפּן פון דער אמונה מיט די פּרינציפּן פון דעם ריינעם שכל — לויט ווי מען האָט אים דע־מאָלט פאַרשטאַנען.



די צרה איז אָבער געווען וואָס די אָנגעבאָטענע אויסגלייכן האָבן נישט האַרמאָנירט צווישן זיך. איין דענקער האָט געזאָגט אַזוי, און אַן אַנדערער דענקער האָט געזאָגט עפּעס אַנדערש. און עס איז אַרויסגעקומען אַ גאַנצער בלבול־המוחות. און דער בלבול־המוחות האָט אויך מיטגעריסן אַ סך פון אונדזער פאָלק אין יענער צייט.

אמת, יעדער ייד האָט אָנערקענט אַז די יידישע אמונה איז וויכטיק. וואָס זאָל מען אָבער טאָן מיט די פּרינציפּיעלע פראַגן וואָס די פילאָזאָפיע שטעלט און אויף וועלכע די אמונה זעט אויס נישט צו געבן קיין קלאָרן ענטפער?

אַזוי אַרום האָט יענער דור — דער דור פונעם רמב״ם — געזוכט צו געפינען אַ וועג אינעם לאַבירינט פון די פאַרשידענע אַנשויאונגען. און דאָס איז געווען אַ חוץ די שוועריקייטן מיט וועלכע ער האָט זיך צונויפגעטראָפן פון פּאָליטישן און סאָציאַלן שטאַנדפּונקט.

דער ייד איז געווען פאַרטומלט קולטורעל. נישט נאָר האָט דער נוצרי געטענהט אַז זיין רעליגיע איז ריכטיק און אַז אַלע אַנדערע רעליגיעס זענען פאַלש. און נישט נאָר האָט דער מוסולמענער געזאָגט, אַז די מוסולמענישע רעליגיע האָט גע־ירשנט די גרויסקייט פון די אַנדערע רעליגיעס. נאָר אויך דער וויסנשאַפטלער איז איצט געקומען און געזאָגט, אַז די גריכישע פילאָזאָפיע איז גערעכט, און אַז אַלץ וואָס שטימט מיט איר נישט איין, איז פאַלש און דאַרף אָפּגעוואָרפן ווערן.

עס איז דעריבער קיין וואונדער נישט וואָס דער ייד האָט אָנגעהויבן צו בלאָנדזשען.

נאַציאָנאַל ווערט ער אונטערדריקט. רעליגיעז ווערט ער פאַרשעמט. אינטעלעקטועל ווערט ער אַרויסגעשטופּט און באַ־צייכנט אַלס נישט אויסגעהאַלטן. און אין אַזעלכע כאַאָטישע באַדינגונגען האָט ער זיך געגויטיקט אין אַ פירער, וועלכער זאָל אים העלפן זיך אויסלייזן פון זיין פאַרפּלאָנטערטקייט. און אויך די דאָזיקע אויפגאַבע האָט דער רמב״ם זיך אונטערגענו־מען דורכצופירן.

*

נאָך אין זיינע יונגע יאָרן האָט דער רמב״ם שטודירט אַ סך פון די וויסנשאַפטן, וועלכע יעדער געלערנטער מענטש האָט באַטראַכט אַלס זיין חוב מיט זיי זיך צו באַקענען. ער האָט שטודירט לאָגיק און מעטאַפיזיק. אַ חוץ דעם וואָס ער איז געווען אַ גרויסער מומחה אין מעדיצינישער אויסבילדונג און פּראַקטיק, האָט ער זיך פאַרנומען מיט מאַטעמאַטיק און אַסטראָ־נאָמיע, און ער שרייבט אין איינער פון זיינע תשובות, אַז ער האָט דורכגעאַרבעט אַלע ביכער וואָס זענען ביז דעמאָלט געווען אָנגעשריבן אויף אַלערליי פילאָזאָפישע טעמעס. און דאָס איז שוין גאָרנישט קיין קלייניקייט...

ווי אַזוי ער האָט דאָס אַלץ באַוויזן צו טאָן, איז נישט

לייכט זיך פאַרצושטעלן. ווייל ווי שוין געזאָגט, זענען דאָס געווען אומרואיקע צייטן פאַרן ייד. צוזאַמען מיט זיינע עלטערן האָט זיך דער יונגער רמב״ם אַרומגעוואַלגערט פון איין שטאָט אין דער אַנדערער, און געוואַנדערט פון איין לאַנד אין אַן אַנדער לאַנד. אַ לאַנגע צייט האָט ער אפילו נישט געטאָרט אויסגעבן זיך אַלס ייד. און ווען, אין עלטער פון דרייסיק יאָר בערך, ער האָט זיך שוין ענדלעך געהאַט באַזעצט אין קאַאירא, אין מצרים, האָט ער ערשט אָנגעטראָפן אויף שוועריקייטן, וועלכע האָבן אים געצוואונגען צו אַרבעטן אויף פּשוטער טאָג־טעג־לעכער פּרנסה.

ווי אַזוי קאָן מען אָבער אין אַזאַ מצב זיך פאַרנעמען מיט אויספאָרשן די טיפסטע פּראָבלעמען און באַקענען זיך מיט די קאָמפּליצירטסטע וויסנשאַפטן!...

און דאָך, מיט דעם גאונישן קאָפּ וואָס ער האָט געהאַט, האָט ער דערגרייכט די העכסטע שטופע פון אַ גאון ממש אין יידישע לימודים, ווי אויך פון אַ גרויסן דענקער אין וועלטלעכער בילדונג, און ער האָט באַוויזן אויסצופירן די אויפגאַבעס וועלכע ער האָט זיך געהאַט אַמאָל געשטעלט.

*

איך וואָלט גערן אין דער דאָזיקער אָפּהאַנדלונג דערציילט אויך אַ ביסל מער איינצלהייטן פון דעם פּריוואַטן לעבן פונעם רמב״ם. ווי אַזוי, למשל, ער איז געוואָרן דער יידישער פאַר־שטייער ביים עגיפּטישן סולטאַן אין קאַאירא; ווי אַזוי זיין ברודער דוד, אַ סוחר, איז אומגעקומען ווען די שיף אין וועלכער ער איז געפאָרן האַנדלען איז אונטערגעגאַנגען אויפן וועג פון מצרים קיין אינדיע; און ווי אַזוי דער רמב״ם האָט באַזוכט ארץ־ישראל און ירושלים, און זיך אויסגעוויינט אויף די הייליקע קברים פון אברהם, יצחק און יעקב אין דער מערת המכפלה אין חברון. איך וואָלט אויך דערציילט ווי אַזוי ער האָט באַקעמפט די קראים — די קאַראַאימער — וועלכע האָבן דעמאָלט געהאַט זייער צענטער אין מצרים.

מיין הויפּט־ציל דאָ איז אָבער צו ווידמען מיינע ווערטער צו דער גייסטיקער אַרבעט פונעם רמב״ם — אַן אַרבעט וואָס נעמט אַרום אַ סך אינטערעסאַנטע, וויכטיקע און גאונישע

שריפטן — און פון צווישן די דאָזיקע שריפטן וויל איך דער־מאָנען ספּעציעל צוויי ווערק, וועלכע גילטן עד היום ווי צוויי גאָר גרויסע מאָנומענטן פון געדאַנק און בליק און צוועק.

די צוויי ווערק זענען: א) די משנה־תורה, אָדער ווי מ׳רופט זי אויך די יד־החזקה, און ב) דער מורה נבוכים.

אין דעם ערשטן ווערק גיט אונדז דער רמב״ם אַ סיסטעמאַטישן אָפּקלייב פון אַלע יידישע געזעצן וואָס עקזיס־טירן נאָר ערגעץ־וואו. אפילו די געזעצן וועלכע זענען שוין נישט אָנגעגאַנגען אין די צייטן אין וועלכע ער האָט געלעבט — ווי למשל די הלכות פון קרבנות און בית־המקדש און מלכים — אַלץ האָט דער רמב״ם צונויפגעזאַמלט, מיט מער ליבשאַפט און זאָרג ווי מען זאַמלט צונויף פּערל און טייערע אוצרות, און ער האָט זיי איינגעטיילט אין פערצן גרויסע אָפּטיילונגען. דאָס איז געווען זיין משנה־תורה, ווייל די גאַנצע תורה פון יידנטום — סיי די געזעצן פון תורה שבכתב און סיי די געזעצן פון תורה שבעל־פה — איז אין דעם ווערק איינגעגלידערט.

און אין דעם צווייטן מאָנומענטאַלן ווערק פונעם רמב״ם — דעם מורה נבוכים — נעמט דער מחבר זיין לייענער ביי דער האַנט, אַזוי צו זאָגן, און פירט אים דורך די אַלע פילאָזאָ־פישע פּראָבלעמען וועלכע האָבן באַאומרואיקט דעם מענטשלעכן מוח פונעם ייד און ווייזט אים ווי אַזוי אויסצוטייטשן די יידישע אמונה אינעם ליכט פון דער פילאָזאָפיע.

עס איז נישטאָ קיין איין פונקט אין דער יידישער אמונה, וואָס דער רמב״ם זאָל אים נישט אנאליזירן מיטן קאַלטן שכל און באַמיען זיך אים צו ברענגען אין הסכם מיט די וויסנשאַפטלעכע אויפפאַסונגען פון יענער צייט.

*

אָט געדענקען מיר אַלע דעם ערשטן פּסוק פון דער תורה: בראשית ברא אלוקים את השמים ואת הארץ. אין דעם פּסוק שטעלן מיר פעסט, אַז אין אָנהויב האָט די געטלעכע קראַפט באַשאַפן דעם הימל און די ערד. דאָס זענען פּשוטע ווערטער, און אפילו אַ קליין חדר־ייִנגל פאַרשטייט זיי. אָבער דאָך, פאַר דעם דענקנדיקן מענטש זענען דאָס ווערטער וואָס פאַרמאָגן די טיפסטע פילאָזאָפישע סודות, און ער וויל וויסן וואָס די סודות זענען, און ווי אַזוי זיי ראַציאָנעל צו פאַרשטיין.

וואָס הייסט, אַז גאָט האָט באַשאַפֿן? ווער האָט געזען גאָט? ווי אַזוי קאָן מען באַווייזן, אַז אַזאַ גאָט עקזיסטירט? און פֿון וואָס האָט ער באַשאַפֿן הימל און ערד?

וואָס הייסט, אַז אין אָנהויב האָט ער באַשאַפֿן? און וואָס איז געווען פֿאַר „בראשית", איידער די וועלט איז באַשאַפֿן געוואָרן?

דאָס זענען עטלעכע פֿון די פֿראַגן וואָס דער דענקער מוז ענטפֿערן. אַנדערש בלייבט די וועלט פֿאַר אים אַ מיסטעריעזע זאַך, און דער דענקערישער מוח קאָן נישט דולדן קיין מיס־טעריעזע זאַכן אַרום אים. ער מוז זיי אויפֿדעקן, ער מוז זיי לייזן אויף אַזאַ אופֿן, אַז זיין אינטעלעקט זאָל זיין באַפֿרידיקט.

לאָמיר אָבער גיין נאָך אַ ביסל ווייטער.

אָט דרייט זיך אַרום אין דער וועלט אַזאַ באַשעפֿעניש ווי דער מענטש. עס זענען נאָך פֿאַראַן אַנדערע באַשעפֿענישן, כמעט אַן אומענדלעכע צאָל פֿון זיי, אַ חוץ אַנדערע עקזיסטירנ־דיקע אָרגאַניזמען און זאַכן. מען קאָן דאָס אַלץ איינטיילן אין פֿיר קאַטעגאָריעס: דער דומם, דער צומח, דער חי און דער מדבר. דער נידעריקסטער שטאַנד איז דער דומם, די נישט־לעבעדיקע קאַטעגאָריע, ווי, למשל, אַ שטיין אָדער אַ שטיק מעטאַל. נאָכדעם קומט דער צומח, די זאַכן וואָס וואַקסן, ווי למשל אַ שטיק האָלץ, אַ בוים אָדער אַ פּרוכט. נאָכדעם זענען פֿאַראַן די לעבעדיקע „ברואים", דער חי, ווי פֿיש און פֿייגל און חיות און בהמות. און צום סוף קומט דער רעדעוודיקער מין, דער מדבר, וועלכער נעמט אַרום — וואָס מיר רופֿן אָן — דעם מענטש.

וואָס איז דער צוועק פֿון דעם אַלעם, פֿון די אַלע קאַטעגאָריעס? און אויב מיר זאָלן שוין אָננעמען, אַז די ערשטע דריי קאַטעגאָריעס — די שטיינער און די ביימער און די חיות — זענען באַשאַפֿן געוואָרן כדי צו ברענגען אַ נוצן פֿאַר דעם מענטש, בלייבט נאָך אַלץ די פֿראַגע וועגן דעם צוועק פֿון דער מענטשלעכער עקזיסטענץ. צוליב וואָס עקזיסטירט דער מענטש? וואָס פֿאַרלאַנגט מען פֿון אים בשעת ער לעבט? און וואָס געשעט מיט אים ווען ער שטאַרבט אַוועק?

הייַנט, אין אונדזערע אייגענע צייטן, זענען אויך דאָ דענ־

קער וועלכע פאַרנעמען זיך מיט אויספאָרשן די פאַרשידנסטע אינטעלעקטועלע פּראָבלעמען. אָבער דער מאָדערנער צוגאַנג צום לעבן איז אַנדערש ווי ער איז אַמאָל געווען.

מען דערציילט אַז אַ פרומער ייד האָט אַמאָל געוואָלט אויפֿוועקן זיין זון און מיטנעמען אים אין שול אַריין, כדי ער זאָל אויסגיסן זיין האַרץ אַ ביסל פאַרן בורא־עולם. עס איז גראָד געווען אין די סליחות־טעג, און דער טאַטע וועקט אַזוי זיין זון און זאָגט צו אים:

— שטיי אויף מיין קינד, שטיי אויף, אַ מענטש לעבט נישט אייביק...

און דער זון דרייט זיך איבער אויף דער אַנדערער זייט, און ענטפערט זיין פאָטער:

— לאָז מיך צורו, טאַטע, איך וויל נישט לעבן אייביק...

דאָס איז דער מאָדערנער צוגאַנג ביי אַ סך פון אונדזערע אייגענע מענטשן. על אחת כמה וכמה איז עס אַזוי ביים פּשוטן מענטשן אין גאַס. ער וויל מען זאָל אים לאָזן צורו. ער לייקנט גאָר אָפּ אין גאַנצן דעם ענין פון אַ געטלעכער שאַפונג פונעם מענטש, אַזוי אַז לויט אים קאָן גאָרנישט אַנטשטיין די פראַגע וועגן עפּעס וואָס אַ צוועק, צוליב וועלכן דער מענטש זאָל האָבן באַשאַפן געוואָרן.

אָבער אין יענע צייטן — אין די צייטן פון רמב״ם — ווי שוין פריער באַמערקט, האָט מען זיך געמוטשעט צו פאַרשטיין די גאַנצע שאַפונג, ווי אויך דעם תכלית פון דער שאַפונג. און אין די אַלע פּראָבלעמען האָט דער רמב״ם אַריינגעדרונגען, און ער האָט אונדז איבערגעלאָזט אַ בילד פון זיינע אויספירונגען, וועלכע ער האָט אגב אין דער ערשטער ריי צוזאַמענגעשטעלט פאַר אַ געוויסן רבי יוסף עקנין, איינעם פון זיינע באַליבטסטע תלמידים.

ער האָט אַנאַליזירט אַלע סאָרטן פראַגן — מעטאַפיזישע, מאָראַלישע, טעאָלאָגישע און רעליגיעזע — און זיינע ענטפערס האָט ער פאַר אונדז אַזוי שיין אויפגעבויט, פּונקט ווי אַ גאונישער אַרכיטעקט בויט אויף אַ בנין פון שיינקייט און קלוגשאַפט, וואָס דאַרף באַפרידיקן די באַדערפעניש פון דעם וועלכער וואוינט אין דעם הויז.

לאָמיר נעמען די פראַגע פון דער עקזיסטענץ פון גאָט — די סאַמע גרעסטע און וויכטיקסטע פראַגע, וועלכע דער דענקענ־דער מענטש האָט אין יענע צייטן געהאַט.

דער רמב״ם האַלט אַז אויב מיר זאָגן, אַז מיר גלויבן אין דער עקזיסטענץ פון גאָט, איז עס נישט סתם ווייל מיר גלויבן אַז ער עקזיסטירט. מיר זאָגן עס ווייל מען קאָן די עקזיסטענץ באַווייזן אויף אַ ראַציאָנעלן אופן.

און דער רמב״ם זאָגט ווייטער: אומעטום, אין דער גאַנצער נאַטור זעט מען, אַז יעדע זאַך וואָס עקזיסטירט איז עס צוליב דעם וואָס אַן אַנדערע און פריערדיקע זאַך האָט גורם געווען אַז זי זאָל עקזיסטירן, אַזוי, למשל, אַ בוים אַנטשטייט פון אַ קערנדל וואָס מ׳האָט געפלאַנצט אין דער ערד. אָבער דאָס קערנדל שטאַמט פון אַן אַנדערן בוים, וועלכער שטאַמט ווייטער פון אַ פריערדיק קערנדל. און אַז מ׳גייט אַזוי צוריק, ווייט־ווייט צוריק, קומט מען צו צו דער סאַמע ערשטער סיבה וואָס האָט גורם געווען, אַז דאָס קערנדל זאָל עקזיסטירן, און אַז בעצם די גאַנצע וועלט זאָל עקזיסטירן.

אָן אַזאַ ערשטער סיבה וואָלט גאָרנישט עקזיסטירט. ווייל עס איז קעגן די געזעצן פון דער נאַטור, און אויך קעגן די אויפפאַסונגען פונעם פשוט שכל, אַז עפּעס וואָס זאָל קענען קומען אין עקזיסטענץ ווען עפּעס אַנדערש האָט אים אַזאַ עקזיסטענץ נישט געגעבן.

און עס איז טאַקע די דאָזיקע ערשטע סיבה וועלכע מיר באַצייכענען אַלס די געטלעכקייט, אַלס גאָט. און עס איז טאַקע דער דאָזיקער גאָט וועלכער האָט באַשאַפן די וועלט, און עס איז אויך דער זעלבער גאָט וועלכער פירט אָן מיט אַלעם וואָס געפינט זיך אין דער וועלט.

*

דאָס וואָס איך האָב אָקאָרשט אַרויסגעזאָגט אין אַ פּאָר שורות פאַרנעמט ביים רמב״ם אַ סך קאַפּיטלען, סיי אין זיין משנה־תורה און סיי אין זיין מורה־נבוכים. מיט אַ זעלטענער טיפקייט אַנאַליזירט ער דעם ענין, ווייל דער עצם פּראָבלעם איז זייער שווער צו פאַרשטיין אין זיין גאַנצער גרינטלעכקייט. אין אַלגעמיין באַנוצט דער רמב״ם די מעטאָדן פון דעם גריכישן

דענקער אַריסטאָטעל ביים באַגרינדן די אויפפאַסונג אַז גאָט עקזיסטירט. דער יידישער דענקער גיט אָבער צו אַז אין גע־וויסע הינזיכטן איז ער מיט דעם גריכישן פילאָזאָף לגמרי נישט מסכים.

און רעדנדיק וועגן גאָט באַווייזט דער רמב״ם ווייטער, אַז גאָט איז אַ גייסט און אַז ער האָט נישט קיין קערפּער. ווייל אויב ער וואָלט געהאַט אַ קערפּער, און דער קערפּער איז אַ מאַטעריעלער קערפּער, האָט דאָך ווער געמוזט באַשאַפן די מאַטעריע צוערשט. אַזוי אַרום וואָלט דער באַשאַפער פון דער מאַטעריע געווען גרעסער פון דעם מאַטעריעלן גאָט, און דאָס איז דאָך נישט מעגלעך אָנצונעמען פון דעם לאָגישן שטאַנד־פּונקט. קומט טאַקע אויס, אַז דער גאָט וועגן וועלכן מיר רעדן, איז אַ גייסטיקע עקזיסטענץ און האָט נישט קיין שום קערפּער־לעכע געשטאַלט.

אויף אַן ענלעכן אופן קאָן מען אויך באַווייזן, אַז גאָט איז איין־און־איינציק. ווייל אויב ער וואָלט געווען צוויי געטער, אָדער מער, וואָלטן זיי דאָך געהאַט פאַרשידענע קוואַליטעטן. איין גאָט וואָלט געווען, למשל, נומער איינס, און דער אַנדערער גאָט וואָלט געווען נומער צוויי, און אַזוי ווייטער, כּדי דורך דעם פאַנאַנדערצושיידן איינעם פון דעם אַנדערן. אויב אָבער איין גאָט האָט אַזעלכע קוואַליטעטן, און דער אַנדערער האָט אַנדערע קוואַליטעטן, איז דאָך דאָס אַ באַווייז, אַז קיין איינער פון זיי האָט נישט די פולקאָמע פּערפעקציע וואָס מיר שטעלן זיך פאָר, אַז אַ גאָט — די העכסטע עקזיסטענץ — דאַרף האָבן. אויף אַזאַ אופן מוז מען צוקומען צום באַשלוס, אַז גאָט — דער באַשעפער — איז איין־און־איינציק.

אויף די דאָזיקע פּאָר ווערטער וואָס איך האָב דאָ אַרויס־געזאָגט פאַרנעמען ביים רמב״ם אַ סך קאַפּיטלען. ווייל מען מוז זיך זייער טיף פאַרטראַכטן כּדי צו באַגרייפן וואָס עס הייסט אַן איין־און־איינציקער גאָט, און וואָס אַזעלכעס איז אַ גאָט וואָס איז בלויז אַ גייסט און האָט נישט קיין קערפּער.

אָבער אויף וויפיל עס איז נוגע מיין איצטיקער טעמע, ווייל איך נאָר אָנווייזן אויף די פאַרוויקלטע פּראָבלעמען, וועלכע האָבן דעם גרויסן לערער און דענקער פון יידישן פאָלק באַשעפטיקט.

בכלל האָף איך, אַז מען וועט מיר נישט פאַראיבל האַלטן צוליב דעם פּשוטן מעטאָד מיט וועלכן איך באַריר דאָ ענינים, וועלכע שטייען באמת ברומו של עולם. דאָס איז דער פּרדס וועגן וועלכן די גמרא דערציילט, אַז פון די פיר חכמים וועלכע זענען אין אים אַריינגעגאַנגען, האָט נאָר רבי עקיבא זוכה געווען אַריינצוגיין בשלום און אַרויסצוקומען בשלום.

זאָל דער לייענער מיינער געדענקען דעריבער, אַז איך גיב דאָ איבער נישט מער ווי אַ פּאָר ראשי־פּרקים פון דער אַרבעט פונעם רמב״ם, אַן אַרבעט וועלכע — ווי מיר ווייסן — האָט אים פאַרנומען עטלעכע צענדליק יאָר.

און אַזוי וויל איך טאַקע נישט מער ווי אָנצייכענען אין אַלגעמיינע שטריכן נאָך אַ פּאָר פראַגן וועלכע דער רמב״ם באַמיט זיך פאַר אונדז קלאָר צו מאַכן.

*

מיר זאָגן — פונעם פילאָזאָפישן שטאַנדפּונקט — אַז גאָט האָט נישט קיין קערפּער. פון דער דאָזיקער הנחה קומט אַרויס, אַז גאָט האָט נישט קיין שום קערפּערלעכע פאָרמען אָדער אייגנשאַפטן.

אַזוי למשל קאָן ער נישט האָבן קיין הענט אָדער אויגן, אָדער אַ מויל, אָדער אויערן. און אַזוי קאָן ער אויך נישט האָבן קיין זכרון מיט וועלכן צו געדענקען, אָדער אַ ווילן מיט וועלכן עפּעס צו פאַרלאַנגען, אָדער אַ טעמפּעראַמענט מיט וועלכן עפּעס צו ליבן אָדער צו באַדויערן.

און אויב דאָס אַלץ איז אמת — פרעגט די וועלט — טאָ ווי אַזוי קענען מיר פאַרשטיין דעם תנ״ך אונדזערן, אין וועלכן גאָט איז פאָרגעשטעלט אַזוי ווי ער וואָלט יאָ געהאַט קערפּערלעכע פאָרמען און אייגנשאַפטן?

איז ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך? אין תנ״ך געפינט מען אַז איין מאָל ווייזט גאָט אַרויס ליבשאַפט צו איינעם אָדער צו עפּעס, און אַ צווייט מאָל בייזערט ער זיך. איין מאָל זעט ער וואָס עס טוט זיך, און אַ צווייט מאָל הערט ער זיך צו. איין מאָל געפינט ער זיך אויף איין פּלאַץ, און אַ צווייט מאָל גייט ער אויף אַן אַנדערן פּלאַץ...

און פון דעם אַלעם זעט אויס, אַז עס איז דאָ אַ סתירה

צווישן דער פילאָזאָפיע, וועלכע דערציילט וועגן אַן אומפּערזענ־לעכן און אומקערפּערלעכן גאָט, און צווישן דער תורה וועלכע רעדט וועגן אַ פּערזענלעכן און קערפּערלעכן גאָט. וואו דען איז דער אמת?

און נאָך אַמאָל ווידמעט דער רמב״ם אַ סך קאַפּיטלען די דאָזיקע פראַגן, און ער קומט צום אויספיר, אַז עס איז קיין סתירה נישטאָ. ווייל די אויסדרוקן אין דעם תנ״ך — האַלט ער — דאַרפן מיר פאַרשטיין אַלס מעטאַפאָרישע און סימבאָלישע אויסדרוקן.

מיר זאָגן, אַז גאָט זעט מיט זיינע אויגן. און אייגנטלעך מיינען מיר צו זאָגן, אַז פאַר גאָט איז גאָרנישט פאַרהוילן. מיר זאָגן וועגן אים, אַז ער גייט ערגעץ. און אייגנטלעך מיינען מיר צו זאָגן, אַז ער געפינט זיך אומעטום. די צרה איז וואָס אונדזער פאַרשטעלונג וועגן גאָט איז אומפּערפעקט, און אונדזערע אויס־דרוקן און באַגריפן ווען עס קומט צו רעדן וועגן דער געטלעכ־קייט — זענען גאָר־גאָר באַגרענעצט. אין אמתן האָט גאָט קיין שום קערפּערלעכע געשטאַלט נישט.

און אַזוי גייט דער רמב״ם פון איין פּראָבלעם צום צווייטן, ביז ער באַלויכט אַ גאַנצע ריי פּראָבלעמען וועלכע באַאומרואיקן די געדאַנקען פונעם מענטש.

*

אייגנטלעך האָט דער רמב״ם אויסגעדריקט אַלע זיינע אָנ־שוויאונגען נישט אַזוי ווייט פאַר דעם דורכשניטלעכן צוהערער אָדער לייענער ווי פאַר דעם געלערנטן און פּראָפעסיאָנעלן דענ־קער.

ספּעציעל האָט ער אין זין געהאַט זיינע אייגענע תלמידים, צווישן וועלכע רבי יוסף עקנין — וועמענס נאָמען איך האָב שוין פריער דערמאָנט — האָט זיך זייער שטאַרק אויסגעצייכנט. בעצם איז עס געווען טאַקע דער דאָזיקער רבי יוסף עקנין, וועלכער האָט געפרעגט דעם רמב״ם די אַלע פראַגן וועגן דער שטעלונג פון דער יידישער מחשבה לגבי דער נישט־יידישער קולטור. און ער אַליין איז דאָס טאַקע געווען דער וואָס האָט געבעטן, אַז דער לערער זיינער — דער רמב״ם — זאָל אים געבן די ענטפערס שוואַרץ אויף ווייס, געשריבן און געחתמעט.

אַזוי אַרום איז אַנטשטאַנען דער מורה נבוכים — דער פירער פון די פאַרבלאָנדזשעטע — אַ ווערק אין וועלכן דער רמב״ם וויל מיט זיינע ווערטער העלפן זיין תלמיד, ר׳ יוסף עקנין, און אַלע די וואָס בלאָנדזשען אינעם וואַלד פון אומוויסנ־קייט און זיי אַרויספירן אויפן וועג פון וויסן און פאַרשטיין.

*

פון די פּראָבלעמען וועלכע ווערן באַרירט אין דעם מורה נבוכים וויל איך איצט דערמאָנען נאָר נאָך צוויי, כאָטש איך וועל זיך נישט אונטערנעמען צו ציטירן די גענויע תשובות וואָס דער רמב״ם גיט אויף זיי.

איין פּראָבלעם איז דער. מיר זאָגן אַז דער מענטש האָט אַ פרייען ווילן — אַ בחירה חפשית — דאָס הייסט אַז דער מענטש אַליין קאָן דעצידירן וואָס ער זאָל יאָ טאָן און וואָס זאָל ער נישט טאָן. פון דער אַנדערער זייט אָבער זאָגן מיר, אַז גאָט זעט פאָראויס וואָס דער מענטש וועט טאָן אָדער נישט טאָן.

אַזוי אַוועקגעשטעלט — איז דאָ אַ שווערע סתירה צווישן די דאָזיקע צוויי באַהויפּטונגען. ווייל לאָמיר זיך פאַרטראַכטן —

אויב גאָט ווייסט וואָס מיר וועלן טאָן מאָרגן, למשל, הייסט עס דאָך אַז עס איז שוין באַשטימט אַז מיר וועלן עס טאָן. אויב אַזוי, אָבער — אַז אַלץ איז שוין באַשטימט פון פאָראויס — ווי אַזוי קענען מיר זאָגן אַז מיר האָבן אַ פרייען ווילן אויסצוקלייבן וואָס מיר וועלן מאָרגן טאָן?

פון דער אַנדערער זייט ווייטער, אויב מיר זענען באמת פריי צו טאָן וואָס מיר ווילן — און עס איז נישט באַשטימט וואָס מיר וועלן טאָן — טאָ ווי אַזוי קענען מיר זאָגן, אַז גאָט זעט פאָראויס וואָס עס וועט געטאָן ווערן?

דער רמב״ם לאָזט זיך אַריין אין אַן אויסערגעוויינלעך טיפן אַנאַליז פון אָט דער פראַגע. אויף וויפיל מיר פאַרשטייען דעם ענין, גייט דער רמב״ם אַריין אין דעם לאַבירינט פון דער קאָמפּליצירטסטער טעאָלאָגיע און פילאָזאָפיע. ער באַנוצט זיך מיט אַלערליי דענקערישע אַרגומענטן און באַווייזן — וועלכע עס איז דאָ נישט לייכט איבערצוחזרן — און צום סוף קומט ער צום אויספיר, אַז דאָס וויסן פון גאָט קאָן נישט פאַרגליכן ווערן מיטן וויסן פון אַ מענטש.

גאָט ווייסט אַנדערש און דער מענטש ווייסט אַנדערש — זאָגט דער רמב״ם — און מיר קענען איבערהויפּט נישט משיג זיין נישט די נאַטור פון געטלעכן וויסן און נישט די נאַטור פון געטלעכן וועזן.

אין דעם צוזאַמענהאַנג ציטירט דער רמב״ם דעם באַקאַנטן דיאַלאָג אין דער תורה, אין וועלכן משה רבינו בעט ביים רבונו־של־עולם —

— הראני נא את כבודך... — זאָגט ער — לאָז מיך זען דיין פּראַכט, איך בעט דיך...

אויף דעם ענטפערט אים דער רבונו־על־עולם —

— דו וועסט נישט קענען זען מיין פנים... — זאָגט ער — כי לא יראני האדם וחי, ווייל אַ מענטש קאָן מיך נישט זען און בלייבן לעבן...

און אין אָט די ווערטער איז אָנגעצייכנט די פונדאַמענטאַלע פאַרשידנהייט צווישן דער מענטשלעכער און געטלעכער נאַטור. אפילו אַזאַ גרויסער מוח ווי משה רבינו — און די וועלט האָט נאָך קיין גרעסערן גייסט און אינטעלעקט ווי משה רבינו נישט געזען — האָט נישט זוכה געווען צו האָבן אַ מעגלעכקייט צו פאַרשטיין די וועגן פונעם געטלעכן באַשעפער.

אַזוי האָט געטענהט דער רמב״ם. און כדי אונטערצושטרייכן די דאָזיקע אַבסאָלוטע אוממעגלעכקייט מצד דעם מענטש צו באַגרייפן די נאַטור פון געטלעכן וועזן, האָט דער רמב״ם פאַרוואַנדלט דעם דאָזיקן פאַקט אין איינעם פון די דרייצן פרינציפּן — די שלשה־עשר עיקרים — אין וועלכע ער האָט פאָרמולירט די קווינטעסענץ פון דער יידישער אמונה.

דאָס געפינען מיר אין דעם צענטן פון די י״ג עיקרים, אין וועלכן דער רמב״ם זאָגט:

איך גלויב באמונה שלמה, אַז דער באַשעפער — זאָל זיין נאָמען זיין געבענטשט — ווייסט אַלע טועכצער פון די מענטשן און אַלע זייערע געדאַנקען, אַזוי ווי עס איז געשריבן, אַז ער — דער אויבערשטער — האָט אויסגעפורעמט אַלע זייערע הערצער און איז באַקאַנט מיט אַלע זייערע מעשים.



און דער צווייטער פּראָבלעם וועלכן איך וויל דאָ דערמאָנען איז דער.

מיר זאָגן אַז די וועלט — מיט אַלצדינג וואָס געפינט זיך אין איר — איז אַ גוטע וועלט, ווייל נאָר גוטס קאָן אַרויסקומען פון אַ שאַפונג וועמענס ערשטע סיבה איז דער גוטער און אַלמעכטיקער גאָט. מיר זאָגן אויך אַז דער דאָזיקער גאָט גיט אַכטונג אויף זיינע באַשעפענישן — און ספּעציעל אויף די מענטשן, און באַזונדערס אויף די יידן — און באַהאַנדלט זיי אַלע מיט גערעכטיקייט און באַרעמהערציקייט. מיר רופן אַזאַ פירונג אָן — די געטלעכע השגחה פרטית.

אויב אָבער די דאָזיקע באַהויפּטונגען זענען ריכטיק, איז ווי אַזוי קאָן מען פאַרשטיין דעם פאַקט, אַז עס געפינט זיך אַזוי פיל שלעכטס אויף דער וועלט. מענטשן ליידן פון קראַנקהייטן און פון הונגער, פון קנאה און מלחמה און שנאה. די וועלט איז פול מיט ברוטאַלקייט נישט נאָר צווישן די נידעריקערע באַשעפענישן, נאָר אויך צווישן דער מענטשהייט. עס איז גאָר קיין גרענעץ נישטאָ צו די פאַלשקייטן און רשעות וואָס מענטשן זענען אימשטאַנד אויסצוטיילן איינער דעם אַנדערן.

נאָך מער, אויב דער באַשעפער איז באמת אַ גערעכטער און אַ באַרעמהערציקער איז ווי אַזוי קאָן מען פאַרשטיין אַז אַזוי פיל גוטע און ערלעכע מענטשן ליידן אַ סך מאָל די גרעסטע יסורים, וועלכע זיי האָבן זיך זיכער נישט פאַרדינט, אין דער צייט ווען — פאַרקערט — אומערלעכע מענטשן — ממש זינדיקע רשעים — געניסן פון אַ גליקלעך לעבן, אומגעשטערט און אַזוי ווי אַלץ אין דער וועלט וואָלט געווען זייערס.

פאַרוואָס זאָל דאָס אַזוי זיין? און וואו איז דאָס וואָס מען רופט אָן די געטלעכע השגחה פרטית?

אויך דאָ פאַרטיפט זיך דער רמב״ם אין די ווייט־גייענדיקסטע פילאָזאָפישע באַטראַכטונגען. און ווען ער זעט אַז פאַרן מענטשלעכן געדאַנק איז עס אוממעגלעך צו באַגרייפן די יסודות פון דער געטלעכער אָנפירונג מיט דער וועלט, גיט ער אונדז איבער זיין מיינונג וועלכע ער האָט קריסטאַליזירט אין דעם עלפטן פּרינציפּ פון זיינע י״ג עיקרים, זאָגנדיק:

איך גלויב באמונה שלמה אַז דער באַשעפער — זאָל זיין

נאָמען זיין געבענטשט — וועט אָפּצאָלן גוטס צו די וועלכע היטן אָפּ זיינע געבאָטן און באַשטראָפן די וועלכע ברעכן זיינע געבאָטן.



**אין אונדזערע אייגענע צייטן ווען די דייטשישע רשעים** ימח שמם וזכרם **האָבן אַזוי אכזריותדיק געפּייניקט אונדזער פאָלק אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, אויסטיילנדיק די גרויזאַמ־סטע יסורים צו אַזוי פיל פון אונדזערע ברידער און שוועסטער, דערציילט מען אַז גאָר אַ סך פון אונדזערע האַרציקע און גלויביקע יידן האָבן געפילט אַז זיי קענען ווייטער נישט בלייבן קיין** מאמינים.

**זיי האָבן געטענהט אַז אויב אַזעלכע אכזריותקייטן קענען פאָרקומען, אויב אַזעלכע יסורים קענען באַפאַלן ספּעציעל די פרומע יידן, די רבנים און רביים און צדיקים און חסידים, און דער הימל לאָזט עס אַלץ צו, דאַן זעט אויס, אַז עס איז קיין גאָט נישטאָ, רחמנא ליצלן, אָדער — אויב אַ גאָט איז יאָ דאָ — איז ער נישט קיין גוטער גאָט. און אַ סך יידן האָבן טאַקע צוליב אָט די געשעענישן פאַרלוירן זייער אמונה אין יידישקייט...**



**בעצם איז די פראַגע פון דער** השגחה פרטית — **אַז גאָט פאַראינטערעסירט זיך מיטן גורל פון דעם מענטשלעכן יחיד און אַז ער באַצאָלט שכר פאַר גערעכטיקייט און שטראָף פאַר אומגערעכטיקייט — אַן ענין וואָס האָט אַלעמאָל געמוטשעט דעם מענטשלעכן געדאַנק.** דוד המלך **האָט זיך שוין מיט אָט דער פראַגע פאַרנומען אין תהילים.** ירמיהו הנביא **האָט זיך מיט איר געפּלאָגט, אויסשרייענדיק —**

גערעכט וועסטו בלייבן, גאָט,  
ווען איך זאָל זיך קריגן מיט דיר;  
דאָך פאַרלאַנג איך דו זאָלסט מיר ענטפערן —  
פאַרוואָס איז דער וועג פון די רשעים געבענטשט?  
פאַרוואָס לעבן רואיק אַלע פעלשער און פאַררעטער?

**און נישט ווייניקער ביטער האָט דער** נביא חבקוק **זיך אויס־געדריקט ווען ער האָט דעם רבונו־של־עולם געפרעגט —**

יצחק ראַפּאָפּאָרט

דו װעמענס אויגן זענען צו ריין צו זען שלעכטס,
דו װעלכער קענסט נישט קוקן אויף קיין אומרעכט,
פאַרװאָס קוקסטו זיך צו װען מענטשן פאַרראַטן?
פאַרװאָס שװייגסטו װען דער רשע שלינגט איין
דעם װאָס איז גערעכטער פון אים?

און װער האָט די פראַגע פון השגחה פּרטית נישט געפרעגט!
מיר געדענקען װי אַזוי אברהם אבינו האָט אַמאָל דעם אויבערשטן
אַ שװערן פאָרװאורף געמאַכט, װען עס האָט זיך אים געדאַכט,
אַז דער באַשעפער באַגייט אַן אומרעכט לגבי די מענטשן פון
סדום.

— חלילה דיר אַזוי צו טאָן... — האָט אברהם אבינו גע־
טענהט — זאָל דער ריכטער פון דער גאַנצער ערד נישט טאָן
קיין גערעכטיקייט?

און מיר אַליין פרעגן אויך װי אַזוי דער רבונו־של־עולם
קאָן דערלאָזן אַזעלכע מעשים װאָס זעען אויס אַזוי אכזריותדיק
אומגערעכט אין אונדזערע אויגן. מיר האָבן נישט קיין באַ־
פרידיקנדע תשובה — אַ חוץ דעם װאָס מיר װילן זיין מאמינים,
אַ חוץ דעם װאָס מיר װילן גלויבן אַ עס איז יאָ פאַראַן אַ געט־
לעכע גערעכטיקייט אין דער װעלט, און אַז סוף סוף װעט זי
אויפשיינען און איר ריינער אמת װעט פאַר יעדן איינעם קלאָר
װערן װי דער טאָג.

*

נישט אומזיסט האָט מען דאָס יידישע פאָלק אָנגערופן אַלס
מאמינים בני מאמינים. װייל װי לאַנג מיר האָבן נישט קיין
אויסגעהאַלטענע תשובה אויף די מאָראַלישע און טעאָלאָגישע
שװעריקייטן װאָס דער פּרינציפּ פון השגחה פּרטית ברענגט מיט
זיך, מוזן מיר זיין באַפּאַנצערט מיט גאָר אַ שטאַרקער אמונה,
אַזוי שטאַרק, אַז מיר זאָלן נישט אויפגעטרייסלט װערן צוליב
די באַשײנפּערלעך אומגערעכטע ליידן װאָס מיר אַלס אַ פאָלק
מאַכן שוין אַזוי לאַנג מיט.

באַזונדערס שטאַרק מוז די אמונה זיין ביי אַזאַ ייד װעלכער
גייט אַליין דורך אַ לעבן פון יסורים, בשעת ער איז איבערצייגט
אַז ער האָט זיך זיי פּערזענלעך נישט פאַרדינט. אַזאַ לעבן פון
יסורים האָבן אַ סך יידן מיטגעמאַכט אין די צייטן פונעם רמב״ם,

און אַ לעבן פון נאָך גרויזאַמערע יסורים האָבן גאָר אַ סך יידן פון אונדזער אייגענעם דור נעבעך געמוזט מיטמאַכן.

מיר קענען זיך גאָר נישט פאָרשטעלן ווי גרויס און שטאַרק און טיף די אמונה האָט געדאַרפט זיין טאַקע ביי די יידן, וועלכע האָבן פערזענלעך געליטן פון די אומבאַשרייבלעכע רשעותן — און נאָך אַלעם בלייבן מאמינים בני מאמינים.

אַלץ וואָס מיר קענען זאָגן איז, אַז מיט זיין בלייבן טריי צו דער יידישער אמונה אין די היינטיקע צייטן, האָט אונדזער פאָלק טאַקע נאָך אַמאָל באַוויזן אַז עס איז אַ גרויס פאָלק — באמת אַ גרויס פאָלק און באמת אַן איינציק פאָלק, און באמת אַ דערהויבן פאָלק.

*

צוריקקומענדיק צום רמב"ם ווילט זיך זאָגן אַז עס איז גאָר קיין ספק נישט, אַז דער גרויסער יידישער דענקער האָט פאַר זיך געהאַט אַ ריזיק שווערע אַרבעט, כדי אויפצוקלערן די אינ־טעלעקטועלע פראַגן וואָס זענען געשטעלט געוואָרן אין זיין דור, סיי אין מעטאַפיזישע און סיי אין מאָראַלישע ענינים. די אַרבעט זיינע איז געווען נאָך פיל שווערער צוליב דעם וואָס ער — דער רמב"ם אַלס אַ יידישער דענקער — האָט געהאַט פאַר זיך אַן אמונה פון וועלכער ער האָט נישט געקענט און נישט געוואָלט אַוועקגיין.

דער גויאישער דענקער האָט אַזעלכע שוועריקייטן נישט געהאַט. דער גריכישער פילאָזאָף אַריסטאָטעל, וועמענס אויפ־פאַסונגען האָבן באַהערשט די מוחות אין יענע צייטן, האָט זיך למשל געקענט אַ זאָג געבן אַז גאָט ווייסט נישט וואָס דער אינדי־ווידועלער מענטש טוט — און אַז בכלל איז די געטלעכקייט נישט פאַראינטערעסירט אין דעם צי דער מענטש איז גליקלעך אָדער נישט.

לויט אַריסטאָטעלן איז דער מענטש נישט מער ווי אַ בלעטל וועלכעס דער ווינט האַקט אַראָפּ פונעם בוים, און נישט מער ווי אַ וואָרם וועלכן דער פיש שלינגט איין. די גאַנצע וועלט — זאָגט אַריסטאָטעל — פירט זיך לויט די מעכאַנישע געזעצן פון דער נאַטור, און די נאַטור שליסט איין אויך דעם מענטשלעכן מין, אַזוי אַז דער גורל פונעם מענטש איז נישט אָפּהענגיק פון דעם צי ער איז גוט אָדער שלעכט, צי ער איז גערעכט אָדער אומגע־

רעכט, צי ער איז שולדיק אָדער אומשולדיק. פּונקט אַזוי ווי דער גורל פונעם וואָרם איז נישט אָפּהענגיק פון דעם צי דער וואָרם איז מאָראַליש אָדער אוממאָראַליש.

אַזעלכע אויפפאַסונגען אָבער האָט דער רמב״ם בשום אופן נישט געקענט אָננעמען. אַלס אַ דענקער האָט ער נישט מסכים געווען מיט דעם גריכישן פילאָזאָף, און אַלס אַ ייד האָט ער געגלויבט אַז גאָט — דער באַשעפער פון דעם מענטש — אינטע־רעסירט זיך יאָ מיטן גורל פון זיין שאַפונג. און אויף וויפיל עס איז נאָר מעגלעך געווען דאָס צו באַווייזן אויפן ראַציאָנאַלן אופן, האָט דער רמב״ם דאָס באַוויזן.

דאָס וואָס געפינט זיך ביי אונדז אין דער תורה איז ביים רמב״ם געווען פונקט אַזוי אמת ווי דער אמת פון די פאַרשידענע פילאָזאָפישע באַטראַכטונגען. און דיביידע אמתן האָט דער רמב״ם אויסגעגלייכט אַזוי אַז עס זאָל צווישן זיי קיין קאָנפליקט נישט בלייבן. און נאָך דעם ווי ער האָט דאָס געטאָן, וויקלט ער פאר אונדזערע אויגן פאַנאַנדער אַ בילד — אַ שכלדיק בילד — פון דער גאַנצער יידישער וועלט־אָנשויאונג.

*

ס׳איז ממש אַ גייסטיקער פאַרגעניגן צו שווימען מיט אים, אַזוי צו זאָגן, אין די שטילע און זיכערע וואַסערן פונעם ים פון יידישקייט. ער באַווייזט אונדז ווי אַזוי די יידישע נביאים האָבן געאַרבעט, און ווי אַזוי זיי האָבן זיך צוגעהערט צו דעם וואָרט פון גאָט, און ווי אַזוי זיי האָבן דאָס דאָזיקע וואָרט איבערגע־ליפערט צום יידישן פאָלק.

ער באַווייזט אונדז ווי אַזוי עס איז פאַראַן אַ מאָראַלישע אָרדענונג אינעם לעבן פון דעם מענטש, און ווי אַזוי גאָט פאַר־לאַנגט פון אונדז אַז מיר זאָלן זיך אויפפירן לויט די העכסטע מאָראַלישע פּרינציפּן. דער מענטש — זאָגט דער רמב״ם — איז פריי צו זיין אַ צדיק אָדער אַ רשע, און עס הענגט אָפּ פון זיינע מעשים צי דער מענטש וועט באַלוינט ווערן צי ער וועט באַ־שטראָפט ווערן.

*

אַלס אַ מאמין איז עס אויך נאַטירלעך אַז דער רמב״ם שטעלט זיך אָפּ אויף דער וויכטיקער ראָל וואָס דער ענין פון עולם הבא פאַרנעמט אינעם יידישן געדאַנקען־גאַנג. און בעצם

איז עס טאַקע אין עולם הבא וואו דער אמתער שכר וועט צוגע־טיילט ווערן צום צדיק, און דער אמתער עונש וועט טרעפן דעם רשע.

דער רמב״ם גייט ווייטער און העלפט דעם ייד צו אין פאַר־שטיין ווי אַזוי ער זאָל זיך קענען אויסלעבן אַלס אַ מאָראַלישער מענטש. ער ווייזט אים אָן אויף די זעקס הונדערט און דרייצן מצוות אין דער תורה. די אַלע מצוות אַנאַליזירט דער רמב״ם און גיט צו פאַרשטיין דעם ראַציאָנאַלן יסוד אויף וועלכן זיי זענען באַזירט. און ער באַווייזט אויך ווי די אַלע מצוות האָבן אַ טאָפּלטן צוועק:

ראשית — כדי צו באַלערנען דעם ייד וועגן די ריכטיקע אויפפאַסונגען וועלכע ער דאַרף זיך דערווערבן, און שנית — כדי איינצופלאַנצן אין אים די העכסטע עטישע מידות.

*

און דאָ ווילן מיר צוגעבן איין זאַך.

מיר ווייסן אַז דער רמב״ם איז געווען אַ דאָקטאָר. ער שרייבט אין איינעם פון זיינע בריוו אַז זיין באַשעפטיקונג אַלס אַ דאָקטאָר פאַרנעמט אים כמעט דעם גאַנצן טאָג. פון פרי ביז אָוונט קומען צו אים די פּאַציענטן. און עס זעט אויס אַז ער איז געווען אַ גוטער דאָקטאָר, ווייל דער סאַמע וויצע־קעניג פון מצרים האָט אים אַנגאַזשירט אַלס זיין פּערזענלעכן לייב־דאָקטאָר.

אין דעם צוזאַמענהאַנג איז דאָ אַ געשיכטע, אַז נאָך עטלעכע יאָר אַרבעט אין דעם קעניגלעכן פּאַלאַץ האָט דער וויצע־קעניג אַזוי געזאָגט צום רמב״ם:

— מען דערציילט מיר, אַז דו ביסט אַ גוטער דאָקטאָר... — האָט ער געזאָגט — אָבער איך האָב זיך אַליין וועגן דעם נאָך נישט איבערגעצייגט. ווייל זינט דו ביסט צו מיר געקומען האָב איך נאָך נישט געהאַט קיין געלעגנהייט פון דיר אַפילו עפּעס אַ מעדיצין צו בעטן...

האָט אים דער רמב״ם אויף דעם אַזוי געענטפערט:

— אדוני משנה למלך... — האָט ער אָנגעהויבן — דו ביסט זייער גערעכט. אָבער פון דיין אייגענעם געזונטס־צושטאַנד

דווקא קענסטו פאַרשטיין, אַז איך בין וואָס מ׳זאָגט — אַ גוטער דאָקטאָר. ווייל זינט איך בין צו דיר געקומען, האָב איך אויף דיר אַזוי נאָכגעקוקט, אַז דו ביסט קיינמאָל ביי מיר נישט קראַנק געווען...

און דער רמב״ם האָט ווייטער דערקלערט:

— איך האָב אָנגעוויזן דיינע דינער ווי אַזוי זיי זאָלן דיך קליידן, אַזוי אַז דו זאָלסט זיך נישט פאַרקילן. איך האָב זיי אָנגעזאָגט ווי אַזוי זיי זאָלן דיין עסן פאַר דיר צוגרייטן, כדי דו זאָלסט דיין מאָגן נישט פאַרדאַרבן. בקיצור, מיין סיסטעם אַלס אַ געניטער דאָקטאָר איז נישט אַזוי פיל צו היילן דעם מענטש, נאָך דעם ווי ער איז שוין קראַנק, נאָר באַלד לכתחילה נישט צו לאָזן אַז דער מענטש זאָל קראַנק ווערן...

די דערקלערונג איז דעם וויצע־קעניג זייער געפעלן גע־וואָרן. און מיר קענען נאָר צוגעבן, אַז אַזוי ווי דער רמב״ם האָט געזאָרגט פאַרן וואויל פונעם גוף, אַזוי האָט ער אויך גע־זאָרגט פאַרן וואויל פון דער נשמה. ער האָט געהאַלטן אַז די מצוות פון דער תורה זענען אַזוי וויכטיק פאַרן וואויל פון דער נשמה, ווי דאָס פּאַסיקע עסן און די פּאַסיקע בגדים זענען וויכטיק פאַרן וואויל פונעם גוף.

און, באמת, לויטן רמב״ם איז דער צוועק פון דעם מענטש צו קולטיווירן די נשמה — זי אויסצואיידלען אויף אַזאַ אופן, אַז זי זאָל קענען פאַרשטיין די נאַטור פון דער געטלעכקייט און זאָל קענען דענקען וועגן גאָט.

אָט דאָס איז טאַקע דער העכסטער ציל פון לעבן — צו פאַרשטיין און צו דענקען וועגן גאָט. און די נשמה וועלכע טוט דאָס — שטאַרבט נישט אָפּ מיטן אָפּשטאַרבן פונעם גוף, נאָר זי לעבט ווייטער מיט דעם זעלבן אייביקן לעבן ווי דאָס לעבן פון גאָט אַליין.

דאָס איז דער ענין פון השארת הנפש. דורך דעם וואָס דער ייד ווידמעט זיך צו דעם אויספירן פון די מצוות פון דער תורה, ווערט זיין נשמה אויסגעאיידלט און זי גרייט זיך צו צו אַן אומ־ענדלעך און אַן אומשטערבלעך לעבן.

*

אַזוי האָט דער רמב״ם געדענקט און אַזוי האָט ער מיט זיין פּאָלק געלערנט. די מחשבות זיינע — ווי שוין דערמאָנט — האָט ער פאַרעפנטלעכט אין זיין מורה נבוכים, און דער עולם האָט זיך מיט אים אַנטציקט. אויך די וועלכע האָבן זיינע דעות נישט אָנגענומען, און אפשר אויך געקעמפט קעגן זיי, אויך די זענען געשטאַנען מיט כבוד און אָנערקענונג פאַר דעם גרויסן קאָפּ, וועלכער האָט זיי דורכגעטראַכט און גלענצנדיק פאָרמו־לירט.

דאָך איז כדאי צו באַמערקן אַז עס איז נישט אַלץ דורכ־געגאַנגען בשלום פאַרן רמב״ם.

געווען זענען אין יענער צייט — ווי אויך אין שפּעטערע צייטן — געוויסע יידישע קהילות אין די קריסטלעכע לענדער וואו מען האָט קיין ראַציאָנעלע געדאַנקען נישט טאָלערירט. אין פראַנקרייך אין יענער צייט, למשל, האָט די קאַטוילישע קירכע אונטערדריקט די וועלכע האָבן זיך אַריינגעלאָזט אין פילאָזאָ־פישע אונטערזוכונגען. און ליידער מוז מען צוגעבן, אַז אונטער דער השפּעה פון די קריסטן, וועלכע זענען געווען קעגן דער פילאָזאָפיע — אָדער אפשר גאָר צוליב מורא פאַר קריסטלעכער פיינטשאַפט — זענען אין פראַנקרייך און שפּאַניע געווען יידישע קהילות אין וועלכע מען האָט נישט געוואָלט הערן פון דעם מורה נבוכים פונעם רמב״ם.

דאָס ווערק — האָט מען געזאָגט — איז צופיל משכיליש, און אַ סך תמימותדיקע יידן האָבן אויך געציטערט, אַז דער סתם גלויביקער ייד זאָל חלילה נישט פאַרלירן זיין אמונה צוליב צו־פיל חקרענען זיך אין די שאלות וועלכע דער רמב״ם האָט גע־פרעגט. אין עטלעכע מקומות איז אפילו געקומען דערצו אַז מ׳האָט דעם מורה נבוכים עפנטלעך פאַרברענט און מ׳האָט אַרויס־געגעבן אַ חרם אַז מ׳זאָל אין אים נישט אַריינקוקן.

אין אַ סך אנדערע קרייזן אָבער — ספּעציעל אין די אַריאַב־טאַלישע לענדער וואו דער נאָמען פונעם רמב״ם איז באַקאַנט געוואָרן — האָט מען דעם גרויסן דענקער גאָר הויך געשעצט. אין איין ישוב, למשל, האָט מען איינגעפירט אַז ביים זאָגן קדיש, ווען מ׳בעט אַז משיח זאָל שוין קומען, זאָל מען דערמאָנען אַז דער ביאת המשיח זאָל נאָך פאָרקומען אין די טעג פון דעם רמב״ם... אַזוי טייער האָט מען אים געהאַלטן.

מיר געדענקען אויך אַז אין יענער תקופה זענען געווען נאָך אַנדערע גרויסע דענקער צווישן די יידן.

עס איז געווען אַ ר׳ סעדיה גאון מיט זיין חיבור אמונות ודעות; עס איז געווען אַ ר׳ יהודה הלוי מיט זיין ספר הכוזרי, און עס איז געווען אַ ר׳ אברהם אבן דוד מיט זיין ספר אמונה רמה. אָבער אין שאַרפזיניקייט איז דער רמב״ם געווען דער גרעסטער צווישן זיי. מיט זיין טיפער וויסנשאַפט און זיין פאַרשטענדעניש איז אים געלונגען צו מאַכן אין יענעם דור אַ סינטעז צווישן וועלטלעכע און יידישע אויפפאַסונגען. עס איז קיין וואונדער נישט דעריבער וואָס דאָס יידישע פאָלק איז אַלע מאָל מיט אים שטאָלץ געווען. און ביז היינט, וואו מען שרייבט נאָר אַ געשיכטע פון דער מיטלאַלטערלעכער פילאָזאָפיע, ווערט דער נאָמען פונעם רמב״ם דערמאָנט צווישן די נעמען פון די אָריגינעלע און איינפלוסרייכע דענקער.



אונטערשטרייכן דאַרף מען אָבער אַז די מחשבות פונעם רמב״ם זענען קיינמאָל נישט געווען בלויז אין צוזאַמענהאַנג מיט טעאָרעטישע און אַבסטראַקטע פאָרשונגען. קיין איין טאָג האָט ער נישט פאַרגעסן, אַז דאָס פאָלק דאַרף לעבן אַ פול יידיש לעבן. און צוליב דעם האָט ער אין זיינע שפּעטערדיקע יאָרן געגעבן אַ פּראַקטישן לבוש צו די טאָג־טעגלעכע דינים וועלכע כאַראַקטעריזירן דאָס יידישע לעבן. ער האָט פאַרעפנטלעכט דאָס מאָנומענטאַלע ווערק, וואָס מיר האָבן שוין דערמאָנט: די משנה־תורה.

אַלץ איז דאָ אין דעם ספר משנה־תורה — אַ ווערק וואָס איז אויסגעלייגט מיט אַזאַ ליבשאַפט און אָרדענונג, אַזוי ווי די טייערסטע שטיינער זענען איינגעזעצט אין אַ קעניגלעכער קרוין.

אַלץ איז דאָרטן דאָ. אמונה און פילאָזאָפיע, פאַרשידענע וויסנשאַפטן פון עטיק און מאָראַל, אַסטראָנאָמיע און היגיענע, און ספּעציעל דער גאַנצער קאָרפּוס פון יידישע דינים: דאָס וואָס איז כשר און דאָס וואָס איז טריפה; דאָס וואָס איז הייליק און דאָס וואָס דאַרף בלייבן אומהייליק; די געזעצן פון שבתים און ימים טובים און תעניתים; די געזעצן וועגן קויפן און פאַרקויפן, באָרגן און פאַכטן, שותפים און אַרבעטער, דיינים און עדות,

מאַטרימאָניאַלע און געזעלשאַפטלעכע דינים, און געזעצן וועגן בית־המקדש און מלכים — אַלץ איז דאָ אין די פערצן גרויסע אָפּטיילונגען פון דער משנה־תורה, כדי צו באַלערנען דעם ייד אין וואָס ער זאָל גלויבן און ווי אַזוי ער זאָל זיך נוהג זיין. אין דער משנה־תורה האָט דער רמב״ם באמת זיך אַרויסגעוויזן צו זיין דער אומשטערבלעכער אַרכיטעקט פונעם יידישן לעבן.

און אויב מען האָט קריטיקירט דאָס דאָזיקע מאָנומענטאַלע ווערק — ווי מען האָט דאָס דעמאָלט געטאָן אין געוויסע יידישע ישובים — איז עס נישט געווען צוליב דעם ווייל עס פעלט עפּעס אין אים. מען האָט קריטיקירט, ווייל מ׳האָט מורא געהאַט אַז דער עולם וועט זיך פאַרנעמען מיטן ספר אויף אַזוי פיל, אַז מ׳וועט פאַרנאַכלעסיקן די גמרא און אַלע אַנדערע הייליקע יידי־שע ספרים. דער אמת איז אָבער אַז מען האָט אָנגענומען דעם רמב״מס משנה־תורה אַלס אַן אויטאָריטאַטיוון געזעץ־בוך ביי אונדז און אין דער זעלבער צייט לערנט מען די גמרא נאָך ווייטער און — אפשר נאָך געשמאַקער.

אמת איז אויך אַז אויב אַ ייד וואָלט אַמאָל פאַרוואָרפן גע־וואָרן אין א מדבר, ווייט פון אַן אָרגאַניזירטן יידישן ישוב, וואָלט ער נישט געדאַרפט מער האָבן ווי דעם רמב״מס משנה־תורה, און אויפן יסוד פון אָט דעם ספר וואָלט ער זיך געקענט אויסלעבן אַלס פולער און באַוואוסטזיניקער ייד. און דאָס איז בעצם געווען די אויפגאַבע וועלכע דער רמב״ם האָט זיך געהאַט געשטעלט און אויסגעפירט.

די צייטן זענען געווען וויסטע און מדברדיקע. מ׳האָט געדאַרפט פירן דאָס פאָלק אין דעם ווירוואַר פון פרעמדע און אומפריינטלעכע השפעות. און דורך זיין מורה נבוכים איז דער רמב״ם געוואָרן דער פירער פון די פאַרבלאָנדזשעטע.

מען האָט אויך געדאַרפט דאָס פאָלק דערהאַלטן אין זיין נאַ־ציאָנאַלן קיום. נישט נאָר פאַר יענע צייטן ווען אַראַבישע און קריסטלעכע לענדער האָבן אונדזער קיום געהאַט געשטעלט אין סכנה, נאָר אויך פאַר דער צוקונפט, ווען דאָס פאָלק אונדזערס וועט זיך צוריק באַזעצן בעזרת השם אינעם לאַנד פון זיינע אבות.

דאָס אַלץ האָט דער רמב״ם באַוויזן צו טאָן, ווען ער האָט אָנגעשריבן און פאַראייביקט די געזעצן פון ארץ־ישראל און פון

דעם בית־המקדש, און ער האָט פאַרן ייִד פאָרגעלייגט אַ בילד פון משיחס צייטן אין די קומענדיקע טעג.

דער רמב״ם אַליין האָט אָנגערופן זיין ווערק משנה־תורה, אָבער דאָס פאָלק האָט עס אָנגערופן יד־החזקה, די שטאַרקע האַנט, ווייל אַזוי מעכטיק האָט דער ספר משפיע געווען אויף יענעם דור, ווי אויך אויף שפּעטערדיקע דורות. און נאָך עד היום האָט עס אויף אונדז אַן אומבאַשרייבלעך גרויסע השפעה.

אָט דעם פּירער פון די פאַרבלאָנדזשעטע געדענקען מיר נאָך היינט, אַ 760 יאָר נאָך זיין פּטירה. און אונטער זיין איינפלוס — דעם געבענטשטן איינפלוס פון דעם רמב״מס שטאַרקע האַנט — וועט דאָס פאָלק ישראל פאָרזעצן זיין לעבן אין זיין געשיכטלעכן גאַנג — טאַקע ביז משיח וועט קומען, במהרה בימינו אמן.

In memory of

Mrs. Millie Goldenberg

Wife of Mr. Joseph Hyman Goldenberg

**לזכר**

מרת מלכה בת ר׳ אהרן משה ע״ה

אשת ר׳ יוסף חיים נ״י ב״ר מרדכי הכהן

## פאַרגעס נישט אַז דו ביסט אַ בן־מלך

יעדעס מאָל, ווען איך פאַרטראַכט זיך אין די ימים־נוראים, קומען מיר אויפֿן געדאַנק די סקאַרבאָווע ניגונים וועלכע מ׳זינגט אין אָט די הייליקע טעג, און איך פֿיל זיך עפּעס באַצויבערט און צוגעצויגן צו זיי.

באַזונדערס ליב האָב איך דעם ניגון פֿון הנשמה לך והגוף פּעלך חוסה על עמלך. דאָס איז די תּפֿילה אין וועלכע איך בעט זיך ביים רבונו־של־עולם, זאָגנדיק, טאַטעניו אין הימל, מיין נשמה איז דיינע און מיין גוף איז דיינער... איך בין אין גאַנצן דיינער, דו האָסט דאָך מיך אויסגעאַרבעט, איז וואָס נאָך ווילסטו — האָב רחמנות אויף דיין אַרבעט...

אין די סליחות־טעג זאָג איך אָט די ווערטער — אָדער איך זינג זיך זיי צו — און אין די עשרת־ימי־תשובה. דאָס זענען אַלץ טעג אין וועלכע דער ייד שטעלט זיך אַוועק און בעט ביים רבונו־של־עולם, אַז ער זאָל אים מוחל זיין פֿאַר זיינע זינד אינעם אַלטן יאָר און אים בענטשן מיט געזונט און שלום צום נייעם יאָר.

פֿרימאָרגן נאָך פֿרימאָרגן צעזינגט זיך דער ייד מיט אָט די ווערטער, און ער צעגיסט זיך ממש אין דער זיסקייט פֿון זיינע אומפֿאַרגלייכלעך־האַרציקע תּחינות.

און דעם ניגון האָט מען עפּעס אַזוי צוגעפּאַסט צו די ווער־טער, אַז צו ערשט גייט ער אַרויף, ווען עס קומט צום וואָרט לך — אַזוי צו זאָגן, אַז דער רבונו־של־עולם איז העכער פֿון מיר — און דערנאָך גייט דער ניגון אַרונטער, ווען עס קומט צום וואָרט פּעלך — אַזוי צו זאָגן, אַז איך בין נידעריק און שפּלדיק. און די גאַנצע קאָמפּאָזיציע קלינגט ביי מיר ווי אַ פֿון־הימל־אַראָפּ־געקומענע אָראַטאָריע. עפּעס אַ געזאַנג פֿון מלאָכים...

אַ צווייטער ניגון, פֿון וועלכן איך פֿיל זיך ווי געפֿאַנגען,

איז דער טראָפּ מיט וועלכן מ'לייענט די תורה אין די ימים־נוראים.

באַזונדערס איז עס דער טראָפּ פונעם פּסוק וד׳ פקד את שרה כאשר אמר. דאָס איז די פּרשה וואָס דערציילט אונדז ווי אַזוי אונדזער מוטער שרה האָט געבוירן יצחקן, און ווי אַזוי אברהם אבינו האָט שפּעטער גענומען יצחקן, געפירט אים צום הר־המוריה און צוגעבונדן אים אויפן מזבח, כדי אים צו ברענגען אַלס אַ קרבן עולה.

און איך געדענק דעם תביר אונטערן וואָרט וד׳ אין יענעם פּסוק, און דעם טפּחא אונטערן וואָרט שרה. און דער ניגון גייט צוערשט אַראָפּ, און דערנאָך גייט ער אַרויף — אַזוי ווי שרה וואָלט געשטאַנען כביכול גאָר העכער פון רבונו־של־עולם. און אויך אָט דאָס געזאַנג האַלט מיך ווי אין אַ פּאָר קלאַמערן.

אַזוי איז דאָס יעדן יאָר. אָבער ערשט איצט, דעם הייַנטיקן יאָר, בשעת איך האָב זיך פאַרפּלאָנטערט אין די דאַזיקע ניגונים איז מיר אַן אַלטע פראַגע קלאָר געוואָרן.

*

שוין אַזוי אַ לאַנגע צייט ווי איך זאָג זיך, אַז וואָס שייך די ימים טובים אונדזערע — די שלש רגלים — פאַרשטיי איך זיי. אָבער אונדזערע ימים נוראים קאָן איך נישט פאַרשטיין.

איך פאַרשטיי פסח למשל. מיין גערשטן איז מיר רייף געוואָרן אין פעלד. איך פאַרשטיי אויך שבועות. מיין ווייץ איז מיר רייף געוואָרן. פריי איך זיך מיט דעם אַלעם, און די טעג זענען ביי מיר אַ גרויסער יום־טוב.

אויך סוכות איז דאָס זעלבע. איך האָב אָנגעפילט מיינע שפּייכלערס מיט אַלערליי פּירות און תבואות, וועלכע איך האָב אַרויסבאַקומען פון דער נאַטור. לייגט עס זיך אויפן שכל, אַז עס איז אַ פייערלעכע געלעגנהייט.

אָבער ראש־השנה און יום־כיפור — מיט וואָס פאַר אַ לאָגיק פאַרשטייט מען זיי? אַ חוץ מיר, דעם ייד, וואו נאָך זעצט זיך אַ מענטש אַוועק אויף צען טעג יעדן אָנהויב יאָר, און האַלט אָפּ אַן עשרת־ימי־תשובה פון אינערלעכער זוכעניש, פון לעכצן נאָך עפּעס העכערס און שענערס און אייביקס?! מיט וואָס פאַר אַ ריינעם שכל קאָן מען די ימים נוראים אויפפאַסן?...

איך פאַרשטיי פסח און שבועות און סוכות אויך פון גע־שיכטלעכן שטאַנדפּונקט. דער רבונו־של־עולם האָט מיינע עלטער־עלטער־זיידעס אַרויסגעפירט פון קנעכטשאַפט, און דע־מאָלט האָבן מיר באַקומען אונדזער פרייהייט און אונדזער איי־גענע קולטור. און מיר דערמאָנען זיך אויך ווי אַזוי מיר האָבן דעמאָלט געוואונען אַ נצחון איבער אונדזערע וואַנדערונגען און פאַרפאָלגונגען. מילא, פאַרדינען די אַלע דעראינערונגען אַ ספּעציעלע דאַטע אין אונדזער קאַלענדאַר. און צוליב דעם טאַקע זענען זיי אונדזערע ימים־טובים.

אָבער ראש־השנה און יום־כּיפּור — מאי קא משמע לן? וואָס לאָזן זיי מיך צו הערן?...

*

איך האָב דעם פּראָבלעם אַמאָל פאָרגעלייגט אַ חבר מיינעם, און מיניה וביה האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— און דאָך... — האָט ער געזאָגט — וואָלט איך דיר אָוועק־געגעבן צוויי פּסחס פאַר איין ראש־השנה, און פיר שבועותן פאַר איין יום־כיפּור, און אַכט סוכותן פאַר איין כּל־נדרי...

האָב איך שנעל מיין חבר איבערגעריסן, און אים געבעטן:

— לאָז אָפּ... — האָב איך געזאָגט — לאָז איבער... איך האָב מורא געהאַט, אַז ער וועט זאָגן, אַז ער וואָלט אַוועקגעגעבן אַלע דריי שלש רגלים פאַר איין נעילה.

פאַרוואָס זאָל דאָס אַזוי זיין — האָב איך זיך געהאַלטן אין איין פרעגן. ביז דעם היינטיקן יאָר, ווען ס'דאַכט זיך מיר אַז מיין פראַגע האָט געפונען אַ תיקון.

ריכטיק, די ימים נוראים וועט מען מיטן קאַלטן שכל נישט פאַרשטיין. דער קאַלטער שכל איז אַ מין שכל וואָס אפילו דער מינדסטער באַשעפעניש האָט אים. עס איז דער שכל וואָס זאָגט מיר, אַז אויב איך וועל נישט אַרויסגיין אין גאַס אַריין און אָוועק־לייגן אַ טאָג אַרבעט, וועל איך נישט האָבן מיט וואָס צו קויפן אַ לעבל ברויט.

דאָס איז לאָגיק. דאָס איז אַ פּשוטער חשבון. און אַז מ'קומט אַהיים מיט אַ לעבל ברויט אין דער האַנט, איז עס אַ יום־טוב. דאָס פאַרשטייט יעדער איינער.

אָבער צום ראש־השנה און יום־כּיפּור דאַרף מען צוגיין

מיט אַנדערע קאַטעגאָריעס פון דענקען. עס איז אַ מין העכערער שכל, אויב מ׳קאָן אים אַזוי אָנרופן. און דער ייד איז דאַכט זיך דער איינציקער אין דער גאַנצער וועלט, וועלכער באַנוצט זיך מיט אַזעלכע קאַטעגאָריעס פון דענקען.

עס איז דער מיסטעריעזער כוח, וועלכער האָט דעם ייד אָפּגעזונדערט פון דער רעשט פון דער מענטשלעכער בריאה. עס איז דער מיסטעריעזער כוח, וועלכער האָט אונדז, יידן, געמאַכט אַרויסזאָגן די אויבן דערמאָנטע ווערטער פון הנשמה לך והגוף פעלך.

איך זע איצטער, אַז עס איז נישט אַזוי פיל דער ניגון, נאָר טאַקע די ווערטער אַליין, וועלכע האַלטן מיך אין זייערע קלאַמערן. איר הערט? מיין נשמה איז זיינע, און מיין קערפּער איז זיינער. דער ייד — דער ייד אַזוי ווי דער רבונו־של־עולם האָט אים געמאַכט — האַלט דעם דאָזיקן פאַקט אַלס העכסטן אמת. און כדי דאָס צו פאַרשטיין דאַרף מען טאַקע באַזיצן אַ העכערן שכל.

*

אַז מ׳וועט נישט אָפּטאָן אַ טאָג אַרבעט, וועט מען נישט האָבן אויף אַ לעבל ברויט, איז אויך אַן אמת. ס׳איז אָבער אַן עלעמענטאַרער אמת. אויך אַ בער אין וואַלד פאַרשטייט אים, און ער לאָזט זיך דעריבער אַרויס כאַפּן אַן אַנדער באַשעפעניש. דאָס איז זיין לעבל ברויט. אויך דער פּרימיטיווסטער מענטש פאַרשטייט אַזאַ אמת, און דעריבער גייט ער אַרויס פון זיין פינצטערער הייל מיט פייל־און־בויגן און פאַנגט זיך אַ חיה. אָן אַזאַ טאָג אַרבעט — פאַרשטייט ער — וועט ער נישט האָבן זיין לעבל ברויט.

אָבער צו זאָגן, גאָטעניו, מיין נשמה איז דיינע און מיין גוף איז דיינער — דאָס איז אַן אמת, וועלכן דער ייד האָט אויסגעפונען. עס איז אַ פאַרכטיקער אמת. ער ווייזט מיר פון וואַנען איך שטאַם, און צוליב וואָס איך בין דאָ. עס איז אַ נייער צוגאַנג צום לעבן.

איך געדענק דעם וד׳ פקד את שרה נישט אַזוי פיל צוליבן ניגון ווי צוליב די ווערטער, צוליב דער ליברעטאָ. ער האָט מיך באַשאַפן. ער האָט געדענקט שרהן און ער האָט איר יצחקן גע־

געבן. פון אים שטאַם איך. אַלס אַ ייד. נישט סתם אַלס אַ מענטש, נאָר אַלס אַ ייד. אַלס אַ ייד בין איך זיינער. ער האָט מיך באַשאַנקען מיט אַ שטיק פון זיין נשמה, און ער וויל אַז איך זאָל דאָס אָנערקענען.

און אין אַזאַ אָנערקענונג איז דער סוד פון די ימים נוראים דער ייד געהערט צום רבונו־של־עולם. און איך ציטער אויף ווייל איך דערמאָן זיך, אַז איך האָב זיך געוואָלט אַוועקדרייען פון אים דורכן גאַנצן יאָר.

דער אמת שטייט מיר פאַר די אויגן, און איך פאַרשטיי אים. איך זע ווי אברהם אבינו נעמט זיין איינענעם זון, זיין איינציקן און באַליבטן זון, זיין יצחקן, און ער לייגט אים אַוועק אויפן מזבח, צו מאַכן אים אַ קרבן עולה.

און איך הער ווי יצחק טענהט צום פאָטער:

— טאַטע, טאַטע... — זאָגט ער — בינד מיך צו אויף אַזאַ אופן, אַז איך זאָל זיך נישט קענען רירן, ווייל איך וויל נישט אַז כ׳זאָל אַרויסקומען אַ פסולער קרבן...

אַ ייד, אין איינקלאַנג מיטן געטלעכן אמת, איז אַן אברהם־יצחקדיקער ייד. ער נעמט נישט, ער גיט. ער גיט זיך איבער. ער גיט זיך איבער אין גאַנצן. ער גיט זיך איבער אין גאַנצן צום וועלט־באַשעפער. הנשמה לך והגוף פעלך... ער וויל זיין אַ כשרער קרבן.

*

פסח איז אַ יום־טוב פון נעמען. אַזוי זענען אויך די אַנדערע ימים טובים. איך נעם דעם גערשטן און דעם ווייץ פון די פעלדער. איך נעם די פרייהייט און די קולטור פון דער געטלעכער האַנט, וועלכע שוועבט אַזוי קלאָר איבער מיין לאַנגער געשיכטע. איך האַלט אין איין נעמען. פון דער נאַטור, פון גאָט, פון אומעטום.

אָבער ראש־השנה און יום־כיפור זענען טעג פון געבן. מיין פרייד, למשל, גיב איך אַוועק. ס׳איז אָבער מיין מכלומרשטע פרייד. ווייל אין אמתן שמעלץ איך זיך צוזאַמען מיטן בורא עולם.

אין די ימים טובים וואָלט איך זיך געקענט אַוועקשטעלן טאַנצן אין די גאַסן. אין די ימים נוראים בין איך צוריקגעצויגן,

איינגעקורטשעט צווישן פיר ווענט. אָבער מיין איזאָלאַציע דער־מעגלעכט מיר זיך צונויפצוגיסן, אַזוי צו זאָגן, מיט דעם צו וועמען איך געהער.

אַזוי ווי אַ מענטש צו זיין הויז, אַזוי ווי אַ פאָלק צו זיין לאַנד, אַזוי ווי אַ קינד צו זיין פאָטער — אַזוי געהערט דער ייד צו זיין גאָט.

און איך ציטער, ווייל איך האָב געזינדיקט. איך האָב דעם העכערן אמת געוואָלט אַרויסרייסן פון מיין האַרץ. אָפּמעקן פון מיין געוויסן. חרוב מאכן. איך האָב מחלל קדושה געווען. די מצוות עשה זענען קיין מצוות ביי מיר נישט געווען. און די לא־תעשהס זענען ביי מיר קיין עבירות נישט געווען. און איך ווייס, אַז אין די סאַמע ימים נוראים וויל איך אים אויך אָפּנאַרן.

אָט ליג איך אויפן מזבח, ווי אַן אברהם־יצחקדיקער ייד. אָבער איך בין נישט צוגעבונדן אויף אַזאַ אופן, אַז איך זאָל זיך נישט קענען רירן. און שטילערהייט זאָג איך זיך אַזוי, טאָמער ווילסטו צופיל פון מיר, דו, באַשעפער מיינער, הויב איך זיך אויף און גיי אַוועק...

יאָ, אויך איצטער, אין די טעג, ווען איך ווייס דעם אמת פון דעם געטלעכן ייד, איצטער וויל איך נעמען. זכרנו לחיים, גיב מיר אַ ביסל לעבן, זאָג איך צו אים. אַזוי ווי דער בער פון דעם וואַלד זוכט אַ ביסל לעבן. אַזוי ווי דער העלפאַנט פון דעם צירק — וועלכער אַרבעט אויך צו האָבן אַ לעבל ברויט — וויל אַ ביסל לעבן.

נישט קיין נפקא־מינה וואָס פאַר אַ לעבן. גנבענען, גזלע־נען, שקרענען — וואָס הייסט, אַראָפּ מיט העגטשקעס! יעדער מענטש טוט עס. אַבי געלעבט זאָל זיין. איך וויל נאָר נעמען, בשעת עס פאַרלאַנגט זיך פון מיר, דעם ייד, איך זאָל געבן. געבן ווי אַן אברהם אבינו האָט געגעבן. דאָס טייערסטע וואָס ער האָט געהאַט. מיין ווילן מקריב צו זיין אויפן מזבח פון זיין ווילן...

*

און עס איז פאַרכטיק. ווייל אַן דער צוזאַמענגיסונג מיטן בורא עולם איז מיר קאַלט. אַן דער וואַרעמקייט וואָס קומט פון זיין מיט אים, און פון זען אַז מיין נשמה און מיין קערפּער זענען זיינע, בין איך געפרוירן ביז גאָר. ווען איך פיל נישט די באַ־

צויבערונג פון מיין געטלעכער עקזיסטענץ, מעג איך וואוינען אינעם גרעסטן לוקסוס פון אַ באַלויכטענעם פּאַלאַץ, איז עס גאַר נישט בעסער ווי די פינצטערניש פון דעם פרימיטיוון מענטש אין זיין פינצטערער הייל.

*

איך פאַרשטיי די ימים נוראים מיט עפּעס אַ העכערן פאַר־שטאַנד. ווי גוט עס וואָלט מיר געווען, ווען איך וואָלט זיך טאַקע געקענט דערהויבן צו דער פאַרלאַנגטער שטופע. ווי ליכטיק וואָלט די געטלעכע קרוין פונעם ייד ווירקלעך געשיינט, ווען ער וואָלט ווירקלעך תשובה געטאָן און זיך צוריקגעקערט צו זיין באַשעפער.

אַזוי ווי דער משל דערציילט. וועגן אַ בן־מלך, וועלכער איז צוליב זיינע שלעכטע מעשים פאַרטריבן געוואָרן פון זיין פאָטערס פּאַלאַץ. האָט ער זיך אַזוי לאַנג געוואַלגערט אויף פרעמדע וועגן און שטעגן ביז ער האָט פאַרגעסן, אַז ער איז אַמאָל אַ קרוין־פּרינץ געווען, און איז געוואָרן דער אָרעמסטער פּאַסטוך ערגעץ אין אַ ווייט־פאַרוואָרפן דערפל.

מאַכט זיך אַז דער מלך איז אַמאָל אַרויסגעפאָרן באַזוכן זיין לאַנד. אין יענע צייטן איז געווען אָנגענומען, אַז ווען איינער פון די אונטערטעניקע בירגער האָט עפּעס געברויכט האָבן, וואָס ער האָט אַליין פאַר זיך נישט געקענט באַזאָרגן, האָט ער אָנגע־שריבן אַ בקשה צום קעניג, און אַריינגעוואָרפן דעם בריוו אין דער קעניגלעכער קאַרעטע, און דער קעניג האָט אים זיין בקשה דערפילט.

און ווען דער מלך איז איצט דורכגעפאָרן דאָס דערפל וואו זיין זון איז זינט לאַנגע יאָרן שוין געווען אַ פּאַסטוך, האָבן אויך איניקע פויערים אַריינגעוואָרפן זייערע בקשות. איינער האָט געבעטן אַ פּאָר אָקסן צום אַקערן. אַן אַנדערער האָט געבעטן אַ שטיקל פעלד. און נאָך אַן אַנדערער האָט געבעטן אַ ביסל געלט אויף פרנסה.

ווען דער מלך איז צוריק אַ היים געקומען און אָנגעהויבן לייענען די פאַרשידענע בקשות, האָט ער צווישן זיי געפונען אַ בריוו אין וועלכן עפּעס אַ פּאַסטוך בעט דעם מלך אַז ער זאָל אַזוי גוט זיין און אים פאַרזאָרגן מיט אַ בינטל שטרוי. עס האָט

געהייסן אַז ער דאַרף דאָס שטרויִ אויף צו מאַכן אַ דאַך איבערן ביידעלע אין וועלכן ער וואוינט. ווי לאַנג ער האָט נישט קיין שטרוי אויף אַזאַ דאַך ווערט ער, דער פּאָסטוך, נעבעך דורכגע־נומען פון די ווינטן און די רעגנס.

און דער מלך קוקט אויף דעם בריוו און די אויגן ווערן ביי אים נאָס מיט טרערן. ער דערקענט אַז די האַנטשריפט איז פון זיין זון, דעם אַמאָליקן קרוין־פּרינץ. און מיט ווייטיק שרייט ער אויס, זאָגנדיק:

— זון מיינער, זון מיינער... — זאָגט ער — ווי נידעריק דו ביסט געפאַלן, אַז אַלץ וואָס פעלט דיר איצט איז אַ ביסל שטרוי אויף אַ דעכל. האָסטו טאַקע פאַרגעסן אַז דו ביסט אַ בן־מלך! דער פּאַלאַץ איז דאַך פאַר דיר אָפן. די גאַנצע מדינה וואַרט דאָך אויף דיר. קום צוריק, מיין זון, קום צוריק. גיב זיך איבער צו דיין קעניגלעכער ראָל וויל צו דעם ביסטו באַשאַפן געוואָרן. דאָס איז דיין אמת. און אין אים וועסטו דיין גליק געפינען...

*

אויך דער געטלעכער קעניג רופט אויס צו אונדז אויף אַן ענלעכן אופן. אַ שטרויען־דעכל איז לאו דוקא. מען קאָן אויך בעטן אויף אַ גאָלדן דעכל — און דאָך זיין אַזוי נידעריק געפאַלן אַז דער באַשעפער צעוויינט זיך כביכול ווען ער קוקט אויף דעם וועלכן ער האָט אַמאָל באַצייכנט אַלס בני בכורי ישראל, זאָגנדיק —

מיין ערשט־געבוירענער זון איז ישראל.

מען קאָן נאָך גיין ווייטער אין אונדזער מענטשלעך־יידישן אַנאַליז און זאָגן, אַז אפילו ווען איך האָב שוין אַלץ וואָס אַ מענטש באַגערט — אפילו ווען איך שווים שוין אין גאָלד — קאָן איך נאָך אויך באַטראַכט ווערן אַלס האָבנדיק זיך אומווירדיק וויית דערווייטערט פון דער אמתער קעניגלעכער ראָל וואָס דער אויבערשטער האָט געוואָלט, אַז איך זאָל שפּילן אין דער גע־שיכטע.

און ווער נאָך ווי איך אַליין ווייסט אַזוי גוט, אַז איך האָב זיך טאַקע אַזוי אומווירדיק דערווייטערט. איך — דער ייד — האָב זיך נישט אָנערקענט אַלס דער מאַטעריאַל וועלכן ער —

וואָס איז אויבן — האָט געשאַפן און לעבעדיק געמאַכט און אַלס זיין בן־מלך באַצייכנט. איך בין זיך אַ גאַנץ יאָר אַרומגעגאַנגען אַזוי ווי איך וואָלט פון אים גאָרנישט געוואוסט. אַזוי ווי ער וואָלט מיך גאָרנישט אָנגעגאַנגען. און געוויס האָב איך נישט געמאַכט קיין גרויס צימעס פון מיין באַוואוסטזיין, אַז לעולם געהערט מיין נשמה צו אים און אַז אין אמתן גענומען בין איך אין גאַנצן זיינער.

הנשמה לך והגוף פעלך.

היינט — ראש־השנה — האָב איך אַריינגעוואָרפן אַ בריוול אין דער קעניגלעכער קאַרעטע. האָב איך אָבער אינעם בריוול געבעטן דאָס ריכטיקע און דאָס וואָס איך פאַרשטיי מיט מיין העכערן שכל? האָב איך דאָרט אויסגעדריקט די בקשה פון איינעם וואָס ווייסט אַז זיין אָרט איז נישט אין די וויטעניישן פון ווייט־פאַרלאָזטע פלעצער, נאָר אין אַזאַ נאָענטקייט צום באַשעפער, אַז מיר זאָל וואַרעם ווערן פון אים און אַז ער זאָל זיך פילן שטאָלץ מיט מיר?

*

איך פאַרשטיי די ימים נוראים. איך קום בעטן אַ ביסל שטרוי אויף אַ דאַך איבער מיין קאָפּ. אָבער ער, מיין הימליי־שער פאָטער, וויל אַז איך זאָל זיך אים אין גאַנצן איבערגעבן. זיך באַהעפטן מיט אים אַלס דעם מקור פון אומשטערבלעכקייט. מיין בקשה פון זכרנו לחיים דאַרף זיין אויף למענך אלוקים חיים. אַז ער, דער בורא עולם, זאָל דורך מיר לעבן אין דער וועלט.

דאָס איז די בעסטע כתיבה וחתימה טובה וואָס דער ייד קאָן זיך אויסבעטן. אַז געטלעכקייט וועט הערשן אין דער וועלט, וועל איך האָבן געזונט און שלום און ברכה. איך בין דער שליח פון דער דאָזיקער געטלעכקייט. איך בין דער קרוין־־פרינץ. איך מוז זיך אים איבערגעבן, און מיין לעבן וועט זיך ציילן נישט אין איינציקע יאָרן, נאָר אין גאַנצע עפּאָכעס, אין אייביקייטן.

לזכר
אבי מורי ר' חיים בהאדמו"ר מראדושיץ ר' ישכר בער זצוק"ל
ואמי מורתי מרת איטא בת החסיד והענו ר' גד אשר ע"ה
ואחותי רבקה ובעלה אליהו עם שתי בנותיהם
ושני אחי יהודה וישכר בער
שנספו על קידוש השם בימי השואה הרעה
הי"ד
ולזכר אחי הבכור ר' משה נתן ע"ה

In memory of
my parents Chaim & Itta Rapaport
my sister Regina & her husband Elias
and their two children
and my two brothers Yehudah & Issachar Ber
who died for the sanctification of God's name
during the Nazi Holocaust in Europe
and in memory of my eldest brother Moshe Natan
G. R. T. D. S.

# מיין שטאַרקייט און מיין געזאַנג

שלום־וואָרט

אײדער דער חשובֿער לייענער לייגט אַוועק דאָס ספֿרל מיינס, ווויל איך נאָך אַמאָל אָנבינדן אַ שטיקל קאָנטאַקט מיט אים, כאָטש אויף עטלעכע מינוטן נאָר.

איך וויל אָנהויבן מיט אַ קליין געשיכטעלע, וואָס איך געדענק פֿון פּרק נאָך פֿון מיינע חדר־יאָרן. בעצם גלויב איך אַז אויך דו חשובֿער לייענער, געדענקסט דאָס געשיכטעלע, ווייל אויך דו ביסט אַ ייִד גלייך מיט מיר, און אויך דו ביסט מסתמא אַמאָל געגאַנגען אין חדר אַריין.

ווערט דאָרט אין פּרק אַזוי דערציילט.

רבי יוסי בן קיסמא איז אַמאָל געגאַנגען ערגעץ אויף אַן אָרט, און אַ פֿרעמדער מענטש איז צו אים צוגעקומען און אים געגעבן שלום. און רבי יוסי בן קיסמא האָט אים צוריקגעגעבן שלום.

— רבי, פֿון וואַנען זייט איר... — האָט אים דער פֿרעמדער מענטש געפֿרעגט.

— איך בין פֿון אַ גרויסער שטאָט מיט חכמים און סופֿ־רים... — האָט רבי יוסי געענטפֿערט.

— רבי, קומט און וואוינט מיט אונדז... — האָט דער מענטש ווייטער געזאָגט — קומט און וואוינט אין אונדזער אָרטשאַפֿט און איך וועל אייך געבן אַ טויזנט טויזנט גאָלדענע רענדלעך און טייערע שטיינער און פּערל...

זאָגט צו אים רבי יוסי צוריק:

— אויב איר וועט מיר אַפֿילו געבן דאָס גאַנצע זילבער און גאָלד אין דער וועלט, און אַלע טייערע שטיינער און פּערל, וועל איך נישט וואוינען נאָר אין אַן אָרטשאַפֿט פֿון תּורה... —

און רבי יוסי גיט צו — און אַזוי שטייט אויך אין תהילים וואו דוד המלך זאָגט צום רבונו־של־עולם: די תורה פון דיין גטעלעך מויל איז מיר בעסער ווי די טויזנטער פון גאָלד און זילבער...

און די צוויי מענטשן גייען זיך פאַנאַנדער. דער פרעמדער גייט זיך אין זיין ריכטונג און רבי יוסי בן קיסמא — אין זיינער. דער פרעמדער — מיט אַלע זיינע רייכטימער — ווערט אין גאַנצן פאַרגעסן, און רבי יוסי — מיט זיין אָרטשאַפט פון תורה — ווערט פאַראייביקט אין איינעם פון אונדזערע באַליבטסטע ספרים.

*

אַ פּשוט געשיכטעלע — כמעט צו פּשוט — און דאָך איז עס ביי מיר זיס און טייער. דו ווילסט וויסן — פאַרוואָס? ווייל עס דריקט אויס אויך מיינע אייגענע אויפפאַסונגען. ווייל עס ווייזט מיר — אַלס אַ ייד — דעם מקור פון מיין שטאַרקייט און מיין געזאַנג.

דו, חשובער לייענער, וועסט וויסן פון שער־בלאַט אַז מיינע אָפּהאַנדלונגען דאָ זענען וועגן דעם קיום און המשך פון אונדזער פאָלק און אפשר האָסטו זיך געוואונדערט וואָס, למשל, אַזאַ מענטש ווי איך קאָן דיר שוין זאָגן וועגן אַזעלכע העכסט־וויכטיקע פּראָבלעמען.

איך בין נישט קיין אוניווערזיטעט־פּראָפעסאָר און אויך נישט קיין וועלט־באַקאַנטער יידישער מנהיג. איך בין בלויז אַ רב אין אַ פּראָווינציעלער און ווייט־פאַרוואָרפענער קהילה. איז וואָס קאָן איך דיר אַנטפּלעקן וועגן שטאַרקייט פאַר די יידן און וועגן געזאַנג פאַר זייער געמיט?

מעגלעך אַז דו ביסט גערעכט.

דו וואָלסט גיכער זיך צוגעהערט צו אונדזערע פּראָמי־נענטע פירער — די וועלכע האָבן אַ נאָמען פון גרויסע אָראַ־טאָרן אין דער וועלט. דו וואָלסט זיך גיכער צעלייענט אין די ביכער פון אונדזערע גרויסע פּראָמינענטע שרייבער — די וועל־כע האָבן אַ נאָמען פון גרויסע ליטעראַטן אין דער וועלט. אָבער ווי קום איך?

און דאָך רייסט זיך ביי מיר אַן אינערלעכע סטרונע און לאָזט מיך נישט רוען. איך פיל אַז איך האָב עפּעס וואָס צו

זאָגן צו אונדזער פאָלק, און אַז איך מוז עס זאָגן — — — ווייל טאָמער אפשר וועט עס האָבן עפּעס אַ פּעולה.

*

מיר לעבן היינט אין אַ תקופה פון גרויסע אומרואיקייטן. די פעלקער זענען פול מיט מאַטעריעלע רייכטימער — ספּע־ציעל אין די מערב־לענדער — און דאָך, וואו נאָר מען טוט זיך אַ דריי אין דער וועלט, זעט מען ווי עס קאָכט און זידט מיט באַווילדערונגען.

די שולע פון דעם גויאישן פאָרשער וועלהאַוזען האָט גע־פּסקנט אַז די יידישע תורה איז נישט קיין געטלעכע תורה, און דעריבער דאַרף מען זי נישט פאָלגן. און מיט אַ צייט שפּעטער האָט די שולע פון דעם גויאישן פילאָזאָף ניטשע געפּסקנט אַז דער גאָט פון דער תורה איז טויט, און דעריבער מוז מען אָנ־הויבן אַ ניטשעאַניש — אַן אכזריותדיק — לעבן. און היינט — אָן תורה און אָן גאָט — איז עס גרוי און אומעטיק פון איין עק וועלט ביז צום צווייטן עק וועלט. און קיינער וואָגט זיך נישט צו זאָגן אַז עס וועט אַמאָל ווערן העלער און פריילעכער אין דער צוקונפט.

קיינער בעצם וואָגט זיך נישט צו זאָגן צי עס איז איבער־הויפּט דאָ אַ צוקונפט פאַר דער מענטשהייט. און אויב די איצ־טיקע באַדינגונגען זאָלן אַזוי לאַנג בלייבן — איז ווער ווייסט וואָס וועט אַרויסקומען!

דאָס איז מיין אָפּשאַצונג פון דער היינטיקער תקופה. לאָ־מיר אָבער גיין אַ ביסל ווייטער.

*

עס האָט איינער אַמאָל געדאַרפט צוקומען צו אַ געוויסער אָרטשאַפט. דעם וועג דאַרט אַהין האָט ער נישט געקענט — דער וועג האָט דווקא געפירט דורך אַ געדיכטן וואַלד — ער האָט אָבער געהאַט אַ קאָמפּאַס מיט זיך, און די מאַגנעטישע נאָדל האָט אויך גוט פונקציאָנירט, האָט ער זיך געלאָזט גיין און איז סוף סוף צוגעקומען צו דעם געוואונטשענעם פלאַץ זיי־נעם.

אין אונדזער צייט איז דער סאָציאַל־מאָראַלישער קאָמפּאַס אַרויסגעשלאָגן געוואָרן פון דער מענטשלעכער האַנט און די

גאָדל פון אַ נאָבעלן מענטשלעכן געוויסן איז צעשמעטערט גע־וואָרן. די פעלקער זענען אומזיכער מיט זיך אַפילו פון היינט אויף מאָרגן. זיי זענען אַלע גייסטיק צעמישט און צעטראָגן. זיי בלאָנדזשען.

דאָס זענען די אומשטענדן אין וועלכע איך האָב געקוקט אויף מיין אייגן פאָלק. און ווען איך האָב געזען דאָס וואָס איך האָב געזען — איז מיין האַרץ צו אים אויסגעגאַנגען.

ביי מיר איז קיין ספק נישטאָ, אַז צוליב די אויסערגע־וויינלעכע גרויזאַמקייטן פון דער לעצטער וועלט־מלחמה האָט זיך אונדזער עקזיסטענץ — אַלס דאָס געטלעכע פאָלק פון דער געשיכטע — אַ שוידערלעכן וואַקל געטאָן.

אַ סך פון אונדז זענען נישט מער די זעלבע וואָס מיר זענען געווען אין די פריערדיקע יאָרן.

אַ סך פון אונדז האָבן אָנגעהויבן צו בלאָנדזשען אין די געדיכטע וועלדער פון נישט־יידישקייט. אַ סך פון אונדז וויסן נישט וועגן דער תורה און גלויבן נישט אין גאָט.

און ווען איך האָב דאָס געזען, האָט עס מיר ווי געטאָן ביז גאָר, און איך האָב זיך געפרעגט —

וואָס וועט זיין ווען אויך מיר וועלן לאָזן דעם קאָמפּאַס — דעם קאָמפּאַס פון דער תורה — אין גאַנצן אַרויסגעשליידערט ווערן פון אונדזערע הענט, און די נאָדל וואָס ווייזט אונדז דעם וועג צו יידישער ליבשאַפט און לאָיאַליטעט וועט צעשמעטערט ווערן?

וואָס וועט זיין ווען מיר — יידן — וועלן מער נישט וויסן די ריכטונג צו דעם אויסדערוויילטן אָרט אונדזערן — די ריכ־טונג צו אונדזער פאַראייביקונג אַלס דעם פאָלק פון אברהם און יצחק און יעקב?

*

אויך דו, מיין חשובער לייענער, ווייסט מסתמא פון אָט די פּראָבלעמען. דאָס זענען די פּראָבלעמען פון יידישער אויס־טרוקעניש און צעפאַלונג — אַזוי ווי דער רעדנער אין ירושלים האָט זיי באַצייכנט. דאָס זענען די פּראָבלעמען וועלכע שאַפן דעם פּעסימיזם וואָס הערשט היינט ביים אַמעריקאַנער יידנטום — לויט דער פעסטשטעלונג פון דעם פּראָפעסאָר אין ניו־יאָרק.

האָסטו אָבער געזוכט אַ לייזונג פאַר זיי? האָסטו אפשר געפונען אַ לייזונג אויף זיי? אָדער אפשר פאַרלאָזטו זיך אויפן דערמאָנטן פּרעזידענט אָדער דעם דערמאָנטן אוניווערזיטעט־געלערנטן — און אויף זייערס גלייכן.

איך וועל דיר זאָגן דעם גאַנצן אמת. איך פאַרלאָז זיך נישט אויף זיי — נישט אויף דעם איינעם און נישט אויף דעם צווייטן — און אויף קיינעם נישט פון זייערס גלייכן. ווייל זיי האָבן נישט קיין רפואה צו די פּראָבלעמען וועלכע טאָן אונדז וויי. זיי זעען די סימפּטאָמען פון אונדזער שוואַכקייט — זיי זעען אַן אויסטרוקעניש און אַ פּעסימיזם — און כאָטש איך האָב אין מיין אַריינפיר־וואָרט געזאָגט אַז זיי האָבן אונדז געגעבן גאָונישע דיאַגנאָזעס וועגן אונדזער מצב, האָב איך זיך אין זיי נאָך אַמאָל אַריינגעטראַכט און איך זע אַז זייערע דיאַגנאָזעס זענען נישט אין גאַנצן ריכטיק.

אַזוי צי אַזוי — זיי ווייסן נישט וואָס פאַר אַ רפואה אונדז אָנצובאָטן, און דעריבער קאָן איך זיך אויף זיי נישט פאַרלאָזן. די לייזונג — דאָס איז קלאָר — ליגט אין דער ריכטונג פון דער יידישער געשיכטע און דעם יידישן האַרץ.

איך בין אַ ייד — אַזאַ איינער וועלכער שטאַמט פון הונ־דערטער דורות פון הייליקייט. איך בין אַזאַ איינער וועמענס אבות האָבן מיר איבערגעגעבן בירושה אַ הימלישן גורל — דעם גורל פון זיין דער אייביקער טרעגער פון דער געטלעכער תורה דאָ — דאָ אויף דער נידעריקער און אומפּערפעקטער ערד. דו ביסט אויך אַזאַ ייד. דאָס גאַנצע פאָלק אונדזערס באַ־שטייט פון אַזעלכע יידן.

עס איז אָבער אַ טראַגעדיע געשען, און צוליב שונאים פון דרויסן און שונאים פון אינעווייניק איז די הייליקייט פון אַ סך פון אונדז אויסגעמעקט געוואָרן און מיר טרוקענען אויס. צוליב פאַלשקייטן פון דרויסן און פאַלשקייטן פון אינעווייניק איז די געטלעכע תורה ביי אַ סך פון אונדז פאַרשוועכט געוואָרן, און מיר זענען פּעסימיסטיש.

דאָס איז די ריכטיקע דיאַגנאָזע פון אַלע אונדזערע אָנגע־ווייטיקטע פּראָבלעמען היינט־צו־טאָג. און ווייל די דערמאָנטע גרויסע מנהיגים אונדזערע האָבן דאָס נישט געזען, און זיי האָבן אונדז נישט אָנגעבאָטן צוריקצוגיין צו דעם געטלעכן יסוד פון

אונדזער לעבן — נישט אין ירושלים און נישט אין ניו־יאָרק — איז ביי מיר זייער פּירערשאַפט אין גאַנצן נישט אויסגעהאַלטן.

איך בין אַ באַשעפעניש וואָס איז שטאָלץ מיט זיין געשיכטלעכער ירושה, וואָס וואַקסט אין זיין רעליגיעזער אמונה און וואָס פרייט זיך מיט זיין מאָראַלישער קדושה. און אַזאַ באַשעפעניש ביסטו אויך, מיין חשובער לייענער. מיר זעגנען די יעניקע מיט וועמען גאָט רעדט יעדן טאָג דורך דער פאַרמיטלונג פון זיין הייליקן געזעץ.

און ווייל די אויבן ציטירטע מנהיגים אונדזערע האָבן מיט קיין איין וואָרט גאָט נישט אָנגערופן און מיט קיין איין וואָרט זיין הייליק געזעץ נישט דערמאָנט — נישט אין ירושלים און נישט אין ניו־יאָרק — ווייס איך אַז זייער לייזונג איז קיין לייזונג נישט.

פון מיין האַרץ הער איך אַרויס ענלעכע ווערטער צו די וועלכע רבי יוסי בן קיסמא האָט אַרויסגעזאָגט צו דעם פרעמדן מענטש וואָס האָט זיך מיט אים געטראָפן אויפן וועג. פאַראַפראַזירט דריקן די ווערטער אויס אַזאַ געדאַנק:

— אויב איר וועט מיר אַפילו געבן דעם גרעסטן מאַטעריעלן וואוילשטאַנד און די אידעאַלסטע פּאָליטישע עמאַנציפאַציע, וועל איך נישט וואוינען נאָר אין אַ לעבן פון תורה, ווייל תורה איז מיין אָרטשאַפט.

האָט דאָך שוין דער תהילים־ייד אַמאָל געזאָגט:

— די תורה פון דיין געטלעך מויל איז מיר בעסער ווי די טויזנטער פון גאָלד און זילבער.

*

דאָס איז דער געדאַנק, מיין חשובער לייענער, וועלכן איך וויל אַז דו זאָלסט מיט זיך אַוועקטראָגן נאָך דעם ווי דו וועסט פאַרענדיקן לייענען אָט דאָס בוך מיינס.

געדענק אַז דו ביסט אַ ייד — נישט דער פאַרשעמטער און פאַרקריפּלטער באַשעפעניש אַזוי ווי די גויאישע וועלט וויל דיך אויסמאָלן אָדער פון דיר מאַכן — נאָר אַזאַ איינער וועלכער איז דער פאָרשטייער פון דעם העכסטן מענטשלעכן מין.

אַזוי דאַרפסטו זיך שפּירן אין די גלות־לענדער און אַזוי דאַרפסטו זיך אויך שפּירן אין מדינת־ישראל — און אַזוי אַרום

וועסטו צוריק געזונט ווערן און אַזוי אַרום וועסטו אויך די האָפענונג פון דיין לעבן צוריקגעווינען.

דאָס איז די לייזונג צו וועלכער איך וויל אַז דו זאָלסט ווענדן דיינע אויגן און דיינע מחשבות.

*

איך האָב גענומען שטיקער פון אונדזער לאַנגער געשיכטע, און זיי אַנאַליזירט אַזוי ווי אונטער אַ מיקראָסקאָפּ, און איך האָב אין זיי געזען אָט וואָס.

קלוגע פּאָליטיק איז גאָר גאָר וויכטיק, אָבער זי איז נישט דער העכסטער יידישער מאָטיוו. עקאָנאָמישע סטאַביליטעט איז זייער דרינגענד, אָבער זי איז נישט די טיף־כאַראַקטעריסטישע שטרעבונג פון אונדזער פאָלק. גענוגנדע באַוואָפענונג איז אַן וועלכער מיר געפינען זיך — אָבער אויך דאָס איז נישט דער הויפּט־ציל פון די וועזנטלעך יידישע אָנשטרענגונגען.

די נשמה וואָס באַהויכט דאָס יידישע לעבן איז ערגעץ אַנדערש. דו ווילסט וויסן — וואו? איז הער אויס די ווערטער פון דריי אמתע יידישע מנהיגים, ווייל נאָר אין זיי וועסטו געפינען דעם קאָמפּאַס וועלכער וועט דיר ווייזן דעם וועג ווי אַזוי זיך אַרויסצובאַקומען פונעם וואַלד פון בלאָנדזשעניש.

שטייט משה רבינו ביי דעם אומגלויבלעכן נצחון פון ישראל איבער דעם מעכטיקן פרעה מלך מצרים, און ער איז פול מיט באַוואונדערונג. פון וואַנען קומט אַזאַ נצחון?

עזי וזמרת יה ויהי לי לישועה — שרייט אויס אָט דער דאָזיקער אומשטערבלעכער תורה־געבער פון אונדזער פאָלק, זאָגנדיק —

דער אויבערשטער איז מיין שטאַרקייט און מיין געזאַנג,
און ער איז דאָס דער וועלכער האָט מיר געבראַכט
מיין דערלייזונג.

עטלעכע הונדערט יאָר גייען פאַרביי. און איצט שטייט דוד המלך ביי דער פאַראייניקונג פון ישראל, און אַ געפיל פון טריאומף נעמט אים אַרום. פון וואַנען קומט אַזאַ טריאומף?

עזי וזמרת יה ויהי לי לישועה — שרייט אויס אויך אָט דער נאָבלסטער צווישן די מלכים פון אונדזער פאָלק, זאָגנדיק —

דער אויבערשטער איז מיין שטאַרקייט און מיין געזאַנג,
און ער איז דאָס דער וועלכער האָט מיר געבראַכט
מיין דערלייזונג.

**און נאָך עטלעכע הונדערט יאָר גייען פאַרביי, און** ישעיהו הנביא **שטייט און ער חלומט וועגן דער קומענדיקער גרויסקייט פון ישראל. און דער חלום איז ביי אים נישט ווייניקער ווירק־לעך און זיכער ווי ווען ער וואָלט שוין געווען אַ געשעענער פאַקט. פון וואַנען קומט אַזאַ ווירקלעכקייט? אַזאַ זיכערקייט?**

עזי וזמרת יה ויהו לי לישועה — **שרייט אויס אויך דער דאָזיקער** מנהיג **פון אונדזער פאָלק — אָט דער פּראַכטפולסטער צווישן אונדזערע** נביאים, **זאָגנדיק —**

דער אויבערשטער איז מיין שטאַרקייט און מיין געזאַנג,
און ער איז דאָס דער וועלכער האָט מיר געבראַכט
מיין דערלייזונג.

*

**אַ סך הונדערטער יאָרן זענען זינט דעמאָלט שוין פאַר־גאַנגען, און איך ווייס — מיט אַלע מיינע** חושים **און געדאַנ־קען — אַז די** נשמה **וואָס באַהויכט אונדזער יידיש לעבן איז נאָך אַלץ אין דעם זעלבן** מקור. **זי איז נאָך אַלץ אין דער טיפער** אמונה **וואָס דער ייד דאַרף האָבן אין דער געטלעכקייט פון זיין עקזיסטענץ — אַן** אמונה **וועלכע פאַרזיכערט מיך, זאָגנדיק —**

צינד אָן דאָס ליכט פון דיין יידישן היינט — און
די זון פון דיין יידישן מאָרגן וועט גלאָררייך פאַר דיר
אויפשיינען.

היל דיך איין אין די הייליקייטן פון דיין יידישן
קיום — און אַ פאַרהייליקטער יידישער המשך וועט דיך
אויף אייביק אַרומרינגלען.

**אַזוי רעדן צו מיר די אמתע יידישע** מנהיגים. **און ווען איך הער זיך צו זיי צו — ווייס איך אַז זייער שטאַרקייט און געזאַנג איז אויך** מיין שטאַרקייט און מיין געזאַנג. **אָדער נאָך בעסער געזאָגט** — אונדזער שטאַרקייט און אונדזער געזאַנג.

*

און אַזוי געזעגן איך זיך מיט אונדזערע לייענער, אין דער תפילהדיקער האָפענונג אַז דאָס בוך מיינס וועט עפּעס וואָס באַצוועקן. אויך וויל איך נאָך אַמאָל אָפּגעבן לויב דעם רבונו־של־עולם פאַר דער זכות וואָס ער האָט מיר באַוויזן אין צוזאַמענהאַנג מיט אָט דעם צווייטן בוך מיינעם.

צי עס וועט מיר אַמאָל נאָך געלינגען אַרויסצוברענגען אויך אַ דריטן באַנד — איז אין הימל ווייסט. איך האָב צוגעגרייט דעם מאַטעריאַל, אָבער צו פאַרעפנטלעכן היינט־צו־טאָג אַ בוך אין דער יידישער שפּראַך — און באַזונדערס אין דער רעליגיעז־יידישער שפּראַך — איז אויסערגעוויינלעך שווער. עס קומט ממש אָן מיט קריעת ים־סוף. און דאָך געפינען זיך אין דעם צוגעגרייטן מאַטעריאַל מיינעם אַ סך מחשבות וואָס — איך בין איבערצייגט — וואָלטן געקענט צוהעלפן דעם ייד אויפהויבן זיין קאָפּ און טראָגן אים הויך און מיט שטאָלץ...

איך וויל איצט מסיים זיין און אויסדריקן אַ טיפן דאַנק פאַר אַלע גוטע פריינד מיינע וועלכע האָבן מיך דערמוטיקט ביים אַרויסגעבן מיין שטאַרקייט און מיין געזאַנג.

צום גוטן וויל איך אויך דערמאָנען די צוויי היגע וואָכנ־צייטונגען — די יידישע נייעס און די יידישע פּאָסט — און דאַנקען זייערע חשובע רעדאַקטאָרן פאַר אָפּדרוקן מערערע פון די דאָ צונויפגעקליבענע אָפּהאַנדלונגען.

און אחרון אחרון — איך וויל דאָ דאַנקען די מיטגלידער פון מיין משפחה סיי אין מעלבורן און סיי אין תל־אביב פאַר דער וואַרעמער באַגייסטערונג וואָס איך האָב פון זיי באַקומען אין משך פון מיין שרייבן.

זאָלן זיי אַלע זיין געבענטשט פון אים וועלכער איז דער הימלישער אורשפּרונג פון אַלע ברכות.

תם ונשלם שבח לבורא עולם

Unfortunately—due to external enmity against us—much of our saintly living has been destroyed, and we are spiritually shrivelling up. Due to the availability of some cheap allurements from outside—by which many of us are being blinded—we are profaning our own Faith, with the result that weakness is creeping into our ranks and a mood of pessimism is slowly overtaking us.

And because our lay leaders have failed to diagnose our problems correctly—and have not recalled us to a renewal of the sanctified elements of our Jewish life—I cannot really accept their leadership.

Because those leaders have not mentioned God even with one single word—and have omitted to acknowledge the supremacy of His holy Torah—I know that I must look elsewhere for a solution to the problems which are troubling us.

"Where?" you will ask.

Come with me and I shall open to you the pages of our long history, for in them we shall find the true philosophy of our existence—such as was given to us by our very greatest leaders—Moses, the most faithful of Israel's servants, David, the most devoted of Israel's kings and Isaiah, the most eminent of Israel's prophets.

When those men looked for the cause of our victory and hope, they—each one of them—saw it in God, and so they proclaimed, saying—

**The Lord is my strength and my song,**
**And He is become my salvation.**

This is how true Jewish leaders speak to me also to-day. And when I give ear to their word—and follow it up in my life—I know that in their strength and song is also **My Strength and My Song.**

Or better still — **Our Strength and Our Song.**

From MOUNT SCOPUS COLLEGE

As always—when work of a sacred Jewish nature is involved—so also at present we see how the adversary is extremely busy in an endeavour to make it impossible for us to impregnate our educational institutions with a truly Jewish content.

Allow him—the adversary—and he will remove every trace of the Jewish spirit from our schools. In regard to some Jewish subjects he will claim that they are unnecessary. In regard to others he will try to convince you that they interfere with the efficient secular education of the students.

He absolutely refuses to permit that our younger generation should absorb a natural love for a piece of **Chumash and Rashi**, or for a few chapters of our **Sacred Scriptures**, or for some **Mishnah** and **Shulchan Aruch.**

Indeed our Jewish life in the diaspora is hard and complicated even under the most favourable conditions, and we must constantly be on our guard if we are to fulfil the fervent hopes of our people.

We must strive to become particularly strong when it affects the religious fate of our sons and daughters, because it is only through the spiritual loyalty of the latter that we shall be able to ensure a joyous and hopeful future for Israel.

From MY STRENGTH AND MY SONG

As a Jew I am a person who is a descendant of hundreds of years of saintliness. I am a person to whom my ancestors have bequeathed a heavenly destiny—the destiny of being the eternal bearer of the divine Torah here upon earth.

You, too, my reader, are such a Jew. The whole of our people is made up of such Jews.

But disillusionment in whom and in what?

Was it the Jewish Faith that had in any way let us down? Or was it the wicked and utterly hypocritical conduct of the nations of the world?

Was it not a grievous mistake on our part that we put so much trust in the **righteousness** and **loving-kindness** of Gentile Europe at a time when that Europe was not possessed of anything like those truly Biblical attributes?

The enemy indeed sowed wholesale death among our people with the most ruthless brutality. We can only add that some day the hand of history will exact vengeance upon him for all the evil which he had perpetrated against the descendants of Israel. We believe that **though the mills of God grind slowly, yet they grind exceedingly small.**

But we have also made another—and equally unforgivable—mistake in that we had surrendered to internal quarrels and schisms and mutual hatreds—all for no reason at all.

It is at least conceivable that if it had not been for those schisms and hatreds we might to-day have had to kindle only five lights, instead of six, or perhaps only four, or even perhaps only three. Or perhaps—none. Who knows?

Quarrels and schisms are always a curse. Also to-day they are our bane and misfortune, and we should see to it that we do not head for some more calamities on their account.

We should not wait till the enemy is at the gate before we become united. Because when the enemy is already at the gate, it is too late, and no unification will be of any avail.

you of everything that is good—political freedom, civic equality and economic well-being. How are you now going to behave towards Me? Will you form yourselves into a **faithful remnant** of Israel, or will you adopt the ways of those who are around you? Will you make an effort to abide by the teachings of Mount Sinai, or will you gradually again slip back till you reach the abyss of complete spiritual estrangement from Judaism?"

If I were writing this essay in regard to our own land, I would describe the position in exactly the same terms. We, too, have everything here, thank Heaven. And if we were really sensible people, we would make use of every available moment and remember God and give praise to Him for having cast our lines in these very pleasant places.

But are we sensible people? Are we?

In any case we, too, have been put to the test of religious loyalty, and it is up to us to make ourselves fully conscious of it while time is still on our side.

There—on high—they want to know whether we shall retain our faith in Him Whose arm is so beneficently extended over us, or shall we push it away with so much lack of understanding of what is at stake.

But in Anglo-Jewry the test has already reached its climax. The battle for and against the sanctity of the Faith of Israel has been joined. And our heart goes out in sympathy to the faithful ones.

From THE DESTRUCTION OF BIALYSTOCK

There is no doubt that we are deeply embittered at the indescribably great tragedy in which six million of our people have so cruelly been lost. We are most painfully disillusioned.

A similar enchantment lives also in our hearts as we think of this beloved and immortal sweet singer of Israel. His earthly pilgrimage is still a sacred ideal for many of us, and in our wide scattering all over the globe we still dream of our future redemption no less longingly than he did.

One day—we believe—this dream will come true, with the Divine Presence returning to the Holy Land and Israel again worshipping God in Zion. And then—we are confident—the Levites, singing in the courts of the renewed Sanctuary, will also include the poems of Yehudah Halevi in their hallowed liturgy.

This will be the eternal monument to one of our most illustrious thinkers. This will be the gratitude of an entire nation to one of its greatest and noblest sons.

From THE STRUGGLE FOR OUR SACRED FAITH

There was deep joy in Anglo-Jewry in the first decade of the recent post-war period. The only European Jewish community to have been saved from Nazi brutalities, Anglo-Jewry then became the scene of much Jewish rebuilding, under the leadership of a newly elected and greatly devoted Chief Rabbi and with numerous Jewish arrivals—survivors of the Nazi holocaust—contributing to the emergence of a truly pious Jewish community.

But then, as if by an evil spell, a fierce opponent suddenly appeared. An anti-Torah campaign was set in motion—a campaign which the faithful Jew could not but regard as a sign of heavenly testing. God made His voice heard to our brethren in that country, saying—

"I have saved you in this land and have given

lete, and so he, too, rejects the practice of our divine teachings.

Instead of reaching out for a renewal of our Jewish life in all its glorious ramifications, he is trying to set up an existence which is cut off from our historic roots. Little does he seem to realise that without roots no tree will ever grow—let alone flourish.

He wants to leave the modern House of Bondage, and to enter the restored Promised Land, but—without the company of Him by Whose promise this Land became ours. He does not know that such a redemption is a fallacy—a mirage which can never materialise.

But when we sit at the Seder-table, on Passover, we recall the purpose of our erstwhile liberation, and our true bearings come back to us. As the Psalmist has put it—

*When Israel came forth out of Egypt,*
*The house of Jacob from a strange people,*
*Judah became His sanctuary,*
*Israel—His dominion.*

This is still our freedom's purpose. And when we hold on to it—walking in its light—we know that we can turn our hearts to our divine Redeemer in the most splendid hope, for in Him is our unfailing safety, in Him is our unending length of days.

From RABBI YEHUDAH HALEVI

In our Jewish folklore—even as in an old Midrash—we are told of a tradition, saying, that when the soul of Yehudah Halevi was created the Almighty was so enchanted with its beauty that He took hold of it and kissed it.

studded with gems of the finest architecture—there are plenty in the world. Perhaps they are even more beautiful than Jerusalem. They are certainly much wealthier than Jerusalem. Much, much wealthier. But all that is only from the material point of view.

From the spiritual point of view, however, from the point of view which makes you feel that you are most valuable as a human being, from the point of view which assures you that **someone somewhere** is interested in the quality of your life, from the point of view which fills you with faith that the Divine Creator holds you by your hand and leads you on the road to personal salvation . . . from this point of view Jerusalem is among the cities of the world even as a queen is among the handmaidens.

In other cities you feel insignificant, ground to dust, submerged by anonymous multitudes, and robbed of every notion of possessing any importance at all. You are condemned to perpetual hopelessness.

But in Jerusalem the renowned episode of **the binding of Isaac** once took place, and by it the city has for ever imprinted the stamp of divine sublimity upon the human being. Heaven and Earth were joined together when—on that occasion—Abraham led his only loved son to Mount Moriah. When our patriarch willingly went upon the sacrificial altar, man united himself with God—and the Jew was born.

This is the true beauty of Jerusalem. This is its abiding loftiness.

From WHEN WE SIT AT THE SEDER-TABLE

The self-styled progressive Jew slavishly follows the whims of his non-Jewish **master** in that he, too, regards the Commandments of the Torah as obso-

ourselves anew. But you are not interested in Jewish life any more, are you? Not even as much as the assimilationist Jew."

Those words hurt very deeply, but Sydney continued in his reflective mood. He once again recalled Mr. Dreiberg's account of an episode at the home of such an assimilationist Jewish person.

It was on a Friday evening when, together with his ladylike spouse, this elderly Jew — third generation Australian by birth — was celebrating Sabbath-eve. The traditional candles were lit on the festive table, and — Mr. Dreiberg noticed — a visiting three-year-old grandchild went up to the elderly couple and kissed them and offered them the traditional 'Good-shabbes' greeting. And then this third-generation-Australian-by-birth made the 'Hamotzi' — but as he could not pronounce the 'ch' in the word 'lechem' in the Jewish manner, he pronounced it as 'lekem' in the non-Jewish manner.

"That is how even an assimilationist Jew tries to keep his Judaism," Mr. Dreiberg added poignantly. "Let it be 'lekem' as long as it is in honour of the Sabbath. But in your case, there is not even the word 'lekem' any more. There is nothing... absolutely nothing."

Sydney started wiping the perspiration off his forehead. He felt cold all over, which was rather strange — he thought — seeing that the sun was shining so warmly outside.

From THE MOST SUBLIME WORD: REPENTANCE

Jerusalem is the most beautiful city in the world —from the spiritual point of view.

Of beautiful cities from the material point of view—filled with wide and tree-lined boulevards and

the nature of our ordinary life became almost unreal. Our true destiny was ever shelved—for to-morrow. Our Messiah will come **to-morrow**—we said. Our salvation will sprout forth **to-morrow.** Always **it** was **to-morrow.**

Now the **to-morrow** has arrived. The Jew has thrown off the chains of his unreal existence. He is back in his own home. His God-given home. The home of our prophets and our forbears and our proudest yearnings.

We can hardly believe that it is true, for—

*Who hath heard such a thing?*
*Who hath seen such things?*
*Is a land born in one day?*
*Is a nation brought forth at once?*

But it is true. And in order to give it complete fulness we must regain our **Jewish** manliness. Our **Jewish** vigour. **For the Torah is your wisdom and your understanding in the sight of the nations.** That which the nations acknowledge as the source of Jewish wisdom and understanding—in that is our complete fulness and our inward strength.

From HE WANTS TO GET ON HIS FEET AGAIN

That day Sydney was brooding over Mr. Dreiberg's remarks, although he no longer seemed to resent them.

"When a commander loses a battle against an enemy," Sydney recalled his mentor's argument, "he still would not give up the whole war as lost, would he? And it is the same with the Jews. True, we lost a battle when the Nazis killed so many of our people in Europe. It was our bloodiest battle ever. All the more keenly should we now assert

I. Rapaport

From THE CALL OF THE JEWISH CONSCIENCE

The word JEW was never meant to have merely a racial or geographical connotation. The reason why the Torah was given to Israel in an uninhabited wilderness—our Sages state—was to show that the Jewish Faith stood higher than race or territory.

The JEW is a person who enwraps himself in **Tallit and Tefillin** in token of his dedication to Heaven in all his endeavours, even as the soil is covered with corn as a sign of its usefulness to man.

Our mind and heart and hand were to be directed to godly thoughts and feelings and deeds. Our ways of living were ever to be pure and holy, even as the **Tallit and Tefillin** were ever the sacred vessels of the Torah-true Jew.

But have we been anything like the person whom I have just described?

The same mouth which will during the forthcoming Rosh-hashanah call out loudly, saying, BUT THOU, O GOD, ART A LIVING AND ETERNAL KING —that same mouth was spiritually silent during the rest of the year, or worse still—it defiled itself with forbidden food and indulged in uttering deceit and obscenity.

Surely this is not the JEW whom God has chosen to bear witness to His dominion on earth!

From WHEN A PEOPLE IS REBORN

For many centuries our people has been compelled to fight against an unending host of tyrants. Against a Pharaoh, and a Nebukadnezzar, and a Haman, and a Titus, and a Hadrian—and so on right to this very day of ours.

And in the course of our protracted struggles

## MY STRENGTH AND MY SONG

### Extracts

From THE AIM OF THIS BOOK

What do I want to achieve with my essays here? What is the purpose of **the historical surveys** and **the festival meditations** and **the biographical portraits** and **the polemical articles** which I have included in this volume?

I am a caretaker—as it were—in the sacred edifice of our Jewish people.

And when I noticed in recent years that a spiritual twilight was descending upon Jewry—so much so that even our secular leaders have begun to sound a note of pessimism about our national survival—I came up to the Menorah of Judaism and tried to kindle a little lamp in our life—a little lamp at a time when so much darkness was around us everywhere.

Thus my volume here has a purely practical purpose. However much the essays vary in their subjects they all aim at one and the same idea:

"This is our life," I say to the Jewish reader, "let us live in the fullest harmony with it."

And again and again I call upon our people to rise up and strengthen the foundations of our existence, not just with our lips—but with all our heart and soul.

will be able to gauge some idea at least of the mood which is stirring in many of us at the present time.

I shall say no more about it at this stage, except to mention that even as with my previous volume so also with this one I am anxious to have it translated into English. For the time being, however, the project is beset with very considerable difficulties.

The reason why I used the Yiddish language in the first instance is because I wanted to have a means of communication with those who now form the most vigorous mainstay of our spiritual life in many parts of the world.

I refer to our brothers and sisters who—like brands plucked from the fire—have survived the unspeakable atrocities of Nazidom during the Second World War in Europe and have since taken up residence in many of the Western countries, including Australia.

Those brothers and sisters of ours are among the finest elements of our historic Jewish people. And in-as-much as Yiddish—for so long the proud language of the highest Jewish spirit—is still their vernacular, I have used it as a personal link with them and also as a vehicle for a message to which I attach the greatest spiritual importance.

*

I should now like to conclude this brief preface by thanking all those good friends who have assisted me in the publication of this volume. Theirs has indeed been a most generous help, both morally and materially, and I feel deeply indebted to them.

I. Rapaport

Melbourne, 31 January, 1966.

## INTRODUCTION

In the collection of Yiddish essays which I published in 1964—under the title of THE FOUNTAIN OF OUR ETERNITY—I indicated that I was preparing yet another volume of essays, also written in Yiddish, and similarly dealing with matters of great Jewish concern. I expressed the fervent hope at the time that I might bring out this new book in the not too distant future.

Well, the present volume—under the title of MY STRENGTH AND MY SONG—is the book on which I was then working. And as I now write these lines I know that my heart is full of gratitude to God on high.

Firstly, because He has enabled me to bring this book to a successful conclusion in spite of the very many obstacles which I have encountered in the last eighteen months. And secondly, because He has helped me yet once again to come before our Jewish people and offer them words of urgent advice and thoughts of vitally needed guidance.

*

As for the nature of the book, the reader will have noticed on the title-page that the essays deal with **the life and continuity of the Jewish people.**

Actually I am devoting the next few pages to an English rendering of short extracts from ten of my essays, and from these extracts I hope the reader

In memory of

James and Jennie Jacobson

G.R.T.D.S.

**לזכר**

ר׳ יעקב בן ר׳ חיים

וזוג׳ מרת רבקה בת ר׳ שמואל

ע״ה

Clothe yourself with the sanctities of your Jewish LIFE—and a sanctified Jewish CONTINUITY will flow around you endlessly, endlessly.

By the same author

## The Fountain of Our Eternity

If we want to have a Holy Land — we must first put Holy Work into it.

